די ווערק פון היינריך היינע אין אכט בענד מיט א ביאגראפיע פון ע. קאלישער און א פארווארט פון דר. נ. סירקין, איר בערזעצט פון : אייזלאנד ר., ביאליק ה. נ., באראכאוויטש, גראס נ., האלפערן מ. ל., לאנדוי ז., ליליפוט, עדעלשטאט ד., פרישמאן ד., פרץ י. ל., שווייד מ., רייזען א. און ראלניק י. :: :: :: :: ::



היינריך היינע.

ערשטער באַנד:

# היינריך היינע, זיין לעבען און זיינע ווערק.

אַרויסגעגעבען פון פערלאַג „אידיש“
1918 ניו־יאָרק, תרע"ח.

# היינריך היינע, דער טראגישער אידישער דיכטער

פון

דר. נ. סירקין

# I.

א טראגישער אידישער דיכטער, אפשר דער טראגישסטער דיכטער, וואס האט ווען עס איז באשטיגען דעם הייליגען בארג פון די מוזען, איז היינריך היינע. און טראגיש איז ער אין זיין דיכטונג, זיין לעבען, זיין ליעבע, זיין ליידען, זיין פאטאס, זיין דענקען, זיין שפאט, זיין ציניזם, זיין הייליגקייט, זיין שמערץ און זיין טוידט. יא, אפשר איז ער אין זיין שפאט און ציניזם, ווען ער לאכט פון גאט, דער וועלט און זיך זעלבסט, נאך פיעל טראגישער, איידער ווען ער זיצט, ווי איוב אויף דער ערד און זיין רעאלער איך־שמערץ גיסט זיך צונויף מיט דעם מיסטישען אונענדליכען וועלט־שמערץ.

„ווילסט דעם דיכטער דו פערשטעהן,
מוזט אין דיכטער׳ס לאנד געהן...״

מען קען דעם טראגישען פענאמען היינע נאר דאן פערשטעהען, ווען מען דרינגט דורך דעם פארבארגענעם וועזען פון היינע. זיין נשמה אנטפלעקט זיך פאר אונז, ווען מיר דערגעהען דעם טיפען געהיימניספולען שרש פון זיין נשמה. ווארום דארט אין דעם שרש פון זיין נשמה, אין דעם אינוועענדיגען וועזען פון זיין איך, אין דעם אויביגען קאמפף צווישען זיין אינטימער הייליגקייט, זיין קדשי קדשים, און דער וואכעדיגקייט, פרעמדקייט און זינדיגקייט פון לעבען און וועלט, ליעגט דער שליסעל צו זיין שאפונג, זיינע ווידערשפרוכען, זיין נויט, זיין אנזאג.

אלע גרויסע אידישע דיכטער ביז היינע זענען איינהייטליכע, זיכערע, פעלזען־פעסטע נאטורען. זיכער און שטארק, ווי די נאטור, ווי דער אידישער גאט, דער אמת, די אידישע געשיכטע. שטארק דורך זייער גאט, זייער גלויבען, זייער פאלק ישראל, זייער ליעבע און זייער האס זיינען די נביאים, די זינגער פון תהלים, די פאע־

טישע בעלי משלים פון אגדתא און מדרש. אפילו די דיכטער־פילאזאפען פון אידישען מיטעלאלטער יהודה הלוי, אבן עזרא, בן גבירל, אלחריזי, ווארצלען מיט אלע זייערע נשמה־שרשים אין די אונענדליכע טיפענישען פון יודענטום. הגם זיי האבען געהאט א אינוועגדיגע בעריהרונג מיט דער ארומיגער וועלט, שפראך פילאזאפיע. זיי זענען גובר די גאנצע וועלט פון פרעמדען גייסט מיט דעם אידישען שמע ישראל, זיי ברייגגען אלע קולטורען און פילאזאפיען מיט שטאלצער פרומקייט אונטער דעם הייליגען בארג סיני. די תורה איז דער אויביגער אמת, און די פרעמדע פילאזאפיע און קולטור איז דער גלענצענדער אבער פאריבערגעהענדער שיין.

„ואל תסתכל בחכמת יונית
אשר אין לה פרי כי אם פרחים.“

די חכמת יונית, די גריכישע פילאזאפיע איז ניט קיין פרוכט נאר בלומען, וועלכע נארען אפ די חושים, דעם זינען און פארוועלקען ניט ברענגענדיג קיין נוצען. אזוי שטעלט יהודה הלוי די גאנצע שיינבארע וועלטליכע קולטור און פילאזאפיע געגען דעם אמת פון דער תורה.

היינע איז אין דעם שרש פון זיין נשמה אידיש, אויסשליסליך אידיש. אויך זיין נשמה איז געשטאנען אמאל אונטער דעם בארג סיני, ווען דער גאט פון די ראסען האט דארט אויף אויביג פארזאגט: לא תעשה לך אלהים אחרים. יענע מדבר־נשמה, וואס איהר עלעמענט איז די אידעע און ניט די פרייד, איז פארוואגעלט געווארען און מגולגל געווארען אין היינריך היינע אין יאהר 1797 ביים זונען־אויפגאנג פון נייגצעהנטען יאהר הונדערט. היינע'ס נשמה, וועלכע ווארצעלט אין מזרח, וועלכע איז א באזונדערע קאטעגאריע פון דענקען, פיהלען און וועלען; היינע'ס אידישע נשמה און די ערשטע העלפט פון דעם נייגצעהנטען יאהרהונדערט אין דער אידישער געשיכטע, — דא ליעגט דער שליסעל היינע צו פערשטעהען.

היינע'ס פאמיליען־טראדיציאנען זענען אידישע, אבער זיי זענען שוין פארשוועכט אין זייער שטארקייט און פולקייט דורך

רעם ראַציאָנאַליזם, דורך דער אויפקלערונג און די אַסימילאַציאָנס־טענדענצען פון דער צײט. די פאַמיליע איז שוין שטאַרק אַנגע־ריהרט מיט אײראָפּעאישער קולטור, װעלכע האָט פערװאַנדעלט די אידישקײט אין אַן ערינערונג. דער זײדע איז געװען אַ דאָק־טאָר, דער פאַטער איז אַ רײכער סוחר, אײראָפּעאיש־אַסימילירט. די מוטער, אַ געבאָרענע װאַן געלדערן פון האָלענדישע אידען, איז אַן אויפגעקלערטע. אָבער אַלע אידישע טראַדיציאָנען לעבען נאָך אין דער פאַמיליע אַלס פּאַטעטישע פאַמיליען־זכרונות, אַלס שטאַם־ערינערונג פון אַ אַמאָליגען רעליגיעזען ערנסט. אין דער פאַמיליען־אַטמאָספערע שװעבען נאָך זכרונות פון שטאַרקע אידישע פיגורען, אַן װעלכע די פאַמיליע דערמאָנט זיך מיט באַהאַלטענער באַװאונ־דערונג.

אַזאַ מערקװירדיגע אידישע פיגור אין דער פאַמיליע פון הײנע איז געװען סימאָן װאַן געלדערן, הײנע׳ס עלטערפעטער, װעלכער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1774. דאָס איז געװען אַ רײזענדער, אַ למדן, אַ שנאָרער, אַן אַװאַנטיוריסט, װי זײ פלעגען זיך טרע־פען צװישען אידען אין זיבצעהנטען און אַכטצעהנטען יאָהרהונ־דערט. ער האָט אַרומגערײזט די גאַנצע װעלט, איטאַליען, ענג־לאַנד, מצרים, ארץ ישראל, האָט זיך אַרומגעטריבען אין אַלע אי־דישע קהלות, האָט אומעדום פאַרפיהרט מחלוקות און האָט זיך אין קײן אָרט ניט געקענט האַלטען. ער האָט אַלײן ניט געװאוסט, װאָס ער װיל און װאָס ער זוכט אין דער װעלט, און איז געװען אַ װידערקול פון די אונרוהיגע מענשען און שטורמען, װעלכע האָבען זיך געטראָגען אין יודענטום אין זיבצעהנטען און אַכטצעהנטען יאָהרהונדערט, זײט דער צײט פון שבתי צבי. פון דיזען עלטער־פעטער רעדט הײנע אין זײנע מעמואַרען: „ער איז געװען האַלב אַ פאַנטאַסט, װעלכער האָט געמאַכט פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר קאָסמאָפּאָ־ליטישע װעלטבעגליקענדע אידעען, האַלב אַן אַװאַנטיוריסט, װעל־כער ברעכט דורך אין געפיהל פון זײן אינדיװידועלער קראַפט די גרענעצען פון אַ צופוילטער געזעלשאַפט. יעדענפאַלס איז ער גע־װען אַ מאַן.“ דאָס איז אפשר ניט דאָס ריכטיגע בילד פון שמעון פאַן געלדערן. יעדענפאַלס איז הײנע געשטאַנען שטאַרק אונטער

דער ווירקונג פון דער ערינערונג אן דיזער בן תורה, שנאָרער און אי־דישען נע ונד'ניק... מעהר ווי יעדע אנדערע פאמיליען־פיגור, מיט אויסנאהמע פון זיין שטארק געליעבטער מוטער, האָט איהם צוגע־צויגען די געשטאלט פון דעם עלטער־פעטער שמעון פאן געלדערן.

צו דער אינוועדיגער געניאַליטעט פון היינע קומען צו די מוטער, דאָס עלטערן־הויז, די פאמיליען־טראַדיציאָנען, דאָס בי־סעלע אידישע פרומקייט, וועלכע גיבען א באזונדערען לעבעדיגען אינהאלט צו זיין אידישקייט. די אידישע פרומקייט פון זיין הויז איז אבער נאָר א בלאסע ערינערונג אן די פיהרונגען פון אמאָל. די אויפקלערונג און אידישע אינדיפערענץ פון דער צייט האָט זיך גאנץ באזונדערס אויסגעדריקט אין זיין אייגענעם עלטערן־הויז. היינע אליין שרייבט אין זיינע שפעטערדיגע בריעף, אז זיין פאמיליע האָט איהם צוגערעדט זיך צו טויפען, אבער ער אליין האָט דערצו ניט געקענט זיך ענטשליסען. זיין ערציהונג בעקומט ער אין א ליצעאום, וועלכער שטעהט אונטער דער אויפזיכט און פיהרונג פון קאטאלישע גייסטליכע, און אויסערדעם לערנט איהם די אויפגעקלערטע מוטער די פערשידענסטע וועלטליכע בילדונגס־געגענשטאַנדען און קונסטען. אין זיין געבורטס־שטאָדט דיסעל־דאָרף, ווי איבערהויפט אין דער גאנצער געגענד ביים ריין, שוועבט דאמאָלס, אין דער צייט פון די נאפאָלעאָנישע מלחמות, דער פראנצויזישער גייסט. דער געניאַלער אידישער אינגעל היינע וואקסט ארויס פון א אינוועניג צוריסענער אידישער פאמיליע, וואקסט אריין אין דער דייטשער קולטור, און איז באגייסטערט פאר דאָס פרעמדע פראנקרייך, פאר דעם פראנצויזישען גייסט און פאר דעם עראבערער נאפאָלעאָן.

די דייטשע אידען פון יענער צייט זענען געווען אינוועניג צוריסען, אונזיכער אין זיך זעלבסט, האבען פארלאָרען דעם גאָט פון דער פערגאנגענהייט און ניט געפונען קיין אידעאל און לע־בענסזין פאר די צוקונפט. די אויפקלערונג און דער ראציאָנאליזם פון יענער צייט האָבען אונטערגעגראָבען די יסודות פון דער אי־דישקייט פון געטא. די עמאנציפאציאָן און דער קאמף פאר עמאנ־

ציפאציאָן האָבען ענטוועדטעט דעם נאַציאָנאַליזם און האָבען גע־
מאכט פון דער נאַציאָנאַלער טראדיציאָן א סכנה פאר דער אידי־
שער גלייכבערעכטיגונג און דער סאָציאַלער דערהויבונג. אין
קאַמף פאר עמאנציפאציאָן און אין דער שטרעבונג צו אויפקלערונג
און געזעלשאפטליכען ערפאלג האָט די אסימילאציאָן צום סוף
געפיהרט צו א באוואוסטזיניגער שמד־באוועגונג און צו דעם
סיסטעמאַטישען אנטלויפען פון אידישען פאָלק. פון דער אנדערער
זייט האָט זיך אין יענע יאָהרען אנגעהויבען א גרויסע אידען־
פיינדליכע באוועגונג, אין צוזאמענהאנג מיט דער דייטש־נאַציאָ־
נאַלער באוועגונג נאָך דער פארטרייבונג פון נאַפּאָלעאָן. „בשעת די
קאָץ איז פארשוואונדען, זענען די מייז ארויסגעקראָכען פון זייע־
רע לעכער," אזוי האָט בערנע באשריבען יענע טרויעריגע רעאַקציאָ־
נערע צייט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען נאָך נאַפּאָלעאָן אין דייטש־
לאַנד. דער געשריי העפּ! העפּ! האָט ווידער אָנגעהויבען קלינ־
גען אין דייטשלאַנד און דער פּאַטריאָטיש אויפגעהעצטער המון
האָט זיך ארויפגעוואָרפען מיט ווילדען כעס אויף די אידישע גאַס.
די אסימילאַציאָנס־באוועגונג האָט דאדורך געליטען א מאָראַלי־
שען קלאָפּ, די שמד־באוועגונג האָט זיך פארקערט געריסען פאר־
ווערטס, און די אלגעמיינע פארווירונג און אינווענדיגע צוריסענ־
קייט האָט דערגרייכט איהר דראמאטישען הויך.

דאָס איז געווען די אידישע סביבה, פון וועלכער דער אויפ־
וואקסענדער היינע האָט געדאַרפט שעפּען מאָטיווען פאר זיין
ליעד, דיזע פארצווייפעלטע און פארלאָרענע אומגעבונג האָט דער
פּאָעט געדארפט שטאַרקען אָדער ברעכען, אדער פון איהר פעררע־
טעריש און טראגיש אנטלויפען. צו טיעף און אינווענדיג אידיש
איז געווען היינע, כדי ער זאָל קענען ווענדען דעם רוקען צו זיין
אידישער וועלט און דערמיט פארלייקענען דעם שרש פון זיין
נשמה. צו מאכטלאָז איז געווען די גאַנצע וועלט און צו ווערטלאָז
קולטורעל דאָס אידישע פאָלק פאר א אידישע רענעסאַנס באוועג־
גונג. היינע איז געווען צו ווייניג ווילענס־מענש, זיין נשמה איז גע־
ווען צו פיעל צוריסען און צושפּאָלטען אין פיעל קינסטלערישע און
קולטורעלע חלקים, דאָס ער זאָל געפינען דעם בעלעבענדען דיכטער־

ווארט פאר דעם אידישען דור. זיין אונגליקליכע ליעבע מיט דער קוזינע אמאליע האט זיין הארץ פארוואונדעט און פארבלוטיגט נאך אין זיין יוגענד. און די גאנצע וועלט איז פארזונקען אין זיין ליעבעס-ליידען. און היינע איז געווארען דער טראגישער אידישער דיכטער אין דער איבערגאנגסצייט און פארווירונגס-עפאכע פון דער אידישער געשיכטע. דער שרש פון זיין נשמה, זיין אינווענדיגער וועזען האט איהם געצויגען צום פאלק ישראל, צו ציון, צום אידישען מארטירערטום, צו דעם אידישען גאט און דער אידישער רעאליטעט. די ניט-אידישע און די אידישע ווירקליכקייט האבען איהם געטריבען צו פארצווייפלונג, צו רעזיגנאציאן און אפילו צו שפאט און ציניזם. און ער איז אין משך פון זיין גאנצען לעבען געווען א כוואליע פון דעם, פון איהם אזוי אפט באזונגענעם, רוישענדען ים, וועלכער שטייגט בארג ארויף און זינקט טאל אראב און ווערט פון דעם געהיימניספולען אבגרונד ווידער געטריבען צו אויביגער אונרוהע. ביז ביים אונטערגאנג פון זיין לעבען האט זיך דער סוף געטראפען מיט דעם אנהויב, און זיין קלארער ווילענדער באוואוסטזיין האט דערקענט און פריי ווידער דערלעבט דעם שרש פון זיין נשמה. דער קרייז האט זיך געשלאסען.

## II.

„בלשצר“ איז דאס ערשטע אידישע געדיכט, וואס היינע האט געדיכטעט. אפשר איז דאס זיין ערשטעס געדיכט בכלל. ווארום היינע אליין שרייבט, דאס ער האט דיזעס געדיכט אנגעהויבען צו בעארבייטען, בשעת ער איז געווען ערשט זעכצעהן יאהר אלט. אין זיין לעצטער ענדגילטיגער פארם איז ער ארויס פון דעם דיכטער'ס פעדער געוויס אין א שפעטערען עלטער. אט דאס ערשטע געדיכט היינע'ס איז א ביבלישער מאטיוו. די פאעטישע איבערדערצעהלונג פון אלע גרויסע געשעהענישען פון פאלק ישראל אין דער הגדה, וועלכע קלינגט אויס אין דעם רעפרען: ויהי בחצי הלילה, דערוועקט היינע'ס מוזע צו זיין געדיכט בלשצר. געוויס האבען בייראנס „העברעאישע מעלאדיען“, וועלכע באהאנדלען אויך

דעם „בלשצר“ מאָטיוו, געהאַט אַ ווירקונג אויף היינע. מענשליכע גרויס און מאַכט זענען רויך און אַש, און נאָר גאָט'ס וואָרט און דעם נביא'ס אָנזאָג איז אמת, — דאָס איז דער זין פון היינע'ס בלשצר. מיט פרומען רעליגיעזען פּעסימיזם הויבט אָן דער אידישער דיכטער זיינע דיכטונגען. דעם דיכטערס „יונגע ליידען“ געפינען אַזאַ טיעפען פּאַטעטישען אַבקלאַנג אין „בלשצר“.

„בלשצר“ איז נאָר אַ שטילער אויסגוס פון היינע'ס אידישער נשמה. די טראַגעדיע „אַלמנזר“ איז שוין אַ הויכער שטאַרקער אויסגעשריי פון דעם איד אין היינע. עס איז אַבגעשלאָסען אין דעם גנהויב פון די צוואַנציגער יאַהרען, ווען דער דיכטער האָט גע־לעבט אין בערלין, האָט פאַרקערט אין הויז פון דער בארימטער רחל וואַרנהאַגען און איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די גרעסטע אידישע אינטעליגענטען פון דאַמאַליגען בערלין. ביידע גרויסע ליידען פון זיין יונגען לעבען, זיין ליעבע און זיין אידיש־קייט, גיסען זיך צונויף אין זיין „אַלמנזר“.

דער שפּאַנישער קעניג פערדינאַנד דער קאַטאָלישער און די קעניגין איזאַבעלאַ בעשליסען די אידען און די מאורען (מאַהאַ־מאַדאַנישע אַראַבער) צו פאַרטרייבען פון שפּאַניען. אונטער די מאַהאַמעדאַנער, וועלכע ווערען פאַרטריבען פון דעם קריסטליכען קעניג, מיינט היינע אייגענטליך די אידען, וואָס זענען פאַרטרי־בען געוואָרען פון שפּאַניען. דורך די פאַרבייטונג פון אידען אויף מאַהאַמעדאַנער פאַרשלייערט היינע די טענדענץ פון דער טראַ־געדיע, וואָס איז אויך געווענדעט געגען די פּרייסישע רעגירונג און די אידען־פאַרפאָלגונגען פון זיין צייט. אַלי וואַרפט זיך אונטער דעם צוואַנג פון דער שפּאַנישער מאַכט, ווערט אונטריי דעם מאַ־האַמעדאַנערטום, האַסאַן איז אַבער פעסט אין זיין גלויבען, ער איז די פאַרקערפּערונג פון דער אידישער ראַסען־פעסטקייט. צוליימאַ, אַלים טאָכטער, געהט אויך איבער צום קריסטענטום ווי איהר פאָ־טער, אַבער זי גלויבט באמת אין יעזוס און איז אויפריכטיג. אַלמנזר, וועלכער איז היינע זעלבסט, האַלט דאָס געזעץ פון ליעבע העכער, איידער אַלע רעליגיעזע געבאָטען. אַלמנזר מיט זיין פאָטער אַבדולאַה געהט אוועק אין דער הייליגער שטאָדט פון אַראַביען,

כדי דאָרט צו שטאַרבען. אבער עס ציהט אלמנזר'ן צוריק נאָך שפּאַ־ניען, ווארום ער שמאַכטעט נאָך די זיסע ליפּען פון צולייכא, ווי „דער זאמד פון מדבר נאָך דעם מאָרגען־טוי." באלד שטעהט ער אין דער פינסטערער נאַכט פאר אלים ליכטיגען שלאָס. ער וויל אנגעהמען צולייכאס נייעם גלויבען, דיענען איהר קריסטליכען גאָט, ווארום די ליעבע איז איהם הייליגער, איידער גאָט און ראסע. אָבער מאָרגען דאַרף צולייכא חתונה האָבען מיט דאָן ענריקא, און אלמנזר בעשליעסט ארויסצורייסען זיין געליעבטע פון פּאַלאַץ און מיט איהר אנטלויפען. מיט האסאַן'ס הילף געלינגט עס איהם צולייכא צו רויבען און מיט איהר צו אנטלויפען אויף די בערג. ער הערט אבער פּלוצלונג דעם קלאַנג פון כלי זין און די טריט פון די מענשען און ער ווארפט זיך צוזאמען מיט צולייכא אראָב פון די בערג אין דעם אבגרונד פון טויט, כדי ניט געשיידט צו ווערען פון זיין געליעבטער. אונגליקליכער אלמנזר! דאָס איז גאר געקור־מען זיין פאטער אלי, וועלכער איז א אונגליקליכער עדות פון דעם טראַגישען סוף פון די געליעבטע.

עס איז א מאָטיוו פון דעם אידישען מארטיראָלאָגיום, א אנ־קלאַגע געגען די קריסטליכע פארפאָלגער פון אידישען פאָלק, אן אויסרוף געגען די אידישע פאררעטער און אונטרייע, א וואונק אויף זיין צייט און אויף דער לאַגע פון אידען אין זיין צייט. און די אידישע מאָטיוועז און טענדענצען ווערען דורכגעפלאָכטען פון דעם אייגע־נעם ליעבעס־מאָטיוו און ליעבעס־ליידען פון דעם דיכטער.

יענע צייט ווען „אלמנזר" איז געשריבען געוואָרען, דער אנהויב פון די צוואַנציגער יאָהרען פון פאריגען יאהרהונדערט, איז געווען די בליהונגס־צייט פון היינע'ס אידישער שטימונג. פון יענער שטימונג איז געבוירען געוואָרען די טענדענץ־טראַגעדיע „אלמנזר", און יענע שטימונג קלינגט אָב אין זיינע בריעף צו זיינע אידישע פריינד, אין זיין גאַנצען אינטימען אידישען פארקעהר. דאָס איז די יונגע ענטפאַלטונג פון זיין אידישען געמיט, דער ערשטער אונרוהיגער אויפבליצען פון זיין אידישער נשמה.

אין יענער צייט באקענט זיך היינע מיט דער בארימטער אי־דישער פרוי רחל וואַרנהאַגען. רחל לעווין איז געווען די טאָכטער

פון א אידישען באנקיר, וואס האט שפעטער געהייראט איינעם פון די באדייטענדסטע מענער פון דער צייט, פאן ווארנהאגען, און האט זיך נאטירליך געטויפט. זי איז געוועזן דאמאלס די גלענצענדס־טע און גייסטרייכסטע פרוי, ניט נאר אין דייטשלאנד, נאר פיל־לייכט אין דער גאנצער וועלט, די אנזאגערין פון דעם נייעם טיפ פון דער באגאבטער פיין פיהלענדער עסטעטישער צוקונפטס־פרוי, וועלכע איז א ברונען פון העכערער אינספיראציאן, א קונסט־פראָ־דוקט אין איהר לעבען און עמפפינדען, אין איהר באציהונג צו דער אומגעבונג. זי איז זעהר נאהענט צו היינע דורך איהר איידעלען שטרעבען און דורך איהר טראגישען אידישען ליידען. ווי היינע ווארצעלט רחל ווארנהאגען טיעף אין יודענטום, אין דער אידישער ראסע, אין דער אידישער פאמיליע, אין דער אידישער אָריגינעלער ווירקליכקייט. דער אידישער נאציאנאל־געפיהל, באוואוסטזיניג און אונבאוואוסטזיניג, איז ביי רחל לעווין, אזוי ווי ביי היינע, דער לייטמאטיוו פון איהר גאנצער זעעלישער דראמע, וועלכע זי האט דורכגעמאכט אין איהר לעבען. ווי היינע איז זי אידיש און ראדי־קאל, זי איז אן עסטעטישע סאציאליסטין, א טיעפע און באגייס־טערטע נאכפאלגערין פון סען סימאן. רחל ווארנהאגען האט מעהר פאר אלעמען פארשטאנען דעם אידישען טראגישען דיכטער און האט צוריק אין זיין שוים אויסגעגאסען איהר גאנצען אונענדליכען אידישען ליידען. היינע שרייבט אין יאהר 1833 נאך רחל ווארנ־האגענס טוידט: „די צייט איז נאך ניט געקומען און וועט נאך ניט קומען אזוי גיך, ווען איך וועל דארפען זאגען אלץ, וואס רחל האט אין געריהרטע שטונדען זיך פאר מיר מתודה געווען פון איהר טיעפסטער נשמה.“ דאס באציהט זיך אויף איהר אידישקייט, אויף איהר אידישען צער און אידישע נויט. דורך די באריהרונג מיט דיזער מערקווירדיגער אידישער פרוי איז היינע'ס אידישע ליידען נאך מעהר פארטיעפט און פאראיידעלט געווארען.

אין יענער צייט טרעט אריין היינע אין דעם באקאנטען „פעראיין פאר דער קולטור און וויסענשאפט פון אידען,“ און ווערט דער אינטימער פריינד מיט אייניגע פון זיינע פיהרער. דער קולטור־פעראיין, וועלכער איז געגרינדעט געווארען פון דער ראַ־

דיקאַלער אידישער אינטעליגענץ אין בערלין (1819), איז געווען דער אויסדרוק פון דעם נייעם וועלטליך־נאַציאָנאַלען גייסט, וואָס האָט אויף אַן אויגענבליק זיך באַפעסטיגט אין דעם אידישען באַוואוסטזיין, אבער איז גלייך אבגעשטאָרבען. די גרינדער פון דעם פעראיין זענען געווען ניט־רעליגיעזע אידישע איטנעליגענטען, עדוארד גאנז, מאָזער, צונץ, צו זיי האָבען זיך שפּעטער אנגעשלאָסען מארקוס, בן־דוד און אנדערע. דאָס זענען געווען נאָכפאָלגער פון דער נייער דייטשער פילאָזאָפיע, תלמידים פון העגעל, פאר וועמען די אידישע רעליגיאָן האָט פארלאָרען איהר ווערט. אבער דער אידישער ראסען־באַוואוסטזיין און דער אידישער פּאַטריאָטיזם האָט ביי זיי שטארק געלעבט. די אידען־פארפאָלגונגען, וואָס האָבען זיך דעמאָלט באַוויזען, האָבען געגעבען דעם פעראיין נאָך אַ באַזונדערען אינהאַלט. די ציעלען פון זייערע באַשטרעבונגען זענען געווען פאר זיי זעלבסט ניט קלאָר, און ניט באַשטימט. זיי האָבען געוואָלט אָנשליסען די קולטורעל אבגעשטאַנענע אידען אָן דער אייראָפּעאישער קולטור, אבער זיי האָבען פון דער אנדער זייט געוואָלט אויפהאַלטען די אייראָפּעאיש געבילדעטע אידען אין יודענטום. אין דער פארשונג פון דער אידישער פארגאַנגענהייט און געגענוואַרט, פון דער אידישער געשיכטע, קולטור און לעבענספאָרמען האָבען זיי געגלויבט צו געפינען די ווערטען, וועלכע זאָלען באַרעכטיגען די אידישע עקסיסטענץ, און אינהאַלט פאר זייער אידישקייט. דער עלעמענט פון נאַציאָנאַלער צוקונפט האָט נאַטירליך געמוזט פעהלען דאַמאָלס אפילו ביי דער ראַדיקאַלסטער אידישער אינטעליגענץ, און דערפאר האָט סוף כל סוף דער קולטור־פעראיין ניט געהאַט קיין קיום און האָט זיך אויפגעלעזט, נאָכדעם ווי זיינע אָנפיהרער, מיט אויסנאַהם פון צונץ, זענען אין קורצער צייט איבערגעגאַנגען צום קריסטענטום. אבער דעם קולטור־פעראיין זענען ניט פרעמד געווען אידישע נאַציאָנאַלע אידעען, הגם נאָך אין אַ טונקלער אונבאַשטימטער געשטאַלט. כאַראַקטעריסטיש פאר דעם קולטור־פעראיין איז, דאָס עמנואל נח פון באַפאַלאָ, וועלכער האָט אין יענער צייט געוואָלט גרינדען אַ אידישע טעריטאָריע אין נייאַגאַרא פאַלס, איז געווען אַן עהרען־מיטגליד פון פעראיין, און

דער פעראיין האָט גוט געוואוסט זיינע שטרעבונגען און זיין טעטיגקייט. אין יאָהר 1822 האָט זיך היינע אַנגעשלאָסען אָן דעם דאָזיגען פעראיין, און האָט דאָרט אַנגעהויבען ענטוויקלען א פילזייטיגע טעטיגקייט.

פון יענער צייט שטאַמען זיינע בריעף צו מאזער און אנדערע, אין וועלכע זיין אידישער נאַציאָנאלער געמיט קומט אזוי מעכטיג צום אויסדרוק. פארשטעהט זיך, אז די רעפאָרם און די אסימילאציאָן, די צופאסונג פון דער אידישער רעליגיאָן און דעם אידישען לעבען צום דייטשטום האָבען אין היינע׳ס נשמה נאָר געקענט ארויסרופען דעם טיפסטען ווידערגעפיהל. ער האָט אין יודענטום געזוכט אָריגינעלען לעבענס־כח, קאַמף געגען דער וועלט, מוטיגע טרייקייט צו זיך זעלבסט. ווי מערקווירדיג נאַציאָנאל, כמעט ציוניסטיש, קלינגען היינע׳ס ווערטער, וועלכע ער שרייבט אין יאָהר 1823 צו זיין פריינד וואהלוויל, וועלכער האָט געקעמפט פאר די איינפיהרונג פון רעפארמען אין דער סינאַגאָגע: „איך ערווארט פיל פון זיין (צונצס) פרעדיגען, אבער פארשטעהט זיך קיין התרוממות הנפש און זאנפטע זעלען־פלאסטער, נאָר עפּיס פיעל בעסערעס, ד י א ו י פ ר ע ג ו נ ג פ ו ן ק ר א פ ט. עס פעהלט קראפט דעם פאָלק ישראל. איינינע מאזאליעס־חירורגען האָבען געוואָלט היילען דעם קערפער פון יודענטום פון זיינע הויטגעשווירען דורך אָדער־לאָזען. דורך זייער ניט געשיקטקייט און די שכל׳דיגע באנדאזשען מוז אבער דאָס פאָלק ישראל פארבלוטען. הלואי זאָל באלד די פארבלענדונג אויפהערען, אז דאָס הערליכע ליעגט אין דער מאכטלאָזיגקייט, אין דעם אבזאגען זיך פון יעדער קראפט, אין דער איינזייטיגער פארניינונג. מיר האָבען מעהר ניט קיין קראפט צו טראגען א בארד, צו פאסטען, צו האַסען און פון שנאה צו דולדען: דאָס איז דער מאָטיוו פון אונזער רעפארמאציאָן“... דאָס קלינגט ווי א ציוניסטישער אויסגעשריי, וועלכער ווענדעט זיך געגען די אידישע געפאלענקייט און דערשראָקענקייט פון גלות.

ער וויל שרייבען אן ארטיקעל וועגען דעם „גרויסען יודענשמערץ“ פאר דער צייטשריפט פון קולטור־פעראיין, אָבער זיין

שלעכטע געזונדהייט ערלויבט עס איהם ניט און ער דריקט זיך אויס אין א בריעף צו מאזער אין פאָלגענדע ווערטער: „עס איז זעהר ניט שען פון אונזער גאָט, דאָס ער פּלאָגט מיך יעצט מיט די דאָזיגע שמערצען. עס איז זאגאר ניט־פּאָליטיש פון איהם, ווארום ער ווייס, אז איך וויל פאר איהם יעצט אזוי פיל טאָן. אדער איז דער אלטער בארא̈ן פון סיני און דער זעלבסטהערשער פון יהודה אויך אויפגעקלערט געוואָרען און האָט אראָבגעוואָרפען זיין נאציאָנאליטעט און זאָגט זיך אב פון זיינע אָנהענגער צוליב אייניגע אונבאשטימטע קאָסמאָפּאָליטישע אידעען?“ — מען זעהט ווי פיעל שפאט און סארקאזם היינע האָט פאר די קאָסמאָפּאָליטישע אידעען פון די אידען פון זיין צייט, וועלכע אידענטיפיצירען אויפקלערונג מיט אנטלויפען פון דער אייגענער נאציאָן.

פון יענער עפּאָכע פון זיין שטארקען „יודען־שמערץ“, וועלכער איז אן אבקלאנג פון בייראָן׳ס וועלטשמערץ, שטאַמט זיין „מעמואר איבער פּוילען“. היינע האָט געמאכט א רייזע איבער פּוילען און גיט א באשרייבונג פון די פּוילישע אידען פון יענער צייט. די אונקולטור און דער פאנאטיזם פון די פּוילישע אידען מאכט ניט אויף היינע קיין אבשטויסענדע ווירקונג. פארקערט באוואונדערט ער אין די פּוילישע אידען זייער נאציאָנאלע גאנצקייט, זייער טרייקייט און אידישען מוט. ער שטעלט גאָר די אונוויסענדע פאנאטישע פּוילישע אידען אָלס ביישפּיעל פאר דער אויפגעקלערטער בערלינער אידישער געמיינדע „אין איהר שטאאטספּאפּירענער הערליכקייט.“ אויך האָט היינע א פארשטענדניש פאר די סאָציאָלעקאָנאָמישע ראָלע פון די פּוילישע אידען, ווען ער זאָגט, דאָס זיי זענען דער „דריטער שטאנד,“ דער מיטעלקלאס פון פּוילען.

היינע איז אין גאנצען דאמאָלס פארזונקען אין אידישע מאָטיווען, אין דער אידישער ווירקליכקייט און אידישע חלומות. ער שטודירט די אידישע געשיכטע, באזונדערס די גלאנץ־עפּאָכע פון אידישען גלות, די שפּאנישע צייט. דער אידישער מארטירערטום, די אידישע פארגייסטיגונג, דער אידישער געשיכטס־וואונדער, דאָס אידישע רעטעניש, ציהען אן שטארק זיין דיכטערישע נשמה, און ער הויבט אן דאמאָלס צו שרייבען זיין ראָמאן: „דער רב פון באַ־

כאראך.״ דער ראמאן איז געבליבען א פראגמענט. וואהרשיינ־ ליך איז דער גרעסטער טייל פון איהם שפעטער פארברענט געוואָ־ רען אין א שרפה אין דעם הויז פון היינע׳ס מוטער. אבער אַט דער פּאָעטישער פראגמענט איז א גרויסער לויבגעזאַנג אויף דאָס אונ־ שולדיג פערפאָלגטע, מיספערשטאַנענע, אבגעזונדערטע, פאראכ־ טעטע און געפירכטעטע אידישע פאָלק אין דער געשיכטע. עס איז דער שטארקסטער פערזוך היינעס אויסצוגיסען זיין „יודען־שמערץ״ אין דער פאָרם פון א ראָמאן. דאָס בוך איז ארויס־ געשטראמט פון היינע׳ס טיעפער ליעבע צו זיין שטאם און פון דער באוואונדערונג פאר דעם אידישען שיקזאל, ווי היינע זעלבסט זאָגט וועגען זיין פראגמענט, און דערפאר דארף עס זיין נאך היינע׳ס מיינונג אונשטערבליך.

פסח צום סדר אין דעם אידישען געטא אין דער דייטשער שטאָדט באכאראך, אין מיטעלאלטער, איז די ערשטע סצענע פון ראָמאן. די סדר נאכט איז זייט יאהרטויזענדען געוואָרען דאָס טיפזיניגסטע סימבאליש רייכסטע און היילינסטע בילד פון דעם אידישען נאַציאָנאלען און פאמיליען־לעבען. ביי קיין פאלק פון דער מענשליכער געשיכטע איז ניט אויסגעוואקסען אזא גייסטיג־ רעליגיעזע פאמיליען־צערעמאָניע, אין וועלכער דער גאנצער שיק־ זאל, די גאנצע שענקייט, דער גאנצער שרעק, די גאנצע איבער־ לעגענהייט, די אינווענדיגע מאכט, די האָפנונג, דער אידעאל פון דער ראסע האָט געפונען אזא פּאָעטישען אויסדרוק. רעליגיאָן, גע־ שיכטע, לעבען און האפנונג גיסען זיך אין דער סדר־נאכט צונויף צו איין ערהאָבענעם יום־טוב. אלע אידען שטעהען אונטער דער מאכט פון דער סדר־נאכט, וועלכע איז די פּאָעטישע אויפלעבונג פון דער אידישער געשיכטע.

מיט דער סצענע פון סדר הויבט זיך אָן דער „רב פון באכאראך״. מיט יענער נאכט, אין וועלכער דער ערשטער מאיעס־ טעטישער פּראָלאָג איז: כהא לחמא עניא, וועלכער קלינגט שוין באלד אויס אין דער מענשען־פארברידערונג, כל דכפין יתי ויאכל, און אין דער גאולה־האָפנונג, השתא עבדי לשנה הבאה בני חורין. און דער העכסטער דראמאטישער מאָמענט פון דער סדר־נאכט איז

דאס ליעד פון ויהי בחצי הלילה, וועלכעס גיט איבער אפאריסטיש אלע מיסטיש־פּאעטישע מעשיות, וועלכע האבען זיך אבגעשפּיעלט אין דער מיטענגאכט פון פסח און צויבערט ארוים פון דער וייט פון דער צוקונפט די גאולה־נאכט, דעם יום, אשר לא יום ולא לילה. אט אין דער סדר־נאכט איז געזעסען דער פרומער רב פון באכאראך מיט זיין שענער שרה און האט געפּראוועט דעם סדר. דער גייסט פון פרומען גלויבען און האפנונג האט זיך אראבגעלאזען אויף יע־נער סדר־נאכט אין דעם רב פון באכאראך׳ס הויז, און מיט אונענד־ליכען גליק האבען געשטראהלט שרה׳ס שענע אידישע אויגען. אבער פּלוצלונג קומען אריין צוויי פרעמדע געשטאלטען אין הויז, זעצען זיך ביים טיש און פארשטעלען זיך פאר אידען. און דער רב טוט א קוק אונטער׳ן טיש און באמערקט א טויט קינד, וועלכעס אט די פרעמדע געשטאלטען האבען צוגעווארפען אין הויז, כדי באלד צו מאכען אן עלילת דם. דער רב ווערט בלאס ווי דער טויט, אבער אין איין אויגענבליק געפינט ער ווידער זיין רוהיגקייט. ער געהט כלומרשט ארוים זיך וואשען צום עסען, דערווייל כאפּט ער זיין גע־ליעבטע שרה און אנטלויפט מיט איהר צום טייך, צום רהיין, וואו זיי שווימען די גאנצע נאכט מיט א שיפעל און דערגרייכען אויף מארגען די שטאדט פראנקפורט מיט איהר אידישען געטא.

אין געטא שטעהט ביים טויער יעקעל דער נאר, דער סימבאל פון אידישען פאלק אין גלות. יעקעל דער נאר, דאס אידישע גלות־פאלק: „פאלשע פריינד היטען זיינע טויערען פון דרויסען און דריי־טערט פאר יעדער סכנה, און זינגט חד גדיא, און טרויסט זיך, אז דער הקדש ברוך הוא וועט קומען און וועט אבצאהלען אלע אידישע שונאים פאר אלע אידישע צרות. בעשאפענדיג די געשטאלט פון יעקעל דעם נאר, שרייט היינע אוים ביטער וועגען דעם אידישען פאלק: פאלשע פריינד היטען זיינע טויערען פון דרויסען און דריי־נען זענען זיינע שומרים נארעשקייט און מורא.“

אין דריטען קאפּיטעל פון „רבי פון באכאראך,“ וועלכען היי־נע האט שוין געשריבען נאך זיין שמד, פיהרט היינע אריין אין דער ערצעהלונג גאנץ אונגעשיכטליך דאן יצחק אברבנל פון שפאניען. ער שילדערט איהם ווי א פּראקטישען געגנום מענש, וועלכער ליעבט

די פרויען און האלט מעהר פון דער אידישער קיך איידער פון דעם אידישען גלויבען. דאן יצחק אברבנל זאגט פון זיך, דאס בבל מיט זיין לעבענסלוסט איז איהם מעהר געפעלען, איידער די „טרוקענע פריידלאזע העברעער". פון דעם געטויפטען דאן יצחק אברבנל רעדט היינע זעלבסט, היינע דער גענוסזוכער. ווארום דאס איז היינעס טראגיק, זיין נשמה־דאפעלקייט, זיין טיפע אידישקייט און זיין קינסטלערישער ארטיסטישער לעבענסזוכענדער טעמפעראמענט, זיין הייליגקייט און זיין וויץ, זיין געוואלטיגע ערנסטקייט און זיין שפילענדע לייכטקייט, קורץ זיין אידישקייט, וועלכע איז פאר־פלאנצט געווארען אויף פרעמדע ערד. אט דעם קאמף צווישען דעם לעבענסמענש און דעם אידעען־מענש, צווישען דעם פאר־וועלטליכען איך און דעם פארגייסטיגטען איך האט היינע גע־וואלט וואהרשיינליך שילדערן אין די צוויי טיפען פון דעם רב פון באכאראך, אין דעם רב און דאן איצחק אברבנל.

דערווייל האט אין א שוואכען אויגענבליק, אין אן אויגענ־בליק פון נויט, פארצווייפלונג, הילפלאזיגקייט, גובר געווען ביי היינע דער לעבענסמענש, דער הייד איבער דעם אידעען־איד. אין יאהר 1824, אין מיטען פון אלע זיינע אידישע שטימונגען און דיכטונגען, האט זיך היינע געשמד'ט, כדי צו באקומען א רעגי־רונגס־שטעלע אין דעם דאמאליגען פרייסען. דאס איז געווען היי־נע'ס גרעסטער מאראלישער אונגליק, וועלכער איז זיין גאנץ לעבען געהאנגען ווי א שווערע משא אויף זיין נשמה. נאך אין יאהר 1823 טראגט זיך היינע ארום מיט דעם געדאנק פון שמד'ן זיך, און צו דעם שריט רעדט איהם צו זיין גאנצע פאמיליע. ער שיל־דערט מאזער'ן אין א בריעף פון 27טען סעפטעמבער 1823, זיין לאגע: „איך ווייס ניט, ווי איך זאל מיר העלפען אין מיין שלעכ־טער לאגע. מיר לעבען אין א טרויריגער צייט, לומפען ווערען די בעסטע מענשען, און די בעסטע מענשען מוזען ווערען לומפען. איך פארשטעה זעהר גוט די ווערטער פון תהלים: גאט גיב מיר מיין טעגליך ברויט, כדי איך זאל ניט לעסטערן דיין נאמען." נאך זיין שמד וואגט ער עס ניט מיטצוטיילען אפען צו זיין פריינד מאזער, נאר גיט אנצוהערען מיט פארשטעלטע ווערטער. ער האט באלד

חרטה אויף דעם שריט און איז באזונדערס פארביטערט אויף די צבוע'אצסטווע פרומע קריסטליכקייט, מיט וועלכער אן אנדער מיט־גליעד פון „קולטור־פעראיין" עדוארד גאנז איז באלד אויפגע־טראטען. ער שרייבט צו מאזערן: „קאהען פארזיכערט מיר, אז גאנז פרעדיגט דאס קריסטענטום און וויל די קינדער פון ישראל ברייני־גען צום קריסטענטום. טוט ער עס פון איבערציייגונג, איז ער א נאר, טוט ער עס פון צבוע'אצסטווע, איז ער א לומפ... ווען די גע־זעצען וואלטען ערלויבט צו גנב'ענען זילבערנע לעפעל, וואלט איך מיך ניט געטויפט." ער האט חרטה באלד אויף דעם אונגליקליכען שריט און שרייבט צו מאזער: „איך האב חרטה, וואס איך האב מיך געטויפט, עס איז מיר דורך דעם ניט בעסער געווארען, נאר פארקערט איך האב זייט דעם ניט מעהר ווי אונגליק."

ווי א שווערער בארג, ווי אן אונגליקליכער חלום, איז דורך דאס גאנצע לעבען געלעגען יענער שריט אויף היינע'ס אידישער נשמה.

## III.

נאכדעם ווי היינע האט פארלאזען דאס אידישע פאלק דורך זיין אויסערליכען שמד, ווערט אויף א וויל קאלט זיין אפענער אידישער פאטריאטיזם, וועלכער האט געברענט אין זיין יוגענדלי־כען הארץ. אבער זיין אידישע דיכטער־נשמה דריקט זיך אויס שטארק און מעכטיג אין זיין גאנצען ווייטערדיגען דיכטערישען שאפען, יע אין זיין גאנצען לעבען און עמפפינדען.

אין דער פאעזיע קלינגט היינע'ס פארבארגענע אידישע נאטע פון דעם טיפסטען שרש פון זיין נשמה, רעדט די אריענטאליש־מיסטישע ליידענשאפטליכע שפראך פון זיין אידישען אונרוהיגען בלוט. אבער אין זיין פראזא, אין זיינע רייזעבאשרייבונגען, צייט־שילדערונגען, קריטיקען, באטראכטונגען, אין זיינע פילאזאפישע ווערק, אין זיינע פאלעמישע שריפטען, אין זיינע געדאנקען, מע־מוארען, נעקראלאגען, בריעף א. אז. וו. רעדט שוין קלאר און אפען

זיין אידישער געמיט, זיין אידישער צער, צאָרן און האָפנונג. ער איז אידיש אין זיין קריטיק פון אלץ, וואָס איז רעאקציאָנער, טראַ־דיציאָנעל, קירכליך, קריסטליך, אריסטאָקראטיש, מאָנאַרכיסטיש, דייטש. ער איז אידיש דורך זיין פארניכטענדען שפאָט, דורך זיין טויטענדען וויץ, דורך די סאטירע, אין וועלכער א פרעמדער העבערער גייסט ליכט איבער א נידריגע נארישע וועלט און רייסט פון איהר אראָב די פרומע מאסקע, מיט וועלכער זי פארדעקט איהר דומהייט און געמיינהייט. און די גאנצע סאטירישע קריטיק איז דורכגעדרונגען פון אן ערהאבענעם נבואה־רוח, פון א גרויסער לע־בענס־האָפנונג, פון אן אינווענדיגער איבערציינונג אין דעם טריי־אומף פון שכל און אמת.

„אויף די בערג וויל איך ארויפגעהן
פון די בערג ארונטער הערען
זאָלט איהר מיין געלעכטער."

דאָס איז דער מאטא פון די רייזעבילדער, וועלכע היינע האָט אָנגעהויבען אין יאָהר 1824 און פארענדיגט אין 1831. היינע שטעהט אין געגענזאץ צו דער צייט, וועלכע ער פארלאכט און פארשפאָטעט, ער איז דער ערשטער רעוואָלוציאָנער אויף דייטשער ערד. יענע צייט איז געווען דער נצחון פון דער רעאקציאָן אין דייטשלאנד נאָך די נאפּאָלעאָנישע מלחמות, ווען די רוסישע, פּריי־סישע און עסטרייכישע רעגירונגען האָבען זיך פאראייניגט אין דער „היילינגע אליאַנץ", כדי צו באקעמפּפען דעם נייעם פרייהייטס־גייסט. פאראלעל מיט דער פּאָליטישער רעאקציאָן פון דער רעגי־רונג איז אָנגעגאנגען די גייסטיגע רעאקציאָן פון דער געזעלשאפט. די ערלעזונג פון דער נויט פון דער צייט האָט מען אין דייטשלאנד געזוכט דאמאָלס אין ראָמאַנטיזם, אין דער אויפלעבונג פון דעם דייטשען מיטעלאלטער און די אידעען און שטימונגען פון מיטעל־אלטער. דער איד היינע שטעלט זיך אין קאמף־פּאָזיציאָן צו דעם גאנצען דור, וועמענס קולטור־אינהאלט איז די אויטאָריטעט און די פארגאנגענהייט. און היינע מאכט חוזק פון דער אויטאָריטעט, לאכט מיט בייסענדער סאטירע פון דער ראָמאַנטיש־דייטשער

רעאקציאָן, און פיהרט דעם פארניכטונגס־קאמף געגען די ווארט־פיהרער פון דער רעאקציאָן. אָט דער קאמף געגען די ריטער פון דער רעאקציאָן איז ביי היינע אייגענטליך א קאמף פון דעם אי־דישען רעוואָלוציאָנערען דיכטער־פילאָזאף געגען די דייטש־קריסט־ליכע אומגעבונג.

פון דעם שרש פון זיין נשמה פליעסט דערפאר ביי היינע זיין באגייסטערונג פאר נאפּאָלעאָן. נאפּאָלעאָן דער העלד, נאפּאָ־לעאָן דער זוהן פון דער רעוואָלוציאָן, נאפּאָלאָן דער בענייער פון אייראָפּא, נאפּאָלעאָן דער צושטערער פון דער אלטער אויטאָריטעט און אָרדנונג, נאפּאָלאָן דער סימבאל פון דער אויפקומענדער דע־מאָקראַטיע האָט געמוזט באגייסטערן היינע. און נאפּאָלעאָן׳ס טראַ־גישער שיקזאל איז א דיכטערישער מאָטיוו און אן אויסגאנגספּונקט פאר קריטיק פון דער צייט. נאפּאָלאָן איז אין היינע׳ס לעבען א טיפע ערלעבונג, א סימבאל אין זיין קריטיק פון דער צייט. שוין אין די רייזעבילדער און באזונדערס אין „בוך לע גראן“ קעהרט זיך אום פאראיינס היינע צו נאפּאָלעאָן׳ס וואונדערבארער גע־שטאלט, צו דער רעוואָלוציאָנערער פיגור פון דעם טרוימער פון דער וועלטהערשאפט. אין די „צוויי גרענאדירען“ האָט שפּעטער היינע פארהערליכט די געשטאלט נאפּאָלעאָנס, און צוויי אונ־שטערבליכע מוזיקער, שומאן און וואגנער האָבען איבערזעצט דאָס ליעד אין דער שפּראך פון טענער.

אָבער היינע׳ס אידישער לעבענס־געפיהל דריקט זיך אויס אין די „רייזעבילדער“ ניט נאָר דורך זיין קריטישער סאטירע אויף די דייטשע אומגעבונג און דורך דעם ענטוזיאזם פאר נאפּאָלעאָן. אין איין ארט פון די רייזעבילדער רייסט זיך ארוים ביי איהם אזוי ווי א ווידוי פון זיין טיעפער אידישער צוגעבונדענקייט, פון זיין נאַ־ציאָנאלגעפיהל און נאציאָנאל־ערינערונג. ער זאָגט די פאָלגענדע באמערקענסווערטע ווערטער: „נאציאָנאלערינערונגען ליגען טיע־פער אין דער מענשליכער ברוסט, איידער מען גלויבט געוועהנליך. זאָל מען נאָר פרובען אויסגראבען די אלטע קברים, און עס בליהט ווידער אויף די אלטע ליעבע מיט איהרע בלומען.“ היינע רעדט וועגען דעם גרויסען שמערץ פאר דעם פארלוסט פון די נאציאָנאלע

באזונדערקייטען, וועלכע געהען יעצט פארלארען אין דער אלגע־מיינער קולטור, א שמערץ, וועלכער צוקט יעצט אין די הערצער פון אלע פעלקער. דאס איז אויך געווען דער טיפער פארבארגענער שמערץ פון היינע׳ן גופא, וועמענס וואונד פאר זיין ארויסטריט פון אידישען פאלק האט נאך דאמאלס פריש געטריפט.

היינע שטעהט אפילו אויסערהאלב פון דער אידישער געמיינדע און ווערט פאראורטיילט פון זיינע אידישע ברידער פאר זיין ראדי־קאליזם אזוי ווי פאר זיין ארויסטריט פון יודענטום. אבער אין דער קריסטליכער וועלט איז דער ראדיקאלער היינע, וועלכער קעמפט געגען גאט, דייטשטום און קעניגטום, אן ארגאנישער איד. אין יע־נער צייט הויבט זיך אן היינע׳ס גלענצענדע פאלעמיק געגען זיי־נע דייטש־קריסטליכע געגנער, געגען דעם פראפעסאר פון דער יוריספרודענץ מאסמאן אין מינכען, געגען דעם אריסטאקראטישען דיכטער גראף פלאטען, געגען דעם טעאלאג דעלינגער. זיינע רייזע־בילדער: „פון מינכען ביז גענוא" (1828) און די „בעדער פון לו־קא" זענען פול מיט פאלעמישע אנגריפען, מיט פארניכטענדער סאטירע געגען די ליטעראַרישע פיהרער פון דער רעאקציאן פון זיין צייט. ער מאכט לעבערליך מאסמאן און שטעלט איהם פאר דער גאנצער וועלט אלס א קאריקאטור. ער רייסט אראב די פארבאר־גענע מאסקע פון דעם קריסטליך־אריסטאקראטישען פאעט גראף פלאטען און דעקט אין איהם אויף דעם זינגער פון קנאבען־ליעבע. ער פיהרט די פארניכטענדע פאלעמיק געגען די גלחים און טעא־לאגען. די מאטיוווען פון דער פאלעמיק איז דער צוזאמענשטויס צווישען דעם רעוואלוציאנערען איד, וועלכער דערהויבט זיך איבער אלע טראדיציאנעלע ווערטען און רעדט די הויכע שטימע פון פריי־הייט און דעמאקראטיע, און דער רעאקציאנערער קריסטליך־אריסטאקראטישער וועלט, וועלכע פיהלט זיך פארלעצט פון אט דער אפענער חוצפה׳דיג רעוואלוציאנערער אידישער שפראך. גאנץ ריכטיג האט דער טעאלאג דעלינגער, וועלכער איז ניט דוקא געוועזן א אפענער אידען־פיינד, אויסגעגאסען זיין כעס אויף היינע׳ן פאר זיינע באמערקונגען אין די „רייזעבילדער" וועגען א מאדאנען־בילד. „בשעת אנדערע פון זיינע שטאם־גענאסען" — אזוי וויל דע־

ליגגער פארוואונדען היינע'ן אין זיין עמפפינדליכסטען אָרט, — „זוכען צו באהאלטען זייער אידישע אבשטאמונג, לאָזט זיך אונ־זער פּאָליטיקער גאנץ אָפען דערקענען אלס איד, און קלייבט זיך אויס דערצו דאָס בעסטע מיטעל: ער לעסטערט אלץ, וואָס איז טייער פאר א קריסט." דער פארבאָרגענער מאָטיוו פון דעם קאמף איז דאָך געווען נאָר דאָס אָפענע אריינרייסען פון היינע'ס אידי־שען גייסט אין דער דייטשער קולטור.

היינע'ס פּאָלעמיק מיט דער קריסטליכער רעאקציאָן און באַ־זונדערס היינעס אנגריף אויף פלאטען איז אבער ניט נאָר געווען א דרייסטער ארויסטריט געגען דער קריסטליכער וועלט, זי האָט אויך אויפגערעגט די אידען פון יענער צייט. די דייטשע אידען האָבען זיך קיינמאָל ניט באפריינדעט מיט דעם גרויסען קעמפענדען פּאָעט, וועלכער איז געשטאַנען אזוי הימעל־הויך איבער זיי, אין זיין שפּאָט ווי אין זיין ענטוזיאזם. מיט זיינע בעסטע אידישע פריינד, מיט פייט און מאזעס מאזער איז זיך היינע פּאַנאַנדערגעגאַנגען צוליעב דער דאָזיגער פּאָלעמיק. נאָר זיין קריסטליכער פריינד ווארנהאגען האָט בעסער בעאורטיילט יענע רייזעבילדער פון טויטענדער סאַ־טירע און בעלעבענדען הומאר.

ווי יעדער ארגאנישער איד טראָגט היינע זיין גאנצען לעבען אין זיך די אידעען און בילדער פון דער אידישער גרויסקייט און וואונדערבארקייט און די בילדער און געשטאַלטען פון דער אידי־שער געפאַלענקייט, פון דער אסימילאציאָן, פון גלות, פון געטא. דיזע געשטאַלטען איבערפילען אזוי שטארק זיין נשמה, דאָס ער זוכט פאר זיי אין יענער צייט פון זיין אויסערליכען אידישען אינדיפערענטיזם א קינסטלערישען אויסדרוק. אין דיזעלביגע „בע־דער פון לוקא", אין וועלכע היינע פארניכטעט מיט בייזער סאטי־רע דעם גראף פלאטען, פיהרט ער ארוים די צוויי טיפּען פון דייט־טשען יודענטום פון יענער צייט: דעם מארקיז גומפּעלינא און הירש היאצינט. דער מארקיז גומפעלינא, דער אמאָליגער גומפעל, איז א געוועזענער איד, וועלכער איז דורך טעמפעל־רעפארם, אויפ־קלערונג, אסימילאציאָן פארטגעשריטען צום קאטאָליציזם. ער שפּיעלט דעם פרומען גאָטפארכטיגען קאטאליק און זאָגט ארונטער

אונטער׳ן נאָז די קאטוילישע תפלות, ווי אמאָל דעם אידישען דאוונען. דאָס איז דער טיפ פון דעם דאמאָליגען אידישען געטויפ־טען מיליאָנער, וועלכער גיט זיך דעם אנשיין פון בילדונג און קריסטליכקייט. הירש היאצינט, גומפעלינאס פאקטאר, איז דער האמבורגער קאָלעקטאר פון לאטעריצעטלען, וועלכער שטעהט נאָך אין טעמפעל־יודענטום. ער איז דער צוקינפטיגער גומפעלינאָ, ווי גומפעלינאָ איז דער געוועזענער הירש היאצינט. מיט הירש היא־צינט לאכט היינע איבער די געטויפטע אידען, וועלכע געהען אי־בער צום קריסטענטום ניט פון איבערציינונג, נאָר כדי נאָכצומאכען די שטארקע, די מעכטיגע. וואָס זעהט מען ניט, ווי הירש היאצינט דערצעהלט, אין האמבורג ביי דעם אלטאנאער טויער: „לייבען, פויגלעך, פ א פ א ג ו י ם, אפען, אויסגעצייכענטע מענשען.“ די גע׳שמד׳טע אידען רופט אן היינע מיט א זעלטענעם ווארט־וויץ פאפאגוים, אנשטאָט פאפאגאיען.

הירש היאצינט איז דאָס דער אונשטערבליכער איד, וועלכער זאָגט צום ערשטען מאָל דאָס בערימט געווארענע ווארט, אז דאָס יודענטום איז ניט קיין רעליגיאָן נאָר אן אונגליק, א רעליגיאָן, וועלכע ברייגנט נאָר שפאט און שאנד. פון הירש היאצינטס קרע־מערשער אבשאצונג פון יודענטום קלינגט היינעס טראגיש־אידישע איבערלעבונג, קלינגט דער אידישער איכה־קול אין דער וועלט־גע־שיכטע. און בשעת היינע מאלט פאר אונז דעם סקעפטישען אלט־מאָדיש־ניימאָדישען טעמפעל־איד הירש היאצינט, וועמעס וויי־טערדיגע ענטוויקלונג איז דער געטויפטער גומפעלינא, שילדערט ער אויך דעם מקור פון הירש היאצינט, דעם פעדלער מאזעם לימפכען. עס וואקסט אויס א שבת־בילד פון דעם אלטמאָדישען גאָטפארכ־טיגען געטא־איד, וועלכער האָט פאר דער וועלט קיין מורא ניט און באקומט גלויבען, שבת־גלויבען אין זיין גאָט און אין זיין ראסע. פון מאזעם לימפכען אין זיין שבת־קלייד און שבת־ליכט ציהען אלע אידען זייער נאציאָנאלע יניקה. אָט דאָס שבת־בילד פון מאזעם לימפכען, ווי הירש היאצינט מאלט עס מיט איינינע פארבען־שטרי־כען, באגייסטערט היינע פאר זיין שפעטערדיגען טיפען וואָרט, דאָס דער איד איז די גאנצע וואָך א הונד, און שבת ווערט ער א מענש.

אין דער „שטאדט לוקא“ שפאט היינע ניט מעהר פון די איינ־צעלנע געטויפטע אידען, נאר פון אלעמען, פון דעם גאנצען דא־מאליגען אידישען דור, וועלכער איז געשטאנען אויף דיזער זייט און אויף יענער זייט שוועל פון קריסטענטום. „אזוי ווי אידען לאזען פון זיך אלץ מאכען פאר געלד און גוטע ווערטער“, זענען זיי יעצט איינענטליך די פייערדיגע אנהענגער פון קריסטענטום. מען הויבט שוין אן שימפפען אויף אידען, דאס זיי האבען אריינגע־כאפט דאס קריסטענטום אין זייערע הענד. אזוי פארניכטעט היינע מאראליש דורך זיין שפאט און סאטירע דאס געטויפטע יודענ־טום פון זיין צייט, וואס ער זעלבסט איז איהר קרבן, אבער נאך מעהר איהר שטראפער.

## IV.

נאך אין זיין אינגסטער יוגענד אין 1824 האט דער אידי־שער דיכטער היינע געביינקט דערצו, דאס ער זאל קענען נידער־קניען פאר ווענוס דער געטין פון שענהייט און ליעבעסגענוס און בעטען פאר איהר. ער האט געוואלט זיך באפרייען פון אידישען און קריסטליכען ספיריטואליזם, פון דער רעליגיעזער פאראכטונג פון פלייש און מאטעריע, פון דעם אסקעטיזם פון לעבען. ער האט געזוכט דעם גאט פון פרייד, פון שענקייט, פון אונענדליכער לוסט, פון דער פארהימלישטער ערד. פיעל שפעטער אין יאהר 1848 האט היינע, א קראנקער און פיזיש צובראכענער, שפאציערט אין פא־ריז און איז אריינגעגאנגען אין דעם מוזעאום פון לובר. דארט איז ער אנידערגעפאלען פאר דער ווענוס פון מילאס און איז געבלי־בען אהנמעכטיג ליעגען. דיזע ביינקשאפט צו ווענוס און דער טרויריגער צופאל אין די טעג פון זיין קראנקהייט פאר ווענוס סטאטוע איז א אויסערליכער אויסדרוק פון דעם אינוועדיגען קאמף אין זיין נשמה, פון דעם איד פון בארג סיני און דער פריי־דיגער היידנישער גוישער גריכישער וועלט, וועלכע רופט איהם און ווינקט צו איהם מיט איהרע אונענדליכע רייצען.

אין מיטען פון זיינע רייזען, זיין שפאט, זיין גענוס, זיין וועלט־

ליכקייט, זיין אינדיפערענטיזם, זיין זיך־זעלבסט־פערגעסען ער־וועקט זיך ביי איהם דער ליידענשאפטליכער איד, ווען עס קלינגט פלוצלונג אין אייראָפּא די גלאָק פון דער יולי־רעוואָלוציאָן. דער יולי חודש פון 1830, בשעת עס האָט א קרעה געטאָן דער גאַלישער האָהן, און דער רעוואָלוציאָנערער פייער האָט אָנגעהויבען פלאַ־קערן אין אייראָפּא, האָט געטראָפען דעם שפּאַטענדען אין זיין איך־וועלט פארזונקענעם היינע אויף דער אינזעל פון העלגאָלאַנד. אין העלגאָלאַנד ביים ים האָט היינע געפיהרט דאמאָלס זיין איי־גענעם פּאַטען־לעבען, קינסטלעריש בעשויענד די איהם אזוי נאָהענטע אייביגע ים־נאַטור. און היינע רופט אויס אין זיינע בריעף פון העלגאָלאַנד: „מיין ביינקשאפט צו רוהע איז פארשוואונדען, איך ווייס יעצט ווידער, וואָס איך וויל, וואָס איך מוז... איך בין דער זוהן פון דער רעוואָלוציאָן, און איך נעהם זיך ווידער פאר די וואפען, איבער וועלכע מיין מוטער האָט אויסגעשפּראָכען דעם צויבער־זעגען... בלומען, בלומען!... איך וויל מיין קאָפּ באקראַנצען צום טוידט־קאמף... איך בין אין גאנצען פרייד און געזאַנג, שווערד און פלאַם!“ עס רעדט א אָריענטאַלישע ליידענשאפט אין גייסט און שפּראַך פון דיזעם גרוס צו דער רעוואָלוציאָן פון דעם רעוואָלו־ציאָנערען זינגער.

די יולי־רעוואָלוציאָן האָט די וועלט נים געענדערט, זי האָט זי נאָר געמאַכט אויפצימערן א אויגענבליק. היינע'ס זוניגער ענטו־זיאַזם לייזט זיך אויף באַלד אין די קאַלטע ווינטען און דער גרוי־ער אַטמאָספערע פון דער קומענדער רעאַקציאָן. און ווידער איז ער דער עסטעטישער קינסטלער, דער סאַטיריקער, דער שפּאָטער, דער העלעניזירענדער איד, אין וועלכען עס ראַנגלען זיך אָהן אַן אויפ־הער די צוויי ענטגעגענגעזעצטע לעבענסבאַגעהרונגען. פון יענער צייט, פון יאָהר 1833, שטאַמט זיין אויסגעלאַסענסטע, זיין שפּאַט־לוסטיגסטע שריפט: „די מעמוארען דעם הערן פאָן שנאַבעלע־וואָפּסקי.“ עס איז א שפּאַטענד־הומאַריסטישע שריפט פון דעם לעבען פון לוסטיגע סטודענטען אין האָלאַנד, אין וועלכע עס זע־גען אויך אריינגעפלאָכטען באַטראַכטונגען מכח די וויכטיגסטע

פּראבלעמען פון גייסט. און אויך אין דיזער שפּאַט־שריפט טרעט אויף דער איד סימסאן, האלב א קאריקאטור, האלב א טראגישע פיגור. ער איז אין דער דיסקוסיאָן וועגען גאָט דער שטרייטער פאר דעם איין איינציגען אויסערוועלטליכען גאָט, פאר'ן דעאיזם. ער פאלט אין א נארישען דועל פאר א נארישע זאך, דיזער קליינער איד סימסאן. ער איז נאָר א וויץ, דיזער קעמפּער פאר יהוה, די־זער אידישער סימסאן, וועלכער ווערט דערהויבען צו א געוואל־טיגען ערנסט דורך די אנאלאגי מיט דעם ביבלישען שמשון הגבור, וועלכער פאלט אויך אין קאמף געגען די אונגלויביגע פּלשתים פאר זיין יהוה־ישראל־פּאָלק. בשעת אבער דער גרויסער שמשון איז גע־שטאָרבען העלדיש, זיעגרייך, מיט דעם טריאומף־געשריי: תמות נפשי עם פּלשתים, איז דער קליינער סימסאן געפאלען לעכערליך, אונגליקליך, מאכטלאָז.

אויך אין „די מעמוארען פון שנאָבעלעוואפּסקי" קלינגט אב פּלוצלונג היינעס אידישער שיקזאל, דער אייביגער איד פון היינע. ער ברייננגט אריין אין דיזע שריפט די לעגענדע פון פליגענדען האָלענדער, וועלכער וואנדערט ארום אויפ'ן ים זייט יאהרטויזענ־דען, און קען ניט אונטערגעהען און קען ניט געפינען קיין רוה. דיזע לעגענדע האָט באַצויבערט דראמאטיש היינעס אידיש־פּאָעטי־שע נשמה, ווייל דאָ איז א לעגענדע, וועלכע איז אזוי שיקזאל־עהנ־ליך צו דער אידישער געשיכטע. היינע רופט אן דעם פליגענדען האָלענדער דער „אוויגער איד פון ים." ריכארד וואגנער האָט שפּעטער פארוועדטעט דיזע היינע'שע שילדערונג פון דער לעגענ־דע פאר זיין אָפּערא: „דער פליגענדער האָלענדער."

אין יענער ערשטער העלפט פון די דרייסיגער יאָהרען שרייבט היינע זיינע צוויי באדייטענדע ליטעראטור־פילאָזאָפישע שריפטען: „די ראָמאנטישע שולע" און „די געשיכטע פון רעליגיאָן און פי־לאָזאָפי אין דייטשלאנד." דער קריטיש־שאפענדער אידישער גייסט זיצט צו געריכט, משפּט די וועלטקולטור און די פילאזאפיע מיט זיין אייגענארטיגער פארשטעלונג פון שכל און אמת. דער אידישער דיכטער־פילאָזאָף זוכט דאָ דורכצואורבייטען זיך צו א אייגענער וועלטאנשויאונג, צו אן אייגענער קריטישער איבער־

וועלטיגונג פון דער פארגאנגענער און באשטעהענדער רעליגיאן און פילאזאפיע, און אריינברייגנען זיין לעבענסגעפיהל אין די מע־טאדישע ראמען פון א פילאזאפיש־רעליגיעזער באגרינדונג. ער אי־בערוועלטיגט קריטיש דאס קריסטענטום, דעם ספיריטואליזם, דעם דעאיזם, דעם אסקעטיזם, גאט. דער ראמאנטיזם איז קריסטליך־מיטעלאלטערליך, ער איז א שטערונג פון לעבען, א מניעה פאר דעם פרייען גייסט. דאס איז א צוריקפאל פון דער זיך באפרייענדער צייט אין א פריהערדיגע אייגענטליך שוין קריטיש איבערוועלטיגטע צייט. ווארום לוטער מיט זיין רעפארמאציאנס־קאמף האט שוין אויפגעאקערט דעם באדען פאר די געטערפרייע לעבענספרייליכע וועלטאנשויאונג. ספינאזא האט שפעטער באפרייט דעם גייסט דורך זיין פאנטעאיסטישע וועלטאנשויאונג. גאט לעבט ניט אוי־סערהאלב פון דער וועלט, נאר אין דער וועלט, ער איז די וועלט. ניט א לייקענער פון גאט איז ספינאזא, נאר פארקערט, ער האט ערהאבענער, איידער ווער עס איז, גערעדט וועגען גאט. ביי איהם איז גאט אלעס, גייסט און מאטעריע, וועלט און מענש. די אידישע נביאים, די אלטטעסטאמענטליכע נביאים און דער נייטעסטא־מענטליכער יעזוס קריסטוס, האבען אין דעם הייליגען ספינאזא זייער פארטזעצער.

נאך ספינאזא איז אייגענטליך די גאנצע פילאזאפיע, אין דייטשלאנד ווי אין פראנקרייך, פאנטעאיסטיש. גאט איז אראב־געזעצט געווארען פון טראן, אין דייטשלאנד דורך קאנט, אין פראנקרייך דורך ראבעספיער. וואס ראבעספיער האט געשאפען פאליטיש דורך דער רעוואלוציאן אין שטאאט, האט קאנט געשאפען פילאזאפיש דורך דער רעוואלוציאן אין קעניגרייך פון געדאנקען נאכדעם ווי קאנט האט באוויזען, דאס די דריי באקאנטע ראיות פון דער געשיכטע פון דער פילאזאפיע פאר די עקזיסטענץ פון גאט, האלטען ניט אויס דעם פרובירשטיין פון קריטיק, איז דער דע־איזם פארשוואונדען. אלע אמת'ע פאעטען און פילאזאפען, געטע, לעסינג, העגעל, שלייערמאכער, זענען פאנטעאיסטען אין א גרע־סערער אדער קלענערער מדרגה.

היינע איז געווען אן אויסגעשפראכענער סאציאליסטישער

מענש, מיט א שטארקער רעוואָלוציאָנערער לײדענשאַפט, פול מיט האס געגען די רעאַקציאָן, געגען די פאַראורטײלען פון דער פאַר־גאַנגענהײט, די גײסטיגע קײטען, װעלכע שלעפּען זיך נאָך דער מענשהײט פון אמאָליגע דורות. נאָהענט און קרובת׳דיג צו זײן רעוואָלוציאָנערער נשמה איז דערפאַר געװען אזא פילאזאָפיע, װעל־כע האָט געװירקט באַפרײענד אויף דאָס לעבען, אויף דעם אײנ־צעלנעם און די געזעלשאַפט. אזא באַפרײענדע מאַכט ליגט אָבער אין פאַנטעאיזם. דער פאַנטעאיזם, װעלכער דרינגט דורך מיט דער געטליכקײט די גאַנצע װעלט, קערפּער און גײסט, פלײש און נשמה, דערהויבט די גאַנצע װעלט, דאָס גאַנצע לעבען אין אַלע זײנע פאָרמען און אויסערונגען צו דער מדרגה פון געטליכקײט און הײ־ליגקײט. דאָס גאַנצע לעבען, גענוס און ענטהאַלטזאַמקײט, פרײד און נזירות, לוסט און אסקעטיזם איז גלײך געטליך און גלײך הײליג. ניטאָ קײן אַנדער באַרעכטיגונג פאַר דאָס לעבען װי דאָס לעבען גופא. דער פאַנטעאיזם איז נאָך זײן טבע א פילאָזאָפיע פון לעבענסגענוס און לעבענספרײד און דערמיט אויך די פילאָזאָ־פיע פון סאָציאַלער רעוואָלוציאָן.

די סטרונעס פון הײנע׳ס סאָציאַליסטישער נשמה זענען גע־װען געשטימט אויף דעם פאַנטעאיזם. זײן פאַנטעאיזם איז דאָ צונויפגעפאַלען מיט דער סען סימאָניסטישער סאָציאַליסטישער שולע, אָן װעלכער הײנע האָט זיך דאַמאָלס אָנגעשלאָסען, נאָכדעם װי ער האָט דערפיהלט די מאָראַלישע אינהאַלטסלאָזיגקײט פון זײן הײדענטום און העלעניזם.

דער פאַנטעאיזם אזוי װי דער סען סימאָניזם האָבען אין זײ־ער לעצטען שרש א אידיש־ביבלישען מקור. עס איז דער פילאָזאָ־פיש אויסגעלויטערטער און סאָציאַל און מאָראַליש דורכגעפיהר־טער אידישער מאָנאָטעאיזם. די שעפּפער פון פאַנטעאיזם און דער אידעע פון דער סאָציאַלער האַרמאָניזירונג פון דער געזעלשאַפט זענען דערפאַר אַרויסגעקומען פון דעמזעלביגען פאָלק, װעלכעס האָט געבראַכט דער װעלט אויך פאַרצײטען מאָנאָטעאיזם און די סאָ־ציאַליסטישע נבואה. אויך אין הײנעס צײטען זענען אידען גע־שטאַנען אין די ערשטע רײהען פון דער רעוואָלוציאָן, פון די קעמפּ־

פען גענגען דער אלטער װעלט פאר א נײע סאָציאַלע אָרדנונג, אין די פילאָזאָפישע גאָטזוכענדע קרײזען. אין פראַנקרײך זענען אידען גע־װען די הױפּטפיהרער אין דער סען־סימאָניסטישער באװעגונג, װי פערעירא, ראָדריגא און אנדערע. הײנע שרײבט װעגען רחל װאַרנ־האגען, דאָס זי איז געװען די טיפזיניגסטע סען־סימאָניסטין. אין דײטשלאַנד האָבען דאַמאָלס אנגעהױבען פּרעדיגען דעם סאָציאַליזם אפריהער מאָזעס העס, װעלכער האָט זיך אָנגערופען א „תלמיד ספּינאָזאס“, און שפּעטער קאַרל מאַרקס און לאַסאַל. מיט דעם גאַנצען אידישען קרײז פון סאָציאַליסטען, פון גאָטזוכער און גאָט־שטורמער איז געשטאַנען הײנע אין אינטימע באַציהונגען. ער איז צװישען זײ געװען דער נאַציאָנאַלסטער איד, װעלכער האָט גע־גלױבט אין דעם נצח ישראל, אין די אונשטערבליכקײט פון דער ביבעל, דיזען העכסטען אױסדרוק פון דעם אידישען געניוס. געװיס האָט ער אױף יענעם פּאַריזער קרײז פון אידישע דענקער און סאָ־ציאַליסטען געװירקט ניט װײניגער, װי אױף דעם קרײז פון דעם בערלינער „קולטור־פעראײן“ אין זײנע גאַנץ יונגע יאָהרען. װי אין די צװאַנציגער יאָהרען אין בערלין, אין דעם נאָך גאַר אונרײפען קרײז פון קולטור־פעראײן, אזױ אױך אין די דרײסיגער און פער־ציגער יאָהרען אין פּאַריז, אין די צײטען פון זײן גײסטיגען גלאַנץ, גיסט זיך בײ הײנע צונױף יודענטום, פילאָזאָפי, רעליגיאָן, פרײ־הײט, סאָציאַליזם אין אײן פּאַרװאַנדטע שטימונג, אין אײן סינ־טעטישע אידעע. אין דער צײט פון זײן סען־סימאָניסטישען ענטו־זיאַזם, זײן פּאַנטעאיסטישער װעלטאױפפאַסונג, אין װעלכער עס קלינגען אידישע ראַסען־זכרונות, און װעלכע װערען איבערװעלטיגט פון דעם באַװאוסטזיניגען יודענטום־װילען, איז הײנע דער פּאָע־טיש־פילאָזאָפישער אנזאָגער פון דעם אידישען רענעסאַנס.

## V.

װעלט, געשיכטע און לעבען שפּיגלען זיך אָב אין הײנע׳ס אי־דישער נשמה אין א אײגענאַרטיגען אופן, בעקומען פון איהם זײער אידיש־נאַציאָנאַלע פאַרב, און שטראַהלען װידער אַרױס פון זײן

נשמה ווי אידישע ווילענס־כחות, ווי געשטאלטענדע קרעפטען. אין דעם רויש פון העלעניזם, סענסואליזם, לעבענסלוסט, אין זיין קריטיק פון דער אידישער ערנסטקייט און קריסטליכען אסקעטיזם רעדט שטענדיג נאך אן אנדערע אינוועענדיגע שטימע, וועלכע איז דער גלגול פון דעם איבערמעכטיגען אמאל און איז די שטימע פון בלוט, ראסע, נאציאנאלער אויסערוועהלטקייט.

אויך אין זיין גאנצען אויסערען לעבען איז דער גרעסטער דייטשער פאעט נאך געטע'ן א איד, אפשר אויסשליסליך איד, פון וועלכען אלעם ניט־אידישע ווערט אבגעשטויסען ווי מיט נאטור־נויטווענדיגקייט. היינע קען ניט אנהאלטען קיין פריינדשאפט, ניט קיין ליטערארישע און ניט קיין פערזענליכע, מיט קריסטען. ווארנהאגען, דער מאן פון דער געניאלער אידישער פרוי רחל, איז דאכט זיך זיין איינציגער טריי געבליבענער פריינד אין לעבען פון קריסטליכער זייט, אבוואהל אויך ער איז אפטמאל גאנץ קאלט צו דעם אידישען פרעמדען געניוס. אזוי שטעהט אבער היינע אין קאמף אין געגענזאץ מיט אלע קריסטליכע גייסטיגע פיהרער פון זיין צייט. היינע'ס שטעלונג צו געטע, זיין אינוועענדיגער געגענזאץ צו איהם, זיין אונטערשיידונג צווישען זיך און געטע, דאס געטע קען ניט פארזינקען אין א אידעע, ווי ער היינע, איז חאראקטעריסטיש פאר די בעציהונגען צווישען היינע און דער קריסטליכער וועלט. זיין ראדיקאליזם, זיין קאמף געגען דער ראמאנטישער שולע, זיין שפאט איבער דייטשטום, קריסטענטום און קעניגטום, זיין אייגענארטיגער אידישער טאן און גייסט האט איהם געבראכט די פרעמדקייט, די שנאה און דעם קאמף פון דער גאנצער ניט־אידישער וועלט.

אין יאהר 1835 איז אויפגעטראטען מענצעל געגען דאס „יונגע דייטשלאנד", וואס היינע איז געוועזן איהר ליטערארישער פיהרער. שפאטיש רופט ער עס אן דאס „יונגע פאלעסטינא". דערביי האט אבער מענצעל פריהער געהערט צו דעם ראדיקאלען פליגעל. די דייטשע דיכטער און ראמאנטיקער, ווי גוסטאוו שוואב, יוסטינוס קערנער און אנדערע האבען זיך אויך פון איהם אבגעקערט. אפילו דער ליבעראלער גוצקאוו, מיט וועלכען היינע איז געוועזן בעפריינדעט, איז איהם ניט געבליבען טריי. עס האט זיך אנגעהויבען

א שארפע און ביטערע פּאָלעמיק צווישן דעם אידישן רעװאָ־לוציאָנערן דיכטער און די טרייע דייטשען.

ווען היינע האָט געלעבט אין פּאַריז, איז ער געקומען אין בע־ריהרונג מיט די העכסטע פערטרעטער פון דעם דייטשען גייסט, מיט ריכארד וואגנער, מיט דעם דיכטער העבעל און אנדערע. טיעפע און איידעלע אנרעגונגען האָט וואגנער געשעפּט פון היינע'ן. ער האָט איבערזעצט א ן דער שפּראך פון מוזיק היינע'ס גרויסען טרויערמארש אוף נאפּאָלעאָן: „די צוויי גרענאדיר". וואגנער'ס „טאנהייזער", וואגנער'ס „פליגענדער האָלענדער", אפילו וואגנער'ס „לאָהענגרין", זענען אין דער אידעע און טיילווייז אפילו אין דער פאָרם פאראן אין היינע'ס דיכטונגען. זיכער איז וואגנער געשטאנען אונטער דעם איינדרוק פון היינע'ס דיכטונגען, ווען ער האָט געשאפען דיזע אונ־שטערבליכע דראמען און האָט זיי געגעבען דורך זיין מוזיק דעם גוואלטיגען דראמאטישען אויסדרוק. וואגנער האָט זיך אבער ביי דער ערשטער געלעגענהייט אָבגעשאָקעלט פון זיינע אידישע פריינד און איז געוואָרען דער גרויסער פארהאסער פון אידען און יודענטום. דער טיפזיניגער דיכטער העבעל, פון וועל־כען היינע האָט פיעל געהאלטען, איז אויך באלד געוואָרען קאלט און גלייכגילטיג און פיינדליך צו איהם, ווייל די אבשטוי־סונגס־קרעפטען צווישען דעם גרויסען דייטש און דעם גרויסען איד זענען געווען שטארקער, איידער די אנציהונגס־קרעפ־טען צווישען ביידע דיכטער. אפילו דער ניט־אנערקענטער פּאָעט גראבע, מיט וועלכען היינע איז געווען באפריינדעט נאָך אין זיין יוגענד און וועלכער האָט ביי היינע געוואונען אנערקענונג און סימ־פּאטי, האָט געהאט צו היינע, דעם „פּאָעטען־יודע", ווי ער רופט איהם, נאָר א געפיהל פון בייזקייט און קליינליכער קנאה.

עס איז אויך באגרייפליך, דאָס די אידישע פיהרער פון יענער צייט האָבען פאר דעם דאָזיגען אידישען רעוואָלוציאָנער און פּאט־ריאָט, פאר דעם שפּאָטער פון קריסטענטום, דייטשטום און קעניג־טום, געהאט שטארק מורא.

גבריאל ריסער, דער באקאנטער קעמפּפער פאר דער אידישער גלייכבארעכטיגונג אין דייטשלאנד, האָט ניט איינמאָל פארגע־

ווארפען היינע׳ן, דאָס ער שטעהט פון ווייטען פון דעם אידישען עמאנציפּאציאָנס־קאמף. אין זיינע „אידישע בריעף“, וועלכע זע־נען ערשינען שפּעטער אין יאָהר 1840, פּארלייקענט דער אידישער לאָיאַלער פּאטריאָט ריסער דעם ניט־גערעטענעם אידישען זוהן היינע. ער לייקענט, דאָס היינע׳ס געמיט און גייסט דריקען אויס די אידעע פון יודענטום, ער לייקענט, דאָס היינע איז דער פאר־טרעטער פון יודענטום. גבריאל ריסער ערקלערט זיך זעלבסט פאר דעם אמת׳ען אויסדרוק פון יודענטום.

בערטאלד אויערבאך, דער אידישער ראָמאן־שרייבער און גייסטיגער פיהרער פון יענער צייט, דער קעמפער פאר אסימילא־ציאָן און גלייכבארעכטיגונג פארלייקענט שוין פאלשטענדיג אין זיין שריפט: „דאָס יודענטום און די נייעסטע ליטעראטור“ היינע׳ן אלס איד. היינע׳ס פארהערליכונג פון דער מאטעריע, זיין סענסוא־ליזם, איז נאָך אויערבאך אקוראט אזוי להיפך צום קריסטענטום ווי צום יודענטום. אלץ וואָס היינע האָט געזאָגט וועגען אידען און יודענטום, וואָלט ער אויך אלס געבאָרענער קריסט געקענט זאָגען. פון היינע׳ן רעדט ניט קיין איד, — מיט דיזע מערקווירדיג באַ־שרענקטע ווערטער זאָגט זיך אב אויערבאך פון היינע׳ן אלס איד. אויערבאך שרייט אריבער זעהר לייכט איבער דעם אבגרונד פון פּראָבלעמען און עמאציאָנען, וועלכע היינע עפענט אויף אין זיין אידישקייט, מיט דער דאמאָלס באקאנטער לייכטער תשובה אויף אלע שאלות: „מיר האָבען א פאָטער, דאָס איז גאָט אין הי־מעל, דער פאטער פון אלע באשעפענישען, מיר האָבען א מוטער, דאָס איז דייטשלאנד אונזער מוטער אויף דער ערד.“ בערטאלד אויערבאך דערהויבט זיך ניט איבער הירש היאצינטס אידישקייט, איבער דער לעבערליכער פיגור, וועלכע היינע האָט באשאפען.

עס האָט היינע׳ן שטענדיג אָרגאניש געצויגען צו דעם אידישען למדן, צו דעם אידישען גייסטעס־מענשען, און צו דעם אידישען אינטערנאַציאָנאלען רעוואָלוציאָנער. מיט דיזע צוויי, אויסערליך אזוי נעגענזעצליכע און אין גרונד אזוי נאָהענטע טיפּען, האָט זיך היינע געפיהלט קרובת׳דיג אין דעם שרש פון זיין נשמה. בשעת היינע האָט געלעבט אין בערלין אין די צוואנציגער

יאָהרען איז ער געװען פאַרבונדען מיט דעם קולטור־פעראײן, מיט מאָזער, גאַנז, מאַרקוס, צונץ און אַנדערע יונגע אידישע געלערנטע, װעלכע האָבען געהאַט זײערע װאָרצלען אין דעם טראַדיציאָנעלען יודענטום. אין דיזען קרײז פון אידישע געלערנטע צװישען די בײנ־קענדע אידישע געמיטער האָט זיך הײנע געפיהלט הײמישער, אײ־דער אין די קרײזען פון די דײטשע פּאָעטען און קינסטלער פון יע־נער צײט. אויך, װען הײנע איז געװען אין פּאַריז אין די פיערציגער יאָהרען, בשעת ער פאַרליערט די באַריהרונג מיט דער ניט־אידישער װעלט פון גניום און גײסט, בילדען זיך אינװענדיגע באַציהונגען צװישען איהם און די אידישע רעװאָלוציאָנערען מאַרקס, לאַסאַל, די אידישע סען סימאַניסטען, און דעם האַלבען נביא און האַלבען חזן אלכסנדר װײל, װעלכער איז זײן גאַנצען לעבען כמעט געבלי־בען א טרײער פרײנד הײנע׳ס.

עס איז װײניג באַקאַנט װעגען הײנע׳ס באַציהונגען צו מאַרקס נאָר אַמאָל דערמאָנט ער איהם אלס אַן אײנגעשפּאַרטען גאָט־לײקענער, װעלכען ער האָט אומזיסט געזוכט צו איבערצײגען אין דעם אמת פון דעם אידישען גאָט און דער אײביגקײט פון דער ביבעל. מיט לאַסאַל האָט זיך הײנע געטראָפען אין דער מיטען פון די פיערציגער יאָהרען, בשעת לאַסאַל איז געװען א יונגער מענש פון נײנצעהן יאָהר. מיט א מערקװירדיגען שאַרפבליק האָט הײנע דערקענט לאַסאַל׳ס געניאַליטעט, זײן װילענסקראַפט, זײנע פעהיג־קײטען, און ער האָט גלײך דערפיהלט די גרױסע צוקונפט, װעלכע איז געשטאַנען פאַר דעם יונגען געניאַלען קעמפער. אין לויף פון פיעלע יאָהרען האָט אַנגעהאַלטען א אינטימע פרײנדשאַפט צװישען דעם גרױסען אידישען געפיהלס־מענש און דעם ניט װעניגער גרוי־סען אידישען װילענס־מענש.

אָבער א פיעל גרעסערע אָרגאַנישע צוציהונגס־קראַפט דער־נעהענט הײנע׳ן צו אלכסנדר װײל. אלכסנדר װײל איז געבאָרען גע־װאָרען אין עלזאַס, האָט געלערנט גמרא אין פראַנקפורט און האָט געזאָלט װערען א רב. ער האָט אָבער א קוס געגעבען א באַלעט־מענצערין און האָט פאַרלאָרען די מעגליכקײט צו װערען גאָט׳ס טרײער דיענער. ער איז געװאָרען א שטיקעל דײטשער שריפטשטע־

לער און פראנצויזישער פּאעט. ווייל האָט זיך אויך געהאַלטען פאַר א ביבלישען נביא, און פין איינע פון זיינע שריפטען צייכענט ער אָן מיט דעם נאָמען : „ישעיהו פון פאבורג סען האָנארע" (פאבורג סען האנארע איז א קוואַרטאַל פון פּאַריז). מיט דיזען האַלב ערנסטען האלב משונה'דיגען מאן האָט היינע אנגעהאַלטען א פריינדשאפט פון פופצעהן יאָהר, זייט ווייל איז געקומען אין יאָהר 1839 אין פּאַריז. אין די פופצעהן יאָהר איז ניט אוועקגעגאנגען קיין טאָג כמעט, וואו ווייל איז ניט געווען אין היינע'ס הויז. מיט ווייל, וועלכער איז אויך געווען אמאָל א חזן, פלעגט היינע זינגען אידישע נגונים פון די ימים נוראים. און ווען אמאָל האָט היינע'ס פראַנצויזישע פרוי, מאַטילדע, געפרעגט, וואָס זענען דאָס פאַר ווילדע נגונים, האָט היינע זי בארוהיגט, אז דאָס זענען דייטשע פאָלקסמעלאָדיען.

צווישען דעם אידישען געניאַלען דיכטער, וועלכער באקעמפפט די קריסטליך־טראַדיציאָנעלע וועלט, און דעם אידישען מיליאָנער, וועלכער באהערשט די קריסטליך־טראדיציאָנעלע וועלט, אבער געהערט ניט צו איהר, איז פאראן א אינוועגדיגע כמעט אָרגאנישע צוציהונג. היינע איז מיט דער פאמיליע ראָטשילד אין פאריז געשטאַנען אויף א פריינדליכען פוס. ער רעדט מיט הומאר אין „לוטעציא" וועגען די ראָטשילדס און זייער פינאַנציעלער און פּאָליטישער מאכט אין פראנקרייך, אבער ער איז א היימישער מענש אין הויז פון דעם אידישען פינאַנץ־קעניג. מען וויים ניט, אויב היינע האָט באקומען פון זשיימס ראטשילד, אויף אידיש יעקב ראָטשילד, א געלד־אונטערשטיצונג, אבער היינע רעדט אין זיינע בריעף צו ראָטשילד פון אידישען רחמנות און פאלט אריין אין דעם באקאנטען אידיש־אינטימען טאָן, וועלכער ענטוויקעלט זיך אומעדום, וואו עס קומען אין בארירונג צוויי אידישע געמיטען. אזוי ווייניג איז אויך באקאנט, ווי טיעף עס איז געווען היינע'ס ליעבעס־געפיהל צו מאַדאם בעטי ראָטשילד, די שענסטע פרוי פון פאריז, ווי היינע רופט זי אָן. די נאָהענטשאפט צווישען היינע און ראָטשילד איז אבער א סימבאָל פאר יענע מערקווירדיגע ראסען־קרובת'שאפט, וועלכע פארבינדט אלע אידען פון די פארשידענסטע שאטירונגען און די

געגענזעצליכסטע פּאָליטיש־פילאָזאָפישע ריכטונגען. די אינטימי־טעט צווישען דעם אידישען קעניג פון פינאַנץ און דעם אידישען קעניג פון גייסט איז אַן ערשײנונג, װעלכע חזר׳ט זיך איבער אַזױ אָפט אין אַלע איד׳שע דורות און צייטען.

דער פאָרבאָרגענער ראסען־געפיהל און דער נאַציאָנאַלער אינסטינקט זענען, ווי הײנע זעלבסט זאגט עס אמאָל זעהר ריכטיג, דער שטאַרקסטער און טיעפסטער כח אין מענשליכען לעבען. אָט דער אידישער ראסען־געפיהל האָט זיך ביי הײנע ארויסגעריסען מיט זײן גאַנצער עלעמענטאַרער קראַפט אין יאָהר 1840, בשעת עס איז פאָרגעקומען דער עלילת דם בלבול אין דמשק. יענער בלוט־בלבול האָט אויפגערודערט די גאַנצע אידישע אסימילירטע אינטע־ליגענץ פון יענער צייט, באזונדערס דעם יונגען לאַסאַל און מאָזעס העס.

הײנע האָט דאַמאָלס פאַרעפענטליכט דריי באַריכטען אין דער „אַלגעמײנער צייטונג" װעגען דעם בלוט־בלבול. דאַמאָלס האָט הײנע אָנגעהויבען צייכענען זײנע אַרטיקלען מיט דעם מגן דוד צייכען. ער קלערט אויף װעגען דער גאַנצער אינטריגע אין דעם פאַרברעכערישען בלבול. ער קלאָגט אָן דעם פראַנצויזישען מיניס־טער טיער פאַר זײן גלײכגילטיגקייט צו דער זאַך פון דער הומאַני־טעט. ער באַשולדיגט די פראַנצויזישע אידען פאַר זײער גלײכגיל־טיגקייט צו דעם בלבול פון דמשק. הײנע גיסט אויס אויף די דאָ־זיגע גלײכגילטיגע אידען זײן ביטערען שפּאָט און כעס, און גע־ברויכט דערביי דעם מערקווירדיגען וואָרט, דאָס דער גאָט פון די פראַנצויזישע אידען איז דאָס געלד. אַן אויסדרוק, וועלכען מאַרקס האָט, ווי באַקאַנט, שפּעטער געברויכט בנוגע צו דער אסימילירטער אידישער בורזשואזי בכלל.

## VI.

די עפּאָכע פון די פיערציגער יאָהרען איז די צייט פון הײנע׳ס אומקערונג צו זײן אידישען מקור, די צייט פון זײן אַבערמאַליגער אידישער זעלבסטדערקענונג, אָבער שוין מיט קלאָרער זעלבסט־

באוואוסטיזינגקייט און פילאָזאָפישער פארטיפונג. שוין זיין קרי־טישע שריפט „שעקספירס מעדכען און פרויען" (1838) איז אן אנזאג פון דעם ערוואכטען מוט ביי דעם אידישען דיכטער, וועל־כער וויל אויסקעמפען דעם קאמף געגען די פאראורטיילען און די שנאה צו אידען. שעקספירס „קויפמאן פון ווענע־דיג, וועלכער פיגורירט אין דער ליטעראטור אלס לוסט־שפיעל, פארוואנדעלט זיך דורך היינע'ס אויפפאסונג אין א גרויסער טראגעדיע פון די אונטערדריקטע. ביי איהם איז שיילאק ניט דער בלוטקארגער איד, וועלכער וויל אויפעסען דעם קריסט, נאָר דער איד, וועלכער קען האסען, נקמה נעהמען, פארגעלטען דעם שונא פאר זיין פאראכטונג, זיך אויפהויבען, פאר־מעסטען זיך געגען דער וועלט. דערזעהט מען שיילאק אין זיין אינ־טימיטעט, ווי שעקספיר באווייזט איהם מיט אייניגע דיכטערישע שטריכען, איז ער גרויס, עדעל דורך זיין פאמיליען־ליעבע, דורך זיין טרייקייט צו זיין ווייב לאה, און דער „יעסיקא זיין קינד." יעסיקא, שיילאקס קינד איז אבער אין היינע'ס אויפפאסונג ניט א טיפּישע אידישע טאָכטער, נאָר א ליידענשאפטליכע פרוי, וועלכע צורייסט די הייליגע אידישע פאמיליען־שטריק. אבער שיילאקס ווערטער: „יעסיקא מיין קינד" זענען א טייל פון שיילאק'ס, פון דעם איד'ס לעבען, ווי זיין גאָט, זיין דעאיזם, זיין משוגענע אידעע", זיי דריי־קען אויס א עלעמענטארע, אייביגע, נאָר ביי אידען פארקומענדע נשמה־קראפט.

דאָס טראגישע אידישע פאָלק דערהויבען, און דאָס טראדי־ציאָנעל־קריסטליכע דייטשלאנד, און דערמיט די גאנצע טראדי־ציאָנעל־קריסטליכע וועלט פארשפּאָטען, איז ביי היינע איי־גענטליך דאָסזעלביגע נשמה־בעדירפנים אין צוויי ריכ־טונגען. אין דער ערשטער העלפט פון די פיערציגער יאָהרען שרייבט היינע זיינע צוויי גרויסע שפּאָט־פּאָעמען: „אטטא טראל" און „דייטשלאנד". ער איבערטרעפט דערמיט די גאנצע פּאָעטיש־סאַ־טירישע ליטעראטור פון דער צייט. די גאנצע דאמאָליגע צייט, דאָס קריסטענטום, דאָס קעניגטום, דער רעאקציאָנערער דייטשער גייסט געפינען אין יענע סאטירישע פּאָעמען זייער פאר־

שפאטער, זייער שטראפער. דער אידישער דיכטער, וועלכער זוכט אזוי טראגיש זיין אייגענעם נשמה־שורש, וועלכער האָט פארלאָזען זיין אידישעם פאָלק אבער האָט ניט אויפגעהערט צו שפינען א פאנטאסטישע אידישע צויבערוועלט פון זיינע אבגרונד־טיפע אי־דישע איבערלעבונגען, שטעלט זיך הויך איבער און אויסערהאלב פון דעם רעאקציאָנערען דייטשלאנד. דער אידישער פּאָעט וואָרפט דעם קאמף־האנדשוה צו דעם קריסטליכען דייטשלאנד:

„בעליידיג לעבעדיגע פּאָעטען ניט,
זיי האָבען פלאַמען און וואפען,
וואָס זענען פורכטבארער ווי יופּיטערס בליץ,
וואָס דער פּאָעט האָט ווען עס איז באשאפען.“

פון דער פרעמדער וועלט קעהרט זיך היינע אין יאהר 1844 צוריק צו דעם יודענטום פון זיין יוגענד, צו זיין אלטען טרוים פון דעם אידישען רענעסאנס, וועלכער פלעגט אויף דעם גאנצען שפּאַן פון זיין לעבען שטענדיג ווידער ארויפשוועבען אין זיין אידיש־ליידענדען גייסט. ביי געלעגענהייט פון דעם טוידט פון זיין אלטען פריינד לודוויג מארקום אין יאהר 1844 שרייבט ער א נעקראלאָג: „לודוויג מארקום“. ווידער טרעט אויף אין זיין זכרון די אידישע געשטאלטען פון „קולטור־פעראיין“, צו וועלכען אויך מארקום האָט געהערט, מאזער, עדוואַרד גאנז, צונץ, בן־דוד.

דערביי דערמאָנט היינע אויך עדוואַרד גאנז. לודוויג מארקום אין יאהר 1844 שרייבט ער א נעקראלאָג: „לוד־וויג מארקום.“ ווידער טרעט אויף אין זיין זכרון די אידישע געשטאלט פון „קולטור־פעראיין“, צו וועלכען אויך מארקום האָט געהערט, מאזער, עדוארד גאנז, צונץ, בן־דוד. דערביי דערמאָנט היינע אויך עדוארד גאנז, וועל־כער האָט מיט קאריעריסטישער אויסרעכענונג דעם פעראיין און דאָס יודענטום פארלאָזען. „זיין ארויסטריט איז געווען זעהר ווידערווערטיג, ווארום ער האָט געשפּיעלט די ראָליע פון א אגי־טאטאָר און האָט געהאט נאָך די פליכטען פון א פרעזידענט. עס איז א מנהג, דאָס דער קאפּיטאַן פארלאָזט דער לעצטער דעם שיף,

וועלכער האלט ביי זינקען, גאנז אבער האט זיך דער ערשטער גע־ראטעוועט." אזוי רעדט היינע ביטערע ווערטער געגען זיין יוגענד־פריינד גאנז פאר זיין אנטלויפען פון יודענטום, און ער פיהלט זיך בארעכטיגט דערצו, ווארום ער, היינע, האט זיך שוין באלד ווידער פאראייניגט מיט דעם הארץ פון דעם אידישען פאלק.

ער שרייבט באלד די לידער פון ראמאנצערא אין די העברעאי־שע מעלאדיען. „די פרינצעסין שבת" איז דאס ליעד פון דעם פרינץ ישראל און זיין כלה די פרינצעסין שבת, די שבת מלכתא. זעקס טעג א וואך איז דער איד א הונד מיט הינטישע געדאנקען און שלעפט זיך דורך דעם קויט פון לעבען, אבער פרייטאג אבענד ווערט דער הונד אויף'ם ניי א מענשליכער וועזען. ער ווערט א מענש מיט מענשליכע געפיהלען און טרעט אריין אין זיין פא־טער'ס טעמפעל מיט אן אויפגעהויבענעם קאפ און הארץ. לכה דודי לקראת כלה, פני שבת נקבלה. מיט טיפען פאטאס און פיינסטען שפאס מאלט דער דיכטער די אידישע פאמיליען־אידיליע פון לכה דודי ביז הבדלה. און דער דיכטער עפענט דעם פארהאנג פון א זאנדערבאר פארגייסטיגטען לעבען, פון א עם הפלאות, וועל־כען ער דערקענט, דערפיהלט, באוואונדערט און קניהט פאר איהם נידער.

ווי דער רב פון באכאראך, אפשר ווי דער גאנצער טראגישער אידישער פאעט, איז „יהודה הלוי" היינעס א פראגמענט, אדער בעסער געזאגט א גאנצער קאליידאסקאפ פון שטימונגען, פילאזא־פיען, נבואה, וועהגעשרייען, אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני, תדבק לשוני לחכי... מיין צונג זאל זיך צוקלעפען צו מיין גומען, און מיין רעכטע האנד זאל פארדארען, אויב איך וועל פארגעסען דיר ירושלים. דערמיט הויבט אן היינע יענעם גראנדיעזען נאציאנאל - געדיכט, וועלכער איז פאראורטיילט געבליבען צו א פראגמענט. און עס שטעהט אויף יהודה הלוי, דער היינע פון אידישען מיטעלאלטער, דער געזאלבטער קעניג פון דער מלוכה פון געדאנקען , וועלכער דיענט און איז פאראנטווארטליך נאר צו גאט, אבער ניט צו דעם פאלק. יהודה הלוי איז א ריטער פון אן אנדער שלאג, זיין דאמע

איז ניט די שענהייט, זיין לײדענשאפט איז ניט דאָס לעבען, זיין ליעבע איז ירושלים, דער סימבאָל פון אמת, גייסט, טראַגיק, מיסטישער בײנקשאפט. פילע זייטיגע אידעען, קולטור־פּראָבלעמען, היסטאָרישע ערינערונגען, קינסטלערישע שפּי־לערייען זענען אריינגעפלאָכטען אין דיזען נאַציאָנאַלגעדיכט, אזוי ווי דער אידישער דיכטער, די אידישע נשמה, די אידישע לירע זינגט מיט אלע מעלאָדיען, מיט אלע שירים און אלע ווינטען פון דער ארומיגער וועלט. ביז דער נאַציאָנאַלער שיר ווערט אָבגעריסען און צורינט אין פּאָעטישער דאַרשטעלונג פון דעם דיכטער־שיקזאַל בכלל.

נאָך דעם גרויסען געדיכט „יהודה הלוי" קעהרט זיך אום היינע צוריק מיט זיין גאנצער נשמה צו זיין שרש, צו זיין איך, צום בארג סיני, צו גאָט און צום פאָלק ישראל. ניט פון זיין קראַנקען בעט, פון זיין מאַטראַצען־גרוב זאָגט ער זיין באַרימטען וידוי, נאָר פון דער געזונדונג און פון דער ענדליכער ערשטאַרקונג פון זיין נשמה. ער ווענדעט זיך אָב פון דער העגעלשער פילאָזאָפיע, וועלכע פאַר־לייקענט גאָט און לאָזט איבער די וועלט צו דער פאַרנונפט, צו דעם געזעץ, צו דעם שפּיעל פון דער חוצפּה'דיגער מענשליכער דיאַלעק־טיק. דער דיכטער פאַרזינקט צום סוף פון זיינע טעג אין דעם אַל־טען אידישען איין איינציגען גאָט, דעם שעפּפער פון דער וועלט און דעם טרויסטער פון אלע נשמות. און ער קעהרט זיך אום צו משה רבנו, וועלכער האָט געהאַסט קונסט און בילדער; פּסל און תמונה, וועלכער האָט איבערוועלטיגט די מיטאָלאָגיע, די ווירקליכקייט דורך דעם אמת. ווארום משה האָט באשאַפען דעם גרעסטען קונסטווערק, די אמת'ע ווירקליכקייט, דאָס אייביגע הייליגע פאָלק פון גאָט, דאָס פאָלק ישראל, וועלכעס איז א ביישפּיעל און א צייכען פאַר אלע פעלקער, פאַר די גאַנצע מענשהייט. משה האָט אויך באשאַפען די תורה, דאָס גרעסטע בוך, דאָס בוך פון אמת, פון רעוואָלוציאָן און דעמאָקראַטיע. יאָ, די תורה איז דורך דעם דין פון יובל אויך דאָס גרעסטע סאָציאַליסטישע בוך. ווי אין זיין יוגענד האָט היינע געטרוימט פון דעם אידישען רענעסאַנס, ווי אין זיין שריפט וועגען בערנע האָט ער אָנגערופען דאָס אידישע פאָלק דאָס פאָלק פון

גייסט, האָט ער אויף זיין מאטראצען־גרוב אין זיין פירכטערליכער קראַנקהייט נאָך אַמאָל דערפיהלט און דערקענט און מתודה געווען זיך אין זיין פאַרבאַרגענעם אידישען שרש, אין זיין אידישער, דיכטערישער און נאַציאָנאַלער, אויסערוועהלטקייט.

און געשטאָרבען 1856 איז דער אידישער טראַגישער דיכטער מיט דעם צובראָכענעם געמיט פון תשובה. ער האָט אָנגעזאַגט, דאָס מען זאָל איהם מקבר זיין אַהן וועלכע עס איז רעליגיעזע צערעמאָניעס, אַהן א גלח נאָך זיין מוטה, און אַהן — א רב. אין זיין סוף האָט ער דערקענט זיין אָנהויב, אין זיין טוידט האָט ער נאָך אַמאָל אויפגעלעבט אין זיין גאַנצער נויט און פיין, אין דעם גאַנצען עלענד פון זיין אידישער צייט, אין זיין אייביגער אידישער ערלעזונגסזוכעניש, אין זיין גאַנצער טראַגיק, אין זיין צייטוויילינגקייט און זיין אייביגקייט, אין תשובה האָט זיך דער אידישער טראַגישער דיכטער געזוכט צום סוף צו ערלעזען, און דאָך איז געבליבען אין זיין האַרץ טיעף דער געפיהל פון אינווענדיגער שולד:

ניט אין קלויסטער וועט מען קלינגען,
ניט קיין קדיש וועט מען זאָגען;
אַהן געזאַנגען און אַהן קדיש
וועט מען מיך צום קבר טראָגען.

אנמערקונג פון איבערזעצער:

צוויי שטעלען אין דער איבערזעצונג פון קאלישער'ס ביאגראַפיע פון היינע, כמעט דער גאנצער ערשטער קאפיטעל, וואו עס רעדט זיך וועגען היינע'ס יחוס און א טייל פון לעצטען קאפיטעל וועגען דער „מוש" געהערען ניט דער פעדער פון י. קאלישער.

זיי זיינען גענומען פון גוסטאוו קארפעלעס בעריהמטען בוך „היינריך היינע: אויס זיין לעבען און אויס זיין צייט." דער לעזער, ווען ער וועט זיך באקענען מיט די שטעלען, וועט אויף אונז קיין פאראיבעל ניט האבען פאר דער פרייהייט, וואס מיר האבען זיך ערלייבט.

ב. ר.

ערשטער קאפּיטעל.

## דאָס עלטערען הויז.

פאר די פארעהרער פון הענריך היינע וועט זיין אינטערעסאנט צו וויסען, אז זיין זשעני האָט ארויסגעשפּראָצט פון א באָדען, וואָס איז גוט בעארבייט געווען פון דורות, אז אזא זאמען זאָל קענען אין איהם געדייהען. מיר האָבען זיך ניט צו באקלאָגען אויף די געשיכטספאָרשער. זיי האָבען דערפיהרט היינעס יחוס־בוים ביז צום סוף פון 16טען יאהרהונדערט.

וואָס האָלט היינע געגעבען דערפאר, ער זאָל וויסען כאָטש א טייל דערפון, וואָס מיר ווייסען איצט וועגען זיינע אורעלטערן? ער האָט פון זיי ניט פיעל געוואוסט, און דאָס ווייניגע, וואָס ער האָט יא געוואוסט, האָט ער געהאט צו פארדאנקען די ערצעהלונגען פון זיינע מומעס, וועלכע ווי באקאנט האלטען זיך ניט אלע מאָל אן דעם היסטאָרישען אמת. א געשיכטליכע קוואל זענען אלזא זיינע אייגענע מיטטיילונגען ניט. זיכערעס, פעסטעס וועגען היי־נעס פאמיליע האָט מען ערפאהרען ערשט זייט א קורצער צייט.

מיר ווייסען איצט, אז היינעס אורעלטערן זענען כמעט אלע געווען אנגעזעהענע און געלעהרנטע, — דורכאויס אלע פרומע און געבילדעטע מענער און פרויען. די, וואָס גלויבען אין דער פאר־ערבונגס־טעאָריע, קענען זיך מאכען פארשיעדענע קאָמבינאציעס, און די וואָס גלויבען ניט אין דער טעאָריע, וועלען דאָך אויך מוזען צוגעבען, אז אויף דער ירושה, וואָס איין דור גיט איבער דעם אנ־דערן, רוהט די געשיכטע, אלץ וואָס אין איהר איז פארהאן גרויסעס און באדייטענדעס. ווי לעכערליך עס איז דאָס גאנצע האמפערן זיך וועגען דעם, צי היינעס אורעלטערן פון דער מוטערס צד האָבען זיך גערופען וואן געלדערן — אלס סמן פון זייער האָלענדישער אבשטאמונג — אָדער פאָן געלדערן, אום צו מאכען דעם פאלשען איינדרוק פון אריסטאָקראטישער אָבשטאמונג. וואָס פאר א ווערט

האט טיטולירטער אריסטאקראטיזם אין פארגלייך מיט דער גייס־טיגער אדעליגקייט פון היינעס משפחה!

די דאזיגע גייסטיגע אדעליגקייט צייכענט פריהער פון אלץ אויס די פאמיליע פון דער מוטערס צד, וועגען וועלכער מיר וועלען צוערשט ריידען, ווייל פון די צוויי — מוטער און פאטער — האט די מוטער געהאט דעם גרעסערן איינפלוס אויפ'ן גענִיאלען זוהן.

היינע האט א טעות געמאכט, ווען ער האט געגלויבט, אז די וויעג פון זיין משפחה איז געשטאנען ביים רהיין. אונזער וואנדע־רונג דורך דער קייט פון דורות דערפיהרט אונז ביז צום ברעג דאנוי, אין שעהנעם אונגארלאנד, וואו אויף צו להכעיס אלע באַ־שרענקונגען פון געזעץ, האבען אייניגע אידען פארט זיך דערשלאַ־גען צו עפענטליכער באדייטונג און צו א באזונדערס מערקווירדי־גער, פאר יענער צייט, שטעלונג אין דיענסט פון דער מלוכה. איינער פון די טיכטיגסטע איז געווען סוף 17טען יאהרהונדערט שמעון מכאל אין וויען, און שפעטער אין פרעסבורג, פון וואנען עס נעמט זיך זיין צונאמען שמעון פרעסבורג. די אידען האבען איהם גערופען „דער פארשטעהער פון קהלת אונגארן“. די לאקאלע געשיכטע דער־צעהלט אונז גאנץ אויספיהרליך וועגען זיינע פינאנץ־אפעראציעס אין דיענסט פון די קיסרים לעאפאלד 1, און יאזעף 1. דער לעצ־טער האט דאס געגעבען זיין „מינץ־יודען“ שמעון מכאל די פריווי־לעגיע זיך צו באזעצען אין וויען. אבער א „שוץ־בריעף“ צו באקומען פאר זיין „טריי געהארזאמען דיענסט“ צו דער מלוכה איז איהם ערשט געלונגען אונטער קארל IV. גראד דאמאלס האט זיין טאכ־טער שרה לאה „געררייכט איהר האנד צו א הערצענסבונד“ דעם שפראצלינג פון אן אנגעזעהענער פאמיליע פון רהיין. זיין איידעם איז געווען לאצארוס, דער זוהן פון יאזעף וואן געלדערן, וועלכער איז געהאט געקומען קיין וויען פון דיסעלדארף. אין שוץ־בריעף (1716) פאר לאצארוס, וועלכער אלס בוכהאלטער פון האנדעלס־הויז איז געווען א מיטבאטייליגטער אין דער פריווילעגיע, שטעהט געשריבען, אז עס ווערט ערוואַרטעט, ער וועט „זיך פארהאלטען גאנץ טריי און אונקלאגהאפט, אהן ערגערניש, גלייך ווי די גוטע מיינונג איז פון דעם אידען שמעון מכאל און זיינע אנגעהעריגע“.

שמעון מכאל איז געשטארבען דעם 10טען אפריל, 1719.

זיין איידעם לאצארוס וואן געלדערן איז דאמאלס קוים אלט געווען 24 יאהר. זיין שוץ־בריעף איז געווען אויסגעמאכט אויף צעהן יאהר. דריי פון זיי זענען שוין געווען אבגעלאפען. צוערשט איז ער געבליבען לעבען זיין שוואגער, וועלכער האט אנגעפיהרט ווייטער זיין פאטערס געשעפטסהויז אין וויען. ער האט זיך אבער ניט דערוואַרט ביז צום סוף פון דעם שוץ־בריעף טערמין, ארום יאהר 1725 קעהרט ער זיך אום צוריק אין זיין היימאט.

דארט האט געלעבט אין גרויס אנזעהן זיין פאטער יאזעף, אדער ווי אין „נאס“ האט מען איהם גערופען יוספא וואן געלדערן. ניט נאר איז ער געשטאנען הויך אין אכטונג ביי זיינע גלויבענס־ברידער, נאר אויך — וואס דאמאלט איז עס געווען א זעלטענהייט — אין עפענטליכען לעבען בכלל. איינער פון זיינע אבות איז וואהרשיינליך געקומען קיין דיסעלדארף פון האלענדישען געלדערן אדער נאך וואהרשיינליכער פון דער דערבייאיגער שטאדט געלדערן און האט איבערגעלאזען אין זיין נאמען פאר אן אנדענקונג דאס ביי־ווערטעל וואן, וואס דאס מיינט „פון“.

ער איז געווען א שתדלן פאר אלע „געבריעפטע“ אי־דען — דאס הייסט פאר אלע אידען, וועלכע האבען געהאט וואוינרעכט אין לאנד אין זכות פון שוץ־ און באגלייטונגס־בריעף, וואס מען פלעגט זיי ארויסגעבען פאר הויכע אבצאהלונגען. אלס אזעלכער האט ער אפיציעל געטראגען אויף זיך די פאראנט־וואָרטליכקייט פאר דער פאליציי־אָרדנונג און פאר דעם איינגאנג פון שטייערן.

מיט דער גרינדונג פון א באנק אין דיסעלדארף אין 1705— וואס איז דעמאלט געווען אמת'ע פיאנירען־ארבייט — האט ער נאך מעהר געלעגענהייט געהאט זיך פארדיענט צו מאכען ביים קורפירסט. און יאהאן ווילהעלם האט איהם געגעבען אן אויסער־אָרדענטליכען באווייז פון זיין גנעדיגקייט צו איהם: ניט נאר האט ער איהם געשאנקען גרונד צו בויען א הויז און א שוהל, נאר ער האט איהם פאלשטענדיג באפרייט פון שטייערן און אבצאהלונגען אויף גאנצע דרייסיג יאהר.

יוספּא׳ס געזעלשאַפטליכע שטעלונג, זײנע גרויסע פאַרבינדונ־גען, זײנע באַציהונגען צום הויף, זײן װאָרימער אינטערעס צו די עפּענטליכע אַנגעלעגענהײטען, זײן נאָהענטקײט צו די פּאָליטישע געשעהעניסען, די פּאָדערונגען און באַדינגונגען פון פאַרקעהר אין די הויכע קרײזען — דאָס אַלץ האָט דערװײטערט דאָס האַריזאַנט פון דער פאַמיליע, אױפגעהויבען איהר בילדונגס־גראַד, אויסגע־אַדעלט איהרע מאַנירען, און זי האָט ביסלעכװײז אַרונטערגעריסען פאַר זיך די מחיצה, װאָס האָט די איבריגע געטהאָ אָבגעשפּאַרט פון ליכט און לופט.

פון יוספּא׳ס פיער זיהן איז לאַצאַרוס געװען דער צװײטער, און װי עס שײנט דער באַדײטענדסטער. מיט דעם טויט פון קור־פירסט יאָהאַן װילהעלם האָט זיך אָבגעשטעלט די הערליכע ענטװיק־לונג פון שטאָדט דיסעלדאָרף. דער נײער קורפירסט האָט ניט פאַרשטאַנען דאָס לאַנד אַזוי גוט צו פאַרװאַלטען װי זײן פאָרגענ־גער און צוזאַמען מיט דעם ערגערן סיסטעם זענען געװאַקסען די חובות פון לאַנד, און די לאַסט פון חובות איז געהאַנגען װי אַ שװערע אָנקלאַגע געגען אַלע די יעניגע, װאָס זענען געשטאַנען נאָהענט אָדער אַלײן געהערט צום פריהעריגען רעזשים. „און דאָס װאָס אַלע־מען האָט בלויז אָנגעריהרט, האָט אַ אידען געמוזט פאַרניכטען; װאָס פאַר די איבריגע איז געװען אַ לײכטע ענדערונג אין זײער פאַרמעגען. האָט פאַר אַ אידען געמײנט באַנקראָט“. יוספּא װאַן געלדערן איז גערופען געװאָרען אָבצוגעבען דין וחשבון פאַר פּראָװיאַנט־ליפע־רונגען, װאָס ר׳האָט געמאַכט מיט צװאַנציגע יאָהרען צוריק. אָבער ער האָט זיך אַזוי גוט פאַרטײדיגט אין אַ שריפט, װאָס ער האָט פאַרגעלײגט צום געריכט פון די שטאַנדען־פאַרשטעהער, אַז מען האָט זיך געפיהלט געצװאונגען אָבצושטעלען געגען איהם דעם פּראָצעס. יוספּא װאַן געלדערן איז געשטאָרבען אין זײן 74טען לעבענסיאָהר, אין 1727.

און טאַקי גלײך נאָכדעם האָט קאַרל פיליפּ באַשטימט יוספּא׳ס זוהן, לאַצאַרוס װאַן געלדערן, פאַר׳ן הויף־דאָקטאָר פון יוליך־בער־גישען קורפירסטענטום. אויך דער פאַרשטעהער־אַמט איז צו איהם

אריבער, אבער מיט אַט די אַלע עהרענעמטער האָט ער קיין רעכט ניט געהאט צו מאכען א רייזע קיין קעלן. איינמאָל האָט ער געפּרובט מיט א קייזערליכען פּאס־בריעף אין האנד צו קריגען א פרייען איינ־גאנג אין קעלן. דער שטאָדטראט האָט דאָך געוואגט, טראָץ דעם קייזערליכען בריעף, די ערלויבנים איהם ניט צו געבען. מעהר ווי אויף דריי טעג האָט ער קיינמאָל ניט געקענט פועל'ן. אונטער אַזעל־כע פארהעלטניסען איז צו זיין א ליפעראנט ביי דער ארמעע אויסגע־קומען זעהר שווער. דער איבערגאנג פון איין דייטשער טעריטאָריע אין דער אנדערער איז געווען פארבונדען מיט די פּיינליכסטע אונבאַ־קוועמליכקייטען. דערצו איז נאָך געקומען א יקרות, און לאַצארוס און געטריבען געוואָרען צו פינאַנציעלען רואין.

אָבער דער שווערער קלאַפּ, וואָס האָט אויפגעטרייסעלט דאָס הויז, האָט איהם דאָך ניט אראָבגעזעצט פון זיין רייכער גייסטיגער מדרגה. אין דיסעלדארפער געטהאָ האָט גאר פריה אנגעהויבען צו טאָגען. די זיהן און די טעכטער פון דער פאמיליע געלדערן זענען שוין געווען גרינדליך ארייננגעפיהרט אין אלגעמיינעם וויסען און אין דער קולטור פון דער צייט. היינע אַליין האָט פארצייכענט פון מויל פון זיין מוטער, וואָס זיין עלטער באבע האָט געטהאָן, ווען איהר צווייטער זוהן, גאטשאלק וואן געלדערן, האָט געדארפט אַנ־קומען אין אוניווערזיטעט כדי צו שטודירען מעדיצין. „איך בין געווען — דערצעהלט היינע — ניט דער ערשטער אין אונזער פאַ־מיליע, וואָס האָט אין דער אוניווערזיטעט איידעל־שטיינער אויפגע־געסען און פערלען פארשלונגען. דער פאָטער פון מיין מוטער, ווי זי האָט עס מיר אמאָל פארצעהלט, האָט דורכגעמאכט דעמזעלבען קונסשטיק. די פארציערונג אויף די טאַוולען פון זיין פארשטאָר־בענער מוטערס סדור איז אוועק אויף צו באצאָהלען די קאָסטען פון סטודיום".

דאָך צוזאמען מיט'ן ציערונג פון סדור איז אויפ'ן זוהן אריי־בער די שטילע ברכה, וואָס האָט געפלאָסען פון דער פרומער פרוי. אין איהר זוהן גאטשאלק וואן געלדערן, היינעס זיידען, האָט ווידער אויפגעבליהט דער רוהם פון דער פאמיליע. ער איז פארטיג געוואָ־רען מיט זיין סטודיום אין דער אוניווערזיטעט פון דיסבורג. אין

יאנואר 1752 האָט ער פאַרטיידיגט זיין דיסערטאַציע וועגן היי־זערקייט, וועלכע ער האָט געווידמעט דעם קורפירסט. און דאַן באַזעצט ער זיך אין זיין היימאַטשטאָדט, וואו ער מאַכט זיך באַלד אַ גרויסען נאָמען אַלס אַרצט און אַלס מענש.

ניט אַזוי גוט איז געגאַנגען לאַצאַרוס וואַן געלדערן'ס עלטערן זוהן, סימאָן וואַן געלדערן, וועלכער אין זיין כאַראַקטער און פיה־רונג איז געוועזן פּונקט דער היפּוך פון זיין ברודער. אָבער גראַד, ווייל פון דער מישונג פון זיי ביידע וואַקסט ווי פון זיך אַליין אַרויס פאַר אונזערע אויגען דאָס בילד פון היינריך היינע, זענען די צוויי ברידער גאַטשאַלק און סימאָן די אינטערעסאַנטעסטע פון היינעס יחוס־גאַלערעע. סימאָן איז געווען צוטראָגען און לייכטזיניג, טרוימעריש און פויל, גאַטשאַלק געזעצט און פון שטרענגער פיה־רונג, ניכטער און אַרבייטסזאַם. איינער מיט ציעל־באַוואוסטזיין און אויסדויער, דער אַנדערער אַ ווינדמענש, וואָס האָט פּלענער, אָבער קיין פּלאַן. היינע האָט אין זיינע מעמואַרען זיין עלטער פעטער סימאָן וואַן געלדערן, דעם „מזרח לענדער“, געמעלט גאָר אַ פיי־נעם דענקמאָל. היינע שטיצט זיך אויף די ערצעהלונגען פון מומעס און קרובות, וועגען וועלכע ער דערצעהלט, אַז זיי פלעגען טאָג איין טאָג אויס אַנדרומלען דעם קאָפּ פון יונגען צעגלינג פון דער משפּחה מיט אַלץ דיזעלבע, אַלטע פאַמיליען־לעגענדען. מיר קענען איצט דאָס פאַנטאַסטישע בילד, וואָס היינע האָט געמאָלען, צוריקבריינ־גען צום היסטאָרישען אמת. אָבער דער אמת איז גענוג מערקוויר־דיג, אינטערעסאַנט און פון פּאָעטישען רייץ. עס האָט זיך דער־האַלטען אַ טאַגעבוך פון דעם מאַן, וואָס האָט אַזוי באַשעפטיגט היינעס קינדערשע פאַנטאַזיע. איך האָב דעם טאַגעבוך פיעל מאָל געלעזען און פאַרגליכען מיט היינעס ערצעהלונג. און היינע האָט ווירקליך רעכט געהאַט, אַז זיין עלטער־פעטער האָט געמוזט זיין אַ מין היילגער — אַ ביסעל אַ מאָדנער היילגער. מען קען איהם אָהן שום שהיות צורעכענען צו יענע טיפּען פון 18טען יאהרהונדערט, וואָס זענען געווען פאַנטאַזיאָרען און שווינדלער צוגלייך. כסדר אויף רייזען און וואַנדערונגען איבער אייראָפּאַ און אָריענט

שטארבט ער צו ניט פולע 54 יאהר אין 1774 אין פארבאד, עלזאס.

דער דאזיגער עלטער פעטער האט אזוי פארנומען די גדאנקען פון דעם אינגעל, אז אין זיינע חלומות זעהט ער זיך אין זיין געשטאלט, ווערט איינס מיט איהם, אזוי אז שפעטער איז ער זיך מודה: „מאנכע ווילדקייטען, מאנכע פאטאלע סימפאטיען און אנטיפאטיען, וואס פאסען גארניט צו מיין נאטור, אפילו מאנכע האנדלונגען, וואס זענען אין ווידערשפרוך מיט מיין גאנצען ארט דענקען, ערקלער איך מיר מיט דער נאכווירקונג פון יענער מטושטש'ער צייט, ווען איך בין מיין אייגענער פעטער געוועז״.

אהן צווייפעל וועלען די קינפטיגע ביאגראפען פון היינריך היינען זיך מוזען ווענדען צו אט דער מערקווירדיגער געשטאלט פון ירושלים'ער עולה־רגל'ניק, אום צו ערקלערען זיך פיעלע אייגענטימליכקייטען אין היינעס פאעזיע און כאראקטער.

א גאנץ אנדער סארט מענש, ווי געזאגט, איז געווען דער דאקטאר גאטשאלק וואן געלדערן. ער איז באלד געווארען דער ליעבלינג פון שטאדט און אומגעגענד, די שטיצע פון זיין אומגליקליכען פאטער, די רייכסטע בעלוינונג פאר די ניט פארווירקליכטע האפנונגען, וואס די פאמיליע האט געלעגט אויפ'ן בכור סימאן וואן געלדערן. אין 1754 האט גאטשאלק גענומען זיך פאר פרוי סארלא, די טאכטער פון דוד פנחס באק פון זיעגבורג. אויך איהם זענען די אינטערעסען פון זיינע גלויבענס־ברידער נאהענט צום הארצען געווען, און ער האט מיט זעלטענער אויפריכטיגקייט און טרייהייט געפיהרט דעם פארשטעהער־אמט, וועלכער פלעגט שוין איבערגעהן בירושה אין זייער פאמיליע. ווען לאצארוס וואן געלדערן האט אויסגעהויכט זיין נשמה אין 1769 נאך א לעבען פול זארג און לייד, האט ער געקענט מיטנעהמען אין קבר אריין דעם זיכערען טרייסט, אז די טראדיציעס פון דער פאמיליע וועלען פארטגעזעצט ווערען דורך זיין צווייטען זוהן און זיינע קינדער. פינף קינדער זענען געבארען געווארען צו דר. גאטשאלק וואן געלדערן, צוויי זיהן יאזעף און סימאן, און דריי טעכטער — ברייינלע אדער ברינעללא, האנא און פייערכע, אדער בעטטי, היינריך היינעס מוטער. יאזעף

וואן געלדערן, דער עלטערער זוהן, איז געווען דער שטאָלץ פון דער פאמיליע. ער האָט סטודירט אין די אוניווערסיטעטען פון באנן, היידעלבערג, מאינץ און דיסבורג. זיין דיסערטאציע איבער אייניגע מעדיציניש גרונדפראגען, וואָס זענען נאָך ביז אויף היינטיגען טאָג ניט געלייזט, ווייזט אויף א זעלבסשטענדיג דענקענדען און באגאבטען קאָפּ, וועלכער שרעקט זיך ניט אויפצונעמען א קאַמף איבער די פּראָבלעמען פון זיין וויסענשאַפט מיט די מייסטער פון פאך.

אָבער דער ליעבלינג פון דער פאמיליע איז געווען פייערכע וועלכע איז געבוירען געוואָרען דעם 27טען נאָוועמבער 1771. דאָס אויג פון געלעהרטען פאָטער האָט מיט שטאָלץ נאָכגעפאָלגט איהר שנעלער גייסטיגער ענטוויקלונג, זי פלעגט איהם פארלעזען לאַטיינישע טראַקטאַטען און איהם איבערראשען מיט איהרע פראַגען. פילאָזאָפישע געדאנקען האָבען אָנגעפילט איהר גייסט און זי האָט געהאַט אן אפענעם געמיט פאר די סודות פון דער פּאָעזיע. „איהר פארנונפט און איהר געפיהל איז געווען די געזונדקייט אליין“ — זאָגט דער זוהן וועגען איהר מיט רעכט.

אין 69־טען לעבענסיאָהר, דעם צוועלפטען אָקטאָבער 1795, איז גאָטשאַלק וואן געלדערן געשטאָרבען אין דיסעלדאָרף, אלגעמיין באליעבט און געאכטעט.

---

2

עס איז צו באדויערען, וואָס וועגען היינעס פאמיליע פון פאָטערס צד האָבען מיר א סך ווייניגער ידיעות, וויפיעל מיר האָבען עס וועגען דער פאמיליע וואן געלדערן. דעם פאָטערס פאמיליע איז אפילו געשטאַנען אויף א פיעל נידעריגערער סאָציאַלער און גייסטיגער שטופע, דאָך וואָלט געווען פאר אונז אינטערעסאַנט נאָכצוזוכען היינעס יחוס־בוים אויך אין דער ריכטונג. און ווען אלע וואָס קענען היינעס לעבען גענוי זענען מיט דער מיינונג, אז דאָס איז דער עיקר די מוטער געווען, וואָס האָט געהאַט דעם איינפלוס אויף דעם זוהן, דאָך ווען מיר קוקען זיך צו צו היינעס יוגענד צייט, זעהען מיר. אז זיינע געדאנקען האָבען זיך שטענדיג געצויגען „צום

פ א ט ע ר ס הויז, וואו די זון האָט צוערשט אויפגעשלאָסן דעם הימעל פאַר איהם."

היינע האָט אין זיינע מעמוארען צוליעב א וויץ שטארק גע־פעלשט דעם פּאָרטרעט פון זיין זיידען, פון פאטערס צד. צוויי מאָל דערמאָהנט ער אין זיינע שריפטען יענעם זיידען. איינמאָל אין דער ווינטער מעשה'לע „דייטשלאנד".

„צו ביגעלבורג שטיעג איך אב אין דער שטאָדט,
אום דאָרט צו באטראכטען די שטאמבורג,
וואו מיין גראָס פאטער געבאָרען וואָרד;
די גראָס מוטער וואר אוים האמבורג."

ער דערצעהלט נאָך ווייטער, אז ביים פאַרלאָזען ביקענבורג האָט א האלב פּערסטענטום ביקענבורג זיך צוגעקלעפּט צו זיינע זיילען, און אזעלכע לעהמיגע וועגען האָט ער קיינמאָל אין זיין לעבען ניט געזעהן.

א צווייטען מאָל דערמאָהנט ער זיין זיידען אין די מעמוארען, נעגען אבענד פון זיין לעבען. ער פאַרטיידיגט זיך דאָרט געגען דעם פאַרוואורף פון זיינע שונאים, אז ער, היינע, אין זיינע ביאָגראַפישע מיטטיילונגען רעדט זעהר פיעל וועגען דער מוטערליכער פאמיליע. אבער ניט א וואָרט וועגען דער פאטערליכער פאמיליע. מסתמא האָט ער וואָס צו פאַרשווייגען. ענטפערט דאַרויף היינע: „די אור־זאכע איז גאַנץ איינפאַך: איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט וואָס צו דערצעהלען פון איהם. מיין פאַרשטאָרבענער פאָטער איז גע־קומען אלס פרעמדער מאַן אין מיין געבורטסשטאָדט דיסעלדאָרף... און קיין אלטע מוהמעס און קרובות זענען ניט געוועזן, וואָס זאָלען שפּעטער דעם יונגען צעגלינג פון דער משפחה טאָגטעגליך דרומ־לען אין קאָפּ אריין די פאמיליען־לעגענדען... מיין פאטער אליין איז געוועזן א שווייגענדיגער, האָט ניט גערעדט גערן, און ווען איך אלס קליינער אינגעל האָב איינמאָל זיך גענומען די געלעגענ־הייט — דאָס האָט געמוזט זיין א זונטאג, ווארום די וואָכעדיגע טעג האָב איך פאַרבראַכט אין דער וויסטער פראַנציסקאַנער קלויסטער שולע — צו פרעגען מיין פאָטער, ווער מיין זיידע איז געוועזן, האָט ער מיר האַלב שמייכלענדיג, האַלב בורטשענדיג געענטפערט:

„דיין זיידע איז געווען א קליין אידעל מיט א גרויסער באָרד“. היינע דערצעהלט ווייטער, וואָסערע קלעפּ ער האָט אריינגעכאַפּט פון לעהרער, ווען ער האָט אויף מאָרגען איבערדערצעהלט פאַר זיינע שול קאַמעראַדען, אז זיין זיידע איז געווען א קליין אידעל מיט א גרויסער באָרד. יענע ערשטע קלעפּ, זאָגט היינע, זענען איהם ניט ארויס פון זינען און ער האָט דארום אויף שפּעטער קיין חשק ניט געהאַט צו פּרובען קריגען מעהר אויסקינפטע וועגען יענעם פּאַרדעכטיגען זיידען, אום צו קענען עס איבערדערצעהלען פאַר'ן גרויסען פּובליקום, ווי אַמאָל פאַר דעם קליינעם פּובליקום זיינעם“. דאָס איז אַלץ, וואָס מיר דערוויסען זיך פון היינען גופא איבער זיין זיידען הײמאַן היינע.

הײמאַן היינע האָט אייגענטליך געהייסען חיים ביקענבורג. די אידען האָבען דאַמאָלס נאָך קיין פאַמיליע נעמען ניט געהאַט, זיי פלעגען זיך רופען נאָך זייערע געבורטס־פּלעצער.

חיים ביקענבורג, אָדער הײמאַן היינע, איז געבוירען געוואָרען אין דער קליינער רעזידענץ־שטאָדט ביקענבורג ביי זיין פאָטער דוד שמעון ביקענבורג. מיר ווייסען פון איהם זעהר ווייניג, אָבער אויף פאַרשידענע אומוועגען קען באַוויזען ווערען, אז אויסער „זיין גרויסער באָרד“ האָט הײמאַן היינע געהאַט א סך מעלות און איז געווען א רעספּעקטאַבעלע פּערזאָן. דאָס שטאַם הויז פון דער פאַמיליע שטעהט נאָך אין ביקענבורג; איצט איז עס דאָס נאָסטע הויז „צור פאַלע“ אין דער לאַנגענשטראַסע. דוד שמעון בי־קענבורג האָט זיך שפּעטער אריבערגעצויגען מיט זיין פאַמיליע קיין האַנאָווער, וואו אַלס עושר און בעל צדקה, האָט ער באַלד גע־נומען שפּיעלען אן אנגעזעהענע ראָלע אין דער געמיינדע, ער איז געשטאָרבען דעם 21־טען אויגוסט 1744.

זיין זוהן חיים ביקענבורג איז געגאַנגען אין די פוס־טריט פון זיין פאָטער. דעם 1טען יאַנואַר 1762 איז אין האַנאָווער פון 18 מענער געגרינדעט געוואָרען א צדקה חברה, וואָס עקזיסטירט נאָך ביז היינטיגען טאָג. צווישען די 18, וואָס זענען אהן ספק געווען די אנגעזעהענסטע מיטגליעדער פון דער געמיינדע, האָט זיך אויך געפונען חיים ביקענבורג. ער איז געשטאָרבען דעם 18־טען סעפּ־

טעמבער 1780 און ליעגט אויפ׳ן אלטען אידישען בית עולם.

חיים ביקענבורג האט חתונה געהאט צוויי מאל, זיין ערשטע פרוי איז געוועזן איידעל, די טאכטער פון לייזער גאנז; די פאמי־ליע איז געוועזן איינע פון די אנגעזעהענסטע ניט נור אין האנאווער, נור אין גאנץ דייטשלאנד. זי איז געוועזן בלוט פארוואנדט מיט דער פאמיליע וואן געלדערן, און אזוי, זענען היינעס מוטער און פאטער, וואהרשיינליך אליין ניט וויסענדיג דאס, געוועזן קרובים. איידעל ביקענבורג איז געשטארבען אין 1757.

נאך דעם פריהען טויט פון זיין ערשטער פרוי, האט חיים ביקענבורג חתונה געהאט א צווייטען מאל מיט א יונגע מיידעל פון זעהר אן אנגעזעהענער פאמיליע אין אלטאנא, די צווילינג שטאדט פון האמבורג. היינעס באבע, ווי היינע אליין דערצעהלט אונז, איז געוועזן אן אויסערגעוועהנליך שעהנע פרוי און די איינציגע טאכטער פון א באנקיר אין האמבורג, וועלכער איז צוליעב זיין עשירות וועלט און ברייט באריהמט געוועזן. זי האט געהייסען מאטהע חוה פאפערט.

עס איז אינטערעסאנט, אז איינער פון די עלטסטע מיטגליעדער פון דער פאמיליע שמואל פאפערט אוים קאבלענץ איז געוועזן אן ארימער האלב ליטעראט און א הומאריסטישער שריפטשטעלער, און צוגלייך אויך א גרינדער פון א העברעאישער דרוקעריי אין אלטאנא. ער איז געוועזן דער ארויסגעבער און בעארבייטער פון דער אלטער פורים שריפט וועגען א רבין און זיינע צעהן תלמידים, וואס פיהרען א ויכוח וועגען המנ׳ס תליה. די שריפט האט שמואל פאפערט ארויסגעגעבען אין 1715 אין האמבורג, מיט א א י ד י ־ ש ע ר איבערזעצונג, אונטער א נייעם טיטעל, מיט דער באמער־קונג, דאס ער אליין איז געבוירען געווארען פורים צייט, און עס פאסט זיך פאר איהם באזונדערם צו שרייבען גראמען לכבוד פורים. אויך האט ער ארויסגעגעבען די „ראלע פון אנטיכוס“ מיט א מאטא:

„עס דריקט מיך, דארום דרוק איך;
וואס מיך דריקט, איסט גאט באקאנט,
שמואל פאפערט בין איך גענאנט“.

אלזא, איינער פון היינעס אור־עלטערן איז שוין געווען א הומאריס־טישער פּאעט.

נאָך דער דאַזיגער קורצער אבווייכונג וועלען מיר זיך אומ־קעהרען צו היינעס באָבען, חוה היינע'ן, געבוירענע פּאפּערט. זי איז פריה געווארען אַן אלמנה און זי האָט זיך מיט איהרע זעקס קינדער — אלע אינגלעך — אריבערגעקליבען קיין האמבורג, וואו זי האָט אין גיכען חתונה געהאט מיט איהר שוואָגער בענעדיקט שיף, ביי וועמען עס איז געשטאָרבען די פרוי, חוה'ס עלטערע שוועסטער. היינעס באָבע איז געשטאָרבען דעם 9טען אפּריל 1799.

מאַטהע חוה, היינעס באָבע, איז געבענשט געווען מיט א סך קינדער. איהר ערשטען מאַן היימען היינע, האָט זי געבוירען זעקס זיהן און צוויי טעכטער. די ביידע מיידלעך זענען פריה געשטאָרבען און פון די זעקס זיהן אייזיק, שמשון, שלמה (סאלאמאן), מאיר, שמואל און הערץ, זענען נור דריי באַקאנט געווארען — אייזיק, שמשון און סאָלאָמאָן. דער עלטערער אייזיק, וועמענס געבורטס־יאָהר איז אונבאַקאַנט, האָט אין אָנפאנג פון 19טען יאָהרהונדערט אריבערגעוואנדערט קיין פראנקרייך און זיך באזעצט אין באָרדאָ, וואו ער האָט חתונה געהאט מיט א פראנצויזין און איז געשטאָרבען דעם 16טען אקטאבער 1828, איבערלאָזענדיג א נישקשה'דיגען פּארמעגען. זיינע צוויי זיהן זענען די צוויי באַקאנטע באנקירען ארמאַנד און מישעל היינע, וועלכע האָבען איז זייער יוגענד געלעבט אין ניו־ארליאנס, אמעריקא. דערנאָך זענען זיי געווארען די שעפס פון באַקאנטען פּאריזער באנקהויז אפּענהיימער און פילד.

סאלאמאן היינע איז געווען דער וועלט בארימטער באַנקיר, וועלכער האָט צו פּאַרדאנקען זיין פּאָפּולאַריטעט צו זיין רייכטום, ווי אויך צו זיין צדקה, אבער אויך צו זיין פּארהעלטנים צו זיין גאָך מעהר בארימטען פּלימעניק. אונז וועט שפּעטער נאָך אויסקו־מען פיעל צו רעדען וועגען איהם.

מיר קומען איצט צו היינריך היינעס פּאָטער. שמשון (סאַמ־סאָן) היינע איז געבוירען געווארען, ווי די איבעריגע זיהן, אין האַ־נאָווער דעם 19־טען אויגוסט 1764. פון זיין פריהסטער יוגענד ווייסען מיר אבסאָלוט נישט. און שפּעטער האָט איהם ניט אזוי גע־

גליקט ווי זיין עלטערן און אינגערען ברודער. אויך ער איז געקומען אלס אינגעל קיין אלטאנא און האמבורג, וואו ער האט געקראגען זיין סוחר׳שע פארבילדונג. מיט די פאקטען איז שווער צו פאראייניגען די מיטטיילונגען פון היינע אין זיינע מעמוארען, וועלכע ווערען באשטעטיגט פון זיין ברודער מאקסימיליאן און פלימעניצע פירסטין דע לאראקא, אז סאמסאן היינע איז אין זיינע יונגע יאהרען געשטאנען אין האנאווערשען דיענסט און האט „צום אנפאנג פון דער פראנצויזישער רעוואלוציאן מיטגעמאכט דעם פעלדצוג קיין פלאנדערן אין דער סוויטע פון פרינץ ערנסט פון קאמבערלאנד אלס פראוויאנטמייסטער אדער קאמיסאריוס.

איך גלויב ניט, אז דער דיכטער האט דא צו טריי זיך געהאל־טען ביי די פאקטען. היינע האט געקענט פארפיהרט ווערען פון א פאסטעל־בילד פון זיין פאטער, וואס האט איהם פארגעשטעלט אלס יונגען מענשען אין א רייטער יוניפארם.

אלענפאלס דארף מען אננעמען, אז סאמסאן היינע האט דורכגעמאכט א שטורמדיגע יוגענד. שוין אלס 32 יעהריגער מאן איז ער אין א יולי־פריהמארגען פון יאהר 1796 אנגעקומען צום ערשטען מאל קיין דיסעלדארף, וועלכע איז דאמאלס געווען באזעצט פון פראנצויזען. ווען מען זאל גלויבען די מיטטיילונגען פון זיין זוהן, וואס אין דעם פאל איז עס ניט ראטזאם, האט ער געהאט מיטגע־בראכט 12 שעהנע פערד, וועלכע אבער ער האט שפעטער, נאך דער חתונה געמוזט פארקויפען, אויף דעם אויסדריקליכען וואונש פון זיין יונגער פרוי, ווייל דער פיערפיסיגער קאפיטאל האט צו־פיעל געפרעסען און ווייניג אריינגעבראכט. עס איז מעהר צו גלוי־בען די מיטיילונגען פון די צייטגענאסען, אז ער איז געקומען קיין דיסעלדארף אויף אן איינפאכער געשעפטסרייזע מיט רעקאמענ־דאציאנס בריעף פון האמבורג. קיין אויפזעהן האט זיין קומען ניט געמאכט אין דיסעלדארף, כאטש ער איז געווען א שעהנער שטאט־ליכער יונגערמאן, מיט א לעבעדיגען טעמפעראמענט און ווארימען הארץ, ווען אפילו ניט באזונדערס באגאבט. נאר אין איין הויז האט ער יא אויסגענומען — און דאס איז געווען אין הויז פון די

וואַן־געלדערנס, וואָס איז געווען אין טרויער נאָכ'ן דר. יאָזעף וואַן געלדערן.

בעטטי וואַן געלדערן איז נאָך דעמזעלבען יאָהר באַשערט געווען אַ טרייסט. זי, וועלכע האָט פריהער צוריקגעוויזען אַלע חתנים און געוואָלט בלייבען אונפאַרהייראַט, איז נאָך אין זעלבען יאָהר גע־וואָרען די ליעבענדע כלה פון סאַמסאָן היינע. עס שיינט, אַז ענדע אויגוסט 1796 זענען זיי שוין פאַרלאָבט געווען; באַלד נאָכדעם איז סאַמסאָן היינע אַוועק צוריק קיין האַמבורג. פאַר דער צייט האָט בעטטי געהאַט פיעל שוועריגקייטען בייצוקומען. איהר חתן איז געווען פאַלשטענדיג אָהן מיטלען, און די עלטסטע פון דער גע־מיינדע, פון וועלכער יעדער ניי אָנגעקומענער איד האָט געדאַרפט אַרויסקריגען ערלויבנים זיך צו באַזעצען, האָבען דאָס דאָזיגע ער־לויבעניס בשום אופ'ן ניט געוואָלט געבען בעטטי'ס חתן. און בעטטי האָט געהאַט צו פיהרען אַ ביטערען קאַמף מיט די עלטסטע און מיט די רבנים שלמה און אברהם שייער, און זי האָט זיך סוף כל סוף געמוזט ווענדען צו דער רעגירונג, און ביי איהר האָט בעטטי אָנפאַנג נאָוועמבער 1791 אויסגעפועלט אַ באַפעהל צו דער אידי־שער געמיינדע, אַז זי זאָל אויסשטעלען וואָהנרעכט פאַר סאַמסאָן היינע פון האַמבורג.

עס זענען דאָ דאָקומענטאַלע באַווייזע, אַז די חתונה איז פאָרגעקומען צווישען ערשטען און פינפטען פעברואַר 1797. אונ־טער צוויי פאַמיליען־דאָקומענטען — אָבמאַכען מיט די קרובים וועגען די ירושה פון פאַרשטאָרבענעם וואַן געלדערן, דעם 1־טען און 5־טען פעברואַר, — איז סאַמסאָן היינע אונטער'ן ערשטען גע־צייכענט „ברויטיגאַם" אונטער צווייטען — „עהרעמאַן". דאָס איז וויכטיג צו וויסען אום פאַרטיג צו ווערען מיט'ן אַלטען שטרייט: אין וועלכען יאָהר היינע איז געבאָרען געוואָרען — אין 1797 צי אין 1799? נו, איז איצט מעהר ווי וואָהרשיינליך, אַז דעם 13־טען דעצעמבער נאָך פון זעלבען יאָהר 1897 איז די קליינע איינשטאַ־קינע געביידע אויף דער באָלקער־גאַס נומער 602 צום ערשטען מאָל געבענשט געוואָרען מיט דער ברכה פון קינדער, און עס דאַרף דאָ קוים געזאָגט ווערען, אַז דאָס קינד האָט געטראָגען דעם וועלט־

באריהמטען נאָמען — היינריך היינע. לויט דעם מנהג פון יענער צייט האָט מען דעם בכור פון דער פאַמיליע צוגעלעגט דעם העב־רעאישען נאָמען פון זיידען פון פאָטערס צד — אלזא הערריי הייכע האָט נאָך געהייסען חיים היינע.

אין זעלבען הויז האָט סאמסאָן היינע עטאַבלירט א טוך און מאַנופאקטור געשעפט. שוין אין אנפאנג פון יאהר האָט סאמסאָן היינע אין האמבורג באקאנט געמאכט דורך דער „דיסעלדאָרפער צייטונג“, אז „ער וואוינט אויף באלקער שטראסע, לעבען רויטען קרייץ, און אז א חוץ די סחורות, וואָס ער פארקויפט אין דער בודקע אויפ'ן מארק, קען מען נאָך ביי איהם ב י ל י ג קריגען פאר־שיעדענע אנדערע ניימאָדישע וואארען“.

דאָס בילד, וואָס היינע האָט אָנגעוואָרפען פון זיין פאָטער אין זיינע מעמוארען איז — מען קען עס איצט אָפען זאָגען — גאַנץ פאלש, וואָס שייך אויסערע לעבענספּאָס־רונגען, אָבער דער מענש איז צוגעטראָפען. דער כאראקטער שטימט. די אייגענטימליכקייטען פון יענעם מאַן זענען געשילדערט קאָרעקט. וואָס היינע דערמאָהנט נים און וואָס איצט איז א פעסטשטעהענדער פאקט, אז סאמסאָן היינע איז אין די יונגע יאָהרען געוועזן שטארק פרום און האָט אב־געהיטן אלע רעליגיעזע צערעמאָניעס מיט גרויסע פינקטליכקייט. היינע דערמאָהנט עס נים, ווייל עס וואָלט נים געפּאסט צו די פערד, יאגדהינד און שווישפּיעלערינס, מיט וועלכע ער רינגעלט איהם ארום. פון די אקטען פון דיסעלדאָרפער „חברה תהלים“ און „בקור חולים“ פון 1797 איז צו זעהן, אז איינער פון די פאָרשטע־הער איז געוועזן סאמסאָן היינע. איינע פון די פליכטען פון די מיט־גליעדער איז געוועזן צו זאָגען תהלים ביי קראנקע און שטארבענדע. ווי שטימט עס מיט פערד און שווישפּיעלערינס!

שפּעטער איז ער אלענפאלס דורך דעם איינפלוס פון זיין אויפגעקלערטער פרוי געוואָרען אלץ פרעמדער צו יענע פרומע קרייזען. צום אָנהויב פון נייעם יאהרהונדערט ווערט ער שוין פארדעכענט צווישען די „אויפקלערער“ און לאָזט זיך פארשרייבען אין דער לאזשע „צו מארגענראָט“, אין פראנקפורט אם מיין. אין יאָהר 1804 געפינען מיר זיין נאָמען צווישען די, וואָס האָבען

בײגעטראָגען זײער שטיצע צו דער גרינדונג פון דער דײטשער שול „פּהילאַנטראָפּינס“ אין פראַנקפורט. דאָס איז שוין א באַדײ־טענדער פאָרטשריט. אבער נאָך אַלעמען בלײבט ער א רעליגיעזע נאַטור.

אין גײסטיגער באַציהונג איז סאַמסאָן הײנע זיכער געװען אונבאַדײטענד. ער איז געװען אן עהרליכער, גוטהערציגער מענש. אָבער גײסטיגע אינטערעסען דאָס איז געװען ניט זײן זאַך. מערק־װירדיג איז געװען זײן הײסע פאַרעהרונג פון נאַפּאָלעאָנען. אין װעלכען די רהײנישע אידען פון זײן צײט האָבען געזעהן דעם לאַנג ערװאַרטעטען באַפרײער. די מוטער, פאַרקעהרט, איז געװען א באַגײסטערטע דײטשע פּאַטריאָטקע, און די ערנידריגונג פון פאַ־טערלאַנד האָט איהר פאַרשאַפט גרויסע שמערצען. אַלזאָ הײנע האָט שוין אין זײן פאַטערהויז אײנגעאָטעמט די ליעבע פאַר די פראַנצויזען און די גליהענדע פאַרעהרונג פון נאַפּאָלעאָנען. נאָך מיט יאַהרצעהנדליגע שפּעטער, װען מען פלעגט אין סאַמסאָן הײ־נעס געגענװאַרט, אַטאַקירען נאַפּאָלעאָנען, פלעגט ער זיך אַברופען מיט א זיפץ: „הלואי װאָלט ער נאָך געװען!“ אויך מאַקסימיליאַן הײנע דערצעהלט אין זײנע מעמואַרען פאַרשיעדענע שפּאַסען אין באַצוג צו די גײסטיגע פעהיגקײטען פון זײן פאָטער. אימפּאָנירט האָט ער אַלזאָ זײנע קינדער ניט, אבער זײ האָבען איהם געליעבט צוליעב זײן גוטמוטיגקײט און ליעבענסװירדיגקײט.

גראַד אָט די מעלות זענען דאָס שולדיג געװען, װאָס סאַמסאָן הײנע'ן האָט גענומען געהן שלעכט אין זײנע געשעפטען, כאָטש ער האָט געהאַלטען שטענדיג אין רעכנען. שפּעטער איז זײן גוט־מוטיגקײט אריבער אין לײכטזין, זײן „אָפענע האַנד“ אין פאַר־שװענדערישקײט. אין יאָהר 1810 זעהען מיר איהם זיך נאָכיאָגען נאָך א מיליאָנען ירושה. אין די בריעף, װאָס האָבען זיך דערהאַל־טען דעריבער, אָטעמט װירקליך א קינדישער און פרעהליכער גע־מיט, אָבער אויך א געװיסער לײכטזין. זעלבסטפאַרשטענדליך, אין די מיליאָנען - ירושה פון רײכען שװעסטערקינד א באָבע־מעשה. אין יאָהר 1813 געפינען מיר איהם אלס הויפּט קאָלעקטאָר פון דער גרויס־הערצאָגליך בערגישער קלאַסענלאָטעריע, און ער מאַכט אויך

דארט קיין ערפאלג ניט. ווען היינע איז אין 1819 אריינגעטרע־
טען אין דעם באננער אוניווערזיטעט, זענען די געשעפטען פון זיין
פאטער, לויט זיין אייגענעם באריכט, געווען אזוי ניט גלענצענד,
אז די מוטער האט געמוזט פארקויפען איהר ציערונג, א האלזבאנד
און אויערינגלעך, אום צו זיכערן איהר זוהן זיין אויסקומען פאר'ן
ערשטען אוניווערזיטעטס־יאהר.

צו פסח פון יאהר 1870 האט סאמסאן היינע אויפגעגעבען
אלע זיינע געשעפטען אין דיסעלדארף און האט זיך באזעצט אין
אלדאסלא, וואו ער האט געוואהנט נאר א קורצע צייט. אנהויב
יאהר 1822 האט ער זיך איבערציעגען קיין לינעבורג, וואו זיין ברו־
דער סאלאמאן היינע האט ער געדונגען פאר איהם א געשעפטס־
שטעלע אויפ'ן מארקפלאץ.

אין לינעבורג האט סאמסאן היינע געלעבט ביז דעם זומער
פון יאהר 1828, ווען ער האט זיך אריבערגעקליבען קיין האמבורג,
וואו זיין צווייטער זוהן גוסטאוו האט עטאבלירט א עקספעדיציאנס
און פראדוקטען געשעפט. אין הויז פון זיין זוהן גוסטאוו איז ער
דעם צווייטען דעצעמבער פון זעלבען יאהר געשטארבען פון א
נערווען־שלאג.

## צווייטער קאפּיטעל.

### קינדהייט און יוגענד יאָהרען.

הערצי היינע איז געוועזן דאָס עלטסטע קינד. אונטער איהם זענען געוועזן די שוועסטער שאַרלאָטע, וועלכע ער האָט צערטליך ליעב געהאַט זיין גאַנץ לעבען, און די צוויי ברידער גוסטאַוו און מאַקסימיליאַן — דער לעצטער זיין בעסטער קינדהייטס חבר. די פּערזען, וועלכע ער האָט שפּעטער געווידמעט זיין שוועסטער: „מיין קינד, מיר זענען קינדער געווען" הויבען אויף דעם שלייער איבער זיין ערשטער יוגענדצייט; אויך די קליינע טרויעריגע געשיכטע פון פריץ פאָן וויצעווסקי, וועלכער איז דערטרונקען געוואָרען ראַטע־ווענדיג א קעצעל, שטאַמט פון דער גאָר פריהסטער צייט, — אַן ערינערונג, וואָס איז איהם קיינמאָל ניט ארויס פון זכרון.

די מוטער האָט געהאַט די ערציהונג אין איהרע הענד. איהר געדאַנק איז געוועזן צוצוגרייטען דעם זוהן צו א געזעלשאַפטליכער קאַריערע. זי איז אַן „אויפגעקלערטע" און וויל פון קיין פאַנטאַזיעס ניט וויסען. אבער דאָס אונגעוועהנליכע, דאָס פאַנטאַסטישע רייסט זיך דאָך אריין דורך הינטערוועגען אין זיין יוגענד־לעבען. דאָס איז דער פעטער סימאָן וואַן־געלדערן, אַן אלטפרענקישער, בכבוד'יגער הערר, אבער א מאָדנע פּאַרשוין, א צוריקגעצויגענער אין זיך, וועלכער פאַרברייננגט אַלע זיינע טעג איבער טייערע ביכער אין זיין אַלטער הויז, וואָס איז באַקאַנט אין דער משפּחה מיט דעם נאָמען „נח'ס קאַסטען". ער איז באַהערשט פון א שרייב־משוגעת, אבער מיט זיינע שרייבערייען האָט ער דער ערשטען געטריבען דעם פּלי־מעניק צו נעמען זיך פאַר דער פּען. אויפ'ן בוידים פון הויז איז געוועזן א קליינע קאַמער, וואו דער אינגעל פלעגט אבליגען גאַנצע טעג: דאָרט זענען געשטאַנען קאַסטענס מיט ביכער און שריפטען נאָך פון זיידענ'ס צייטען. איינמאָל האָט ער זיך אַנגעשטויסען אויף א

פארוועלגערטען נאטיצביכעל, וואס האט באלאנגט צום זיידענ'ס ברודער, דעמזעלביגען, וועלכער איז באקאנט געווען אין דער משפחה, אלס דער „מזרח־לענדישער". די דאזיגע פיגור פארפאלגט דעם איינגעל אין חלום און אויפ'ן וואהר. אין די חלומות איז ער אליין דאס דער פארשטארבענער אוואנטיורען־יעגער. א גאנץ יאהר האט אנגעהאלטען דאס דאזיגע פאנטאסטישע דאפעל־לעבען ביי דעם איינגעל היינע.

אין 1811־1812 האט ער געהאט א געלעגענהייט צו זעהן דעם פאבעלהאפטען העלד פון יענער צייט, קייזער נאפאלעאן. דער קייזער איז געריטען אין מיטען פון דער לינדען־אלעע פון הויף־גארטען, וואס דאס איז פארבאטען געווען אונטער פינף טאלער שטראף. א בלישצענדע סוויטע האט איהם באגלייט, ער אליין אבער האט געטראגען אן איינפאכע גרינע יוניפארם און זיין „וועלט־באריהמטען" קאפעלושעל.

דורך אן אלטער אם, וואס האט זיך אויפגעהאלטען אין דער פאמיליע, באקענט ער זיך און נעמט אריינקומען אין הויז פון א תליונ'ס אלמנה, וועלכע האט זיך געהאט אבגעגעבען מיט אלער־ליי פאלקסטימליכע צויבערייי. ביי איהר האט זיך געהאדעוועט א פלימעניצע, יאזעפא, אויך א יתומה פון א תליון, א זעכצעהניעה־ריגע, א שלאנקע, און אן אויסטערלישע שעהנהייט: א ווייס־קלאר געזיכט מיט בלוט־רויטע האר, אזעלכע לאנגע, אז זי האט זיי גע־קענט ארומוויקלען ארום האלז. זי האט געזונגען אלטע ליעדער און דערצעהלט אונהיימליכע געשיכטען. דאס, וואס זי אלס א תליון־טאכטער, האט באלאנגט צו דער „אונאנשטענדיגער" געזעלשאפט, האט נאך צוגעגעבען א באזונדערן רייץ זייערע צוזאמענטרעפונגען. זי ווירקט אויף זיין פאנטאזיע און צוגלייך אויך אויף דער ביסליב־וויז וואך געווארענער ליידענשאפט פון יונגען מאן. ער פארזוכט פון יענע אויפרעגונגען, וואס קומען ביי איהם צום אויסדרוק אין איניגע פון זיינע געדיכטען פון די „טרוים־בילדער".

די מוטער רעקאמענדירט צו לעזען רייזע באשרייבונגען און דאס גלייכען, אבער דער אינסטינקט ציהט איהם צו לעזען זאכען, וואס זענען נאהענט צו זיין נשמה — ער לעזט מיט ענטציקונג דאן־

קיכאַט אין טיעק׳ס איבערזעצונג „גוליווערס רייזעס“ פון יאָנאַטהאַן סוויפט און לערנט אויף אויסווייניג אוהלאַנדס באַלאַדעס.

די מוטער האָט געטרוימט וועגען אַ גרויסאַרטיגער קאַריערע פאַר איהר זוהן, אָבער אין איהר עהרגייץ האָט זי פאַרזעהן דעם זוהנ׳ס אינדיווידועלע נאַטור.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך ערוואָרבען זיינע ערשטע שול־קענטניסע אין פּריוואַט־שולען, איז ער אַנגעקומען אין ליצעאום, אַן אַמאָליגע יעזואיטען שולע, וועלכע איז דאַמאָלס געפיהרט געוועזען פון פראַנציסקאַנער מאָנאַכען און איז עהנליך געוועזען צו אַ היינטיגער גימנאַזיע. דער בילדונגס־פּלאַן, וואָס די מוטער האָט געהאַט אויסגעאַרבייט, איז געוועזען געקניפּט אַן דער דאַמאָלסדיגער פּאָליטישער לאַגע. דער רעגענט מאַקס יאָזעף פאָן פּפאַלץ־צווייבריקען האָט אין 1806 געמוזט אָבטרעטען דאָס הערצאָגטום בערג צו נאַפּאָלעאָנען, פאַר דעם לויף פון אַ קעניג־טיטעל, און נאַפּאָלעאָן האָט געמאַכט זיין שוואָגער יאָאַכים מוראַט פאַר דעם גרויסהערצאָג פון בערג. ווען מיט צוויי יאָהר שפּעטער האָט מוראַט אַוואַנסירט צום קעניג פון נעאַפּאָל, איז דאָס לאַנד אַריבער דירעקט אונטער דער אויבערהערשאַפט פון נאַפּאָלעאָנ׳ען, וועלכער האָט נאָר פון פּאַרמע וועגען געשיקט קיין דיסעלדאָרף, אַלס זיין קייזערליכען שטאַט־האַלטער, זיין מינדעריעהריגען פּלימעניק לואי נאַפּאָלעאָן. אין בערגישען הערצאָגטום איז מען שוין צו די פראַנצויזען געוועהנט געוועזען. פון סעפּטעמבער 1795 ביז דעם לונעווילער פריעדען (1801) האָבען די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָנס־טרופּען געהאַלטען דאָס לאַנד באַזעצט און מ׳האָט איצט אָנגענומען פאַר ליעב אַי די לאַסט פון איינקוואַרטירונג, וואָס נאַפּאָלעאָנס הערשאַפט האָט פון דאָס נייע אַרויפגעלעגט אויפ׳ן לאַנד, אַי די מיליטערישע רעקווירציעס, פון וועלכע די באַפעלקערונג האָט געזוכט ווי ווייט מעגליך זיך אַרויסצומאַכען, און אַפילו דעם שאַדען, וואָס זי האָט געליטען דורך דעם האַנדעלסבאָיקאָט, וואָס גאַנץ אייראָפּאַ, מיט ענגלאַנד בראָש, האָט ערקלערט נאַפּאָלעאָנס קייזערטום — מען האָט אַלץ אָנגענומען פאַר ליעב צוליעב די אונצווייפעלהאַפטע געווינסען, וואָס נאַפּאָלעאָנס הערשאַפט האָט געבראַכט: עס איז אָבגעשאַפט

געוואָרען לייב־אייגענשאפט, אראָבגענומען געוואָרען דער פארבאָט פון הייראט צווישען אדעל, בירגער און פויערים־שטאנד, עס איז ערקלערט געוואָרען די גלייכהייט פון אלעמען פאר'ן געזעץ, און מיט דער איינפיהרונג פון נאפּאָלעאָנס געזעץ־קאָדעקס איז די גאנ־צע פראָצעס פיהרונג באדייטענד פארבעסערט געוואָרען. באזונדערס האָט די דאָזיגע הערשאפט געמוזט פארקומען ווי א ברכה די אידען, ווייל די דאָזיגע הערשאפט האָט זיי געבראַכט פולע בירגערליכע גלייכבארעכטיגונג. היינעס פאָטער איז געווען א הייסער אנהענגער פון נאפּאָלעאָנען, און די ליעבע, וואָס היינע האָט געפיהלט פאר'ן קייזער — צו פארשיעדענע צייטען אין פארשיע־דענע גראַדען — האָט געהאַט איהר ווארצעל אין יענע געבענשטע איינדרוקען, וואָס די קורצע הערשאפט פון נאפּאָלעאָנען פון דער זייט רהיין האָט איבערגעלאָזען אין די געמיטער. אָט יענע קינד־הייטס איינדרוקען ערקלערען עס, ווארום היינע'ן איז אזוי ווייט און פרעמד געווען דער נאַציאָנאַליסטישער, פראנצויזען־פרעסערי־שער דייטשטום...

און ווען די וועגד צווישען די פארשיעדענע שטאנדען זע־נען דורכגעבראכען געוואָרען, האָבען די מעגליכקייטען פאר דעם איינצעלנעם צו געווינען א העכערע פּאָזיציאָן אין דעם רעגיערונגס ארגאניזם אָהן א שיער זיך פארגרעסערט. דערויף האָט היינעס מו־טער אין איהר מוטערליכען עהרגייץ זיך געשטיצט פּלאנעווענדיג די ערציהונג פון איהר זוהן; ער האָט געזאָלט ווערען א רעגיערונגס־בעאמטער, און זי האָט דארום געהאלטען פאר צוועקמעסיג צו גע־בען איהם א ספּעציעלען אונטעררילכט אין מאטעמאטישע פאכען. אונטער די לעהרער פון ליצעאום, וואָס האָבען געהאָט א ווירקונג אויף דעם יונגען היינע, פארדיענט באזונדערס דערמאָהנט צו ווערן רעקטאָר שאלמייער, וועלכער איז אויך געווען דער פיהרער פון דעם אנשטאלט. דער דאָזיגער גייסטליכער איז געווען א שול־פריינד פון איינעם פון היינעס פעטערס. היינעס זיידע ווידער, דער ארצט, האָט איהם אמאָל ארויסגעראטעוועט פון א שווערער קראנק־הייט, און רעקטאָר שאלמייער איז געווען אן אפטער איינגעהער צו דער פאמיליע היינע. און ווען שוין פון פריהער האָט מען אין הויז

זיך קנאפ וואס זיך געקימערט וועגען רעליגיעזע זאכען. האט דער פערזענליכער פריינדשאפטליכער פארקעהר מיט א הויכען קאטוי־ לישען גייסטליכען קוים געקענט איינפלאנצען אין איינגעלס הארצען א געפיהל פון רעליגיעזער אבגעזונדערטקייט. נאך איידע ער האט דערגרייכט דעם געהעריגען עלטער, האט דער רעקטאר איהם געמאכט פאר א צוהערער פון די פילאזאפישע פארטרעגע, וואס ער האט געהאלטען פאר די העכערע קלאסען. אין די דאזיגע פארטרעגע פלעגט דער גייסטליכער, וועלכער פלעגט ביי געלעגענהייט אויך פראווען גאטעסדיענסטען, ברייט פונאנדערוויקלען די פריידענקע־ רישע סיסטעמען, האבען זיי געמענט זיין אין שארפסטען ווידער־ שפרוך צו די קירליכע דאגמען; היינע האט געזעהן, ווי „רעליגיאן און צווייפעל הויזען פריעדליך זאלבענאנד". דער רעזולטאט איז געווען ניט נאר אונגלויבען, נאר וואס איז פיעל מעהר — גלייכגילטיגקייט. דערפאר ווען דער רעקטאר איז געקומען צו היינעס מוטער מיט א פארשלאג צו מאכען איהר זוהן פאר א קאטאליק— ניט אוים פאנאטיזם, נאר אוים גוט פריינדשאפט, ער האט גע־ גלויבט, אז דורך זיינע איינפלוסרייכע פריינד וועט ער קענען פאר־ העלפען היינען צו א הויכען קירכען־אמט, — האט די מוטער דעם פארשלאג אנגענומען. אין זיין „ודוי", ווען ער קומט צו דעם פונקט, טהוט זיך היינע א שפיעל מיט דעם איינפאל, אז ער האט דאך אויף אזא אופן כמעט געקענט ווערן א פאפסט.

אבער מיט דעם צוזאמענברוך פון נאפאלעאנס אימפעריע האט זיך געביטען איהר גאנצער ערציהונגס־פלאן. עס איז געקומען די צייט פון זאמלען גרויסע פארמעגענס. דאס ביישפיעל פון ראט־ שילדס הויז, צו וועלכען איהר מאן איז געשטאנען נאהענט, האט דאס מאל איהר פארבלענדט. אוים מיט די וויסענשאפטליכע סטור־ דיען! דער זוהן ווערט אריינגעגעבען אין האנדעלס־שול. אין 1815 נעמט איהם דער פאטער מיט אויפ'ן יאהרמארק קיין פראנקפורט, וואו ער קומט אן צוערשט אין דעם קאנטאר פון איי־ נעם רינדסקאפף, דערנאך אין דעם געוועלב פון א בשמים־הענדלער. אבער ניט אין באנק־געשעפט און ניט אין קאלאניאל־געשעפט האט היינע ווייט דערגרייכט. חוץ דעם איז איהם זעהר ניט געווען צום

הארצען די געטא־אטמאספערע. נאכדעם ווי די שטאדט פראנקפורט איז באפרייט געווארען דורך די פארבינדעטע זענען די אידען ווי־דער געשטעלט געווארען אין דערזעלבער ערנידריגענדער לאגע, ווי פריהער: דאמאלס האט ער עס זיך באגעגענט צום ערשטען מאל מיט דר. בערנע, וועלכער האט אין זיין גאליגער און וויציגער שפראך געשילדערט, ווי דער איד אין פראנקפורט קען זיך ניט געבען דעם מינדסטען ריהר, מען זאל איהם אויף וועלכען עס איז אופן ניט געבען צו פארשטעהן, אז ער איז א איד. נאך צוויי מאנאטען האט היינע זיך צוריקגעקעהרט אין דאס הויז פון זיינע עלטערן. און עס איז געמאכט געווארען דער לעצטער פארזוך צו עפענען פאר איהם א האנדעלס־קאריערע: אין זומער 1816 איז ער אוועקגעשיקט גע־ווארען קיין האמבורג, וואו ער האט געדארפט ארבייטען אין א קאנטאר אונטער דעם אויפזיכט פון זיין פעטער סאלאמאן היינע. אט דער פעטער, דער גרויסער סוחר, מיט וועלכען היינע האט זיין גאנץ לעבען זיך ארומגעקריעגט און זיך ווייטער איבערגעבעטען, האט געהערט צו יענע מענשען, וועלכע האבען אלץ צו פארדאנקען זייער אייגענער טיכטיגקייט, און טיכטיגקייט איז ביי איהם געווען די איינציגע מאס צו מעסטען מענשען און זאכען. אלע די יעניגע, וואס האבען זיך ערנעהרט פון זיין האנד, האט ער באהאנדעלט מיט דעספאטישער גרינגשעצונג, גרויסמוטיג און קליינליך, שטרענג און ווייך. און נאך אלעמען איז ער דאך געווען א נאטור, וואס האט היינען אימפאנירט. דער יונגער מאן האט זיך געפיהלט ניט אם בעסטען אין דער נייער וועלט, צווישען מענשען, וואס זייער גאנצער אינטערעס האט זיך געדרעהט ארום געשעפט און געשעפט. ער האט אפילו, אלס קרוב פון גרויסען באנקיר היינע, געהאט די געלעגענהייט צונויפצוטרעפען זיך מיט דער בעסטער האמבורגער געזעלשאפט — אויף איהם איז געפאלען דער גלאנץ פון הויז — אבער „דיפלאמאטישע שרייב־פיה, מיליאנערען, איבערקלוגע סע־נאטארען א. ז. וו. זענען קיין לייט פאר מיר" — פלעגט ער חוזק מאכען.

און דא אין האמבורג, אין זיין פעטערס הויז, האט ער דורכ־געמאכט אן איבערלעבונג, וואס האט געלעגט א שארפען שטעמ־

פעל אויף זײנע ערשטע שאפונגען. ער האט זיך פארליעבט אין זײן קוזינע אמאליע הײנע, סאלאמאנס עלטסטע טאכטער, זי װי־דער האט אויף זײן ליעבע ניט געענטפערט. די ערקלערונג דארף מען ניט זוכען װײט. דאס שעהנע מײדעל מיט איהר פארנעהמקײט, מיט איהרע אריסטאקראטישע מאנירען האט געמוזט האבען א באזונ־דערן צויבער פאר דעם פראװינציעלען יונגען מאן, זי אבער האט גארנישט ניט געזעהן אין דעם קרוב פון רהײן, װאס זאל זיך אויסערליך װארפען אין די אויגען; פון װעלכען זי האט נאר גע־װאוסט, אז ער שרײבט געדיכטע און טראגט זיך מיט עפּיס ארום, אבער איז אלענפאלס גאר ניט עהנליך צו דער געזעלשאפט, צו װעלכער זי איז געװועהנט, אין װעלכער זי פיהלט זיך גוט און װעלכע זי פארשטעהט. דער יונגער מאן אבער האט שוין געהאט ניט װעניג שטאלץ אין זיך, ער האט אין זיך געפיהלט אזוינס, װאס האט זיך דרײסט געקענט פארמעסטען מיט דער טיכטיגקײט פון די װעלט־מענשען. ער האט געלעזען טיעק און האפמאן, בירגערס באלאדען זענען אין איהם װי לעבעדיגע געװעזען, און אין זײן קאפּ האט דאס אומגליק איבער דער ניט ערװידערטער ליעבע אנגענומען די גע־װאלטיגסטע פארמען, זיך אבגעטונקט אין די פינסטערסטע פארבען, װי עס װײזט דער בריעף, אין װעלכען ער טײלט מיט זײן פרײנד װעגען זײן אומגליק. דער בריעף איז אויסגעהאלטען אין גײסט פון דעם שטורם און דראנג־פעריאדע: „זי ליעבט מיך נ י ט! — ליע־בער קריסטיאן, דו מוזט דאס ל ע צ ט ע װערטעל ארויסרעדען שטיל, שטיל". דאס איז יענער הימעל און ערד צוטרײסלענדער גע־פיהלס־שטורם, װעלכער, אויסגעמישט מיט די אײנדרוקען פון זײן ליעבע צו יאזעפא, פון דאס נײ צובלאזען דורך אמאליעס הײראט אין יאהר 1821, האט דאס געמאכט, אז דעם יונגענמאנ׳ס ליעבעס־איבערלעבונג זאל אויפלויפען צו דער פאנטאסטישער װעלט פון דער „טרוים־בילדער"־סעריע. דאס איז יענער פארצװײפעלטער ערנסט אין באהאנדלונג פון לײדענשאפט, װעלכער פארקלײדט זיך אין א ריטערליכען פאנצער אין זײנע ערשטע ראמאנצען, אין „דאן־ראמירא", דער „באטשאפט" און ברעכט אויס אין א פאלקס־טימליכען הארץ־געשרײ און זײן דרײלינג־ליעד „דער ארימער פע־

טער״. די באַדייטונג פון אַט דער איבערלעבונג פאַר היינעס קינסטלע־
רישער ענטוויקלונג איז שווער אָבצושאַצן. זיין נאַטור, וואָס איז
גענייגט געווען צו וועה און קלאָג, האָט דאָ געפונען פאַר זיך א
קוואַל, פון וועלכן זי האָט געקענט שעפּן אָהן אויפהער. דער יו־
גענדליכער שמערץ איז אין גאַנצן קיינמאָל ניט פאַרלאָשן גע־
וואָרן. נאַמירליך, דער טאָן, מיט וועלכן דער שמערץ האָט זיך
אויסגעדריקט, האָט זיך געענדערט צוזאַמען מיט דער אינערליכער
פאַרוואַנדלונג פון דיכטער. אָבער יאָהרען האָבען נאָך געמוזט
אַוועק, איידער דאָס אומגליק האָט אָנגעוואָרען דעם איבערגעשריע־
נעם ווערט, וואָס עס האָט געהאַט פאַר דעם דיכטער־אינגעל, און
האָט באַקומען א נאָרמאַלערע אָבשעצונג.

אין יאָהר 1818 האָט סאַלאָמאָן היינע אויסגעריכט זיין פּלי־
מעניק מיט מיטלען צו גרינדען א מאַנופאַקטור־געשעפט אויף זיין
אייגענעם נאָמען — „העררי היינע עט קאָ.״. עס האָט איהם ניט
געגליקט. אין 1819 האָט ער דאָס געשעפט ליקווידירט. און עס איז
קלאָר געוואָרען, אז ער הויבט ניט אָן צו טויגען פאַר
דער סוחר׳שער פּראָפעסיע. עס ווערט באַשלאָסען, ער זאָל שטו־
דירען יוריספּרודענץ און שפּעטער אלס אַדוואָקאַט זיך באַזעצען אין
האַמבורג. — היינע קעהרט זיך אום צוריק קיין דיסעלדאָרף, כדי
זיך צוצוגרייטען צו דער אוניווערזיטעט. צוזאַמען מיט זיין אַמאָלי־
גען שול־קאַמעראַד, יאָזעף נייניציג, נעמט ער נאָך אַמאָל אונטער־
ריכט, הויפּטזעכליך אין לאַטייניש. אין אָנהויב דעצעמבער פאָהרט
ער קיין באָנן, וואו ער האַלט אוים דעם עקזאַמען, וואָס האָט גע־
עפענט פאַר איהם די טויערן פון אוניווערזיטעט.

## דריטער קאפיטעל.

# לעהר-יאהרען.

די באננער אוניווערזיטעט, וועלכע איז ערשט אין 1818 פון פריעדריך ווילהעלם דעם דריטען פון דאס נייע געגרינדעט געווארען. האט אין א קורצער צייט דערגרייכט איהר בליהונגס־פונקט. באַריהמטע פּראָפעסאָרען זענען געשטאנען אין איהר שפּיץ. היינע האט זיך ווייניג וואס אינטערעסירט מיט די יוריסטישע פאַרלעזונגען פון די פּראָפעסאָרען מאקעלדעי, מיטעלמייער און וועלקער. דערפאר אבער האט ער פלייסיג באזוכט א. וו. שלעגעלס פארלעזונגען איבער ליטעראטור און שפּראַך־געשיכטע און אויך די פארלעזונגען פון אַנדערע פּראָפעסאָרען איבער דייטשע געשיכטע, דייטשען רעכט און דייטשען אלטערטום. מיט דעם קונסט־היסטאָריקער הונדעסהאגען, וועלכער האט געהאט ביי זיך א מאנוסקריפּט פון ניבעלונגען ליעד, האט היינע אונטערגעהאלטען א פערזענליכען פארקעהר. אבער מעהר פון אלעמען האט איהם צוגעטראָפען שלעגעל, און ווי יעדער, וואס האט געהאלפען זיך שטארקען אין איהם זיין נאך אונזיכערן זעלבסטגעפיהל, האט שלעגעל זיך פארדיענט ביי איהם די ווארימסטע דאנקבארקייט. טאקע אוים דאנקבארקייטס־געפיהל האט היינע דאמאלס איבערגעכאפּט די מאס אין איבערשעצען איהם, פאר וואס ער האט זיך אגב שפּעטער בעלוינט דורך א גרויזאמער סאטירע אויף איהם. שלעגעל האט איהם אריינגעפיהרט אין זיינע אינדישע פארשונגען, האט זיך אינטערעסירט מיט דער ארויסגאבע פון זיינע ליעדער, און אויך דעם איינפלוס פון אט דעם לעצטען פון די שעפּפער פון ראָמאנטיזם דארף מען צושרייבען וואס היינע אין באנן האט פון אלע ליעדער־פארמען פארגעצויגען דעם סאנעט.

דער אינטערעס פאר'ן דייטשען אלטערטום, מיט וועלכען היינע איז פארכאפט געווען, איז געווען א מאָדע פון יענער צייט. דער

יונגער זימראק, דער יונגער האפמאן פאן פאלערסלעבען — די שפעטערדיגע זיילען פון ראמאנטיק — זענען דאמאלס געווען סטודענטען אין באנן. דער ראמאנטיזם איז געווען אינטים פארבונדען מיט דעם אויפגעוועקטען דורך דעם פרייהייטס־קאמף נאציאנאלען געפיהל. דער נאציאנאלער געפיהל, געמישט מיט א צושוואומענעם פרייהייטס־ענטוזיאזם און פון איהם ערגיץ אונדייטליך באגרענצט — דאס איז געווען דער לעבענסאינהאלט פון די בורשענשאפטען, מיט וועלכע די דייטשע אוניווערזיטעטען זענען דאמאלס פול געווען. פרייהייט איז פון אנפאנג פארשטאנען געווען אלס אונאבהענגיגקייט פון פרעמדהערשאפט. שפעטער האט זיך זיך ביסלעבווייז איבערגעשמעלצט אין פאליטישען ליבעראליזם. די פרעמדסטע, ענטגעגענגעזעצטעסטע עלעמענטען, אונטער זיי יונגע לייט, וועלכע זענען שפעטער געווארען ארטאדאקסען און רעאקציאנערען, זענען פאראייניגט געווען אונטער דער שווארץ־רויט־גאלדיגער פארב פון די בורשענשאפטען. צוערשט האבען די רעגיערונגען זיך פארהאלטען גנעדיג צו די בורשענשאפטען; דערנאך אבער האבען די לעצטע ביסלעכווייז ארויפגעצויגען אויף זיך א חשד דורך אייניגע אונטאקטישקייטען, ווי צ. ב. ש. דורך די ווילדע גענג פון דעם פאטער פון די טורן־פעראיינען, יאהן; די ערמארדונג פון קאצעבו דורך דעם סטודענט זאנד האבען געגעבען די רעגיערונגען אן אויסרייד, אונטער דעם פארזיץ פון מעטערניכ׳ען, ארויסצולאזען די קארלסבאדער דעקרעטען, דורך וועלכע די סטודענטען - פאראייניגונגען זענען פארבאטען געווארען. די אוניווערזיטעטען זענען אונטערגעווארפען געווארען א פיינליכער קאנטראלע, וועלכע איז געגאנגען אזוי ווייט ביז צו א צענזור איבער די סטודענטישע געזאנגביכער.

אויך היינע, זייענדיג אין באנן, האט איינמאל שיער ניט פארזוכט דעם ביטערן טעם פון דער רעאקציע. צום יאהרצייט פון דער לייפציגער שלאכט אין 1819 האבען די סטודענטען זיך אוועקגעלאזען צום קרייצבארג ביי באנן, פונאנדערגעלעגט א פייער. א בערלינער טעאלאגישער סטודענט האט געהאלטען א פאסטארישע רעדע, איינער האט אויסגעשריען „האך!“ אויף פעלדמארשאל בלי־

בער און דער דייטשער פרייהייט אין מען איז זיך רוהיג צוגאנגען. היינעס שול־קאמראד, יאזעף נייגציג, האט די געשיכטע צוגע־פארבט פאר'ן רעדאקטאר פון דער „דיסעלדארפישער צייטונג": ווען דער צייטונגס־בעריכט איז ערשיענען, איז זיך צונויפגעקומען אן אקאדעמישער געריכט, אויך היינע איז גערופען געווארען אלס עדות. די זאך האט זיך געענדיגט מיט א לייכטען טאדעל פאר נייגציגען.

היינע איז ניט געבליבען פרעמד דעם בורשענשאפטליכען לע־בען. אין אויפזאץ („די ראמאנטיק"), וואס ער האט דאמאלס פאר־פאסט, צולאזט ער זיך אין פאטריאטישען ענטוזיאזם, אין א גע־דיכט ריהמט ער מיט גוטמוטיגען פאטהאס די אלטע ריטערליכע מנהגים און נעמט אונטער זיין שוץ די יעניגע, וועלכע האבען גע־קעמפט פאר דער פרייהייט פון פאטערלאנד („דו נאררען־זוהן! חלום שטענדיג..."), אבער דאך האט ער געגוג הומאר אין זיך צו־צוגעבען צו דער פאעטישער באשרייבונג פון א פאטריאטיש פאר־בראכטער נאכט די באמערקונג, אז ער האט ביי דער געלעגענהייט געכאפט א קאטער. אגב, האבען מיר שוין פריהער אנגעוויזען, אז היינע איז פון קינדרוויז אן באווארענט געווען געגען דייטש־פאט־ריאטישען פאנאטיזם.

זיינע פריינד אין באנן זענען מעהרסטענס געווען יונגע לייט מיט פאעטישע נייגונגען. זימראק, פריעדריך פאן בויגהעם, שטיינ־מאן, רוסא, שפעטער א שלימזל'דיגער ליטעראט, אבער דאן צווי־שען די קאמעראדען בעוואוסט אלס דער „פאעט", און נאך זיין שול חבר פון דער היים, קריסטיאן סעטהע, צו וועלכען ער האט זיך דאס פארטרויט מיט זיין האמבורגער ליעבע; צוליעב זיין קלא־רער, טרוקענער זעלבסטזיכערקייט איז יענער געגאנגען אונטער דעם צונאמען „שטאאטסראט". ער האט געשטאמט פון א בעאמטען־פאמיליע און היינע האט געהאט א מערקווירדיגע שוואכקייט פאר אט דעם פון איהם גאנץ פארשיעדענעם מענשען.

און זומער פון 1820 האט היינע זיך איבערגעצויגען אין דארף בייל, א קעגענאיבער באנן, און האט דארט געארבייט אויף זיין טרויער־שפיעל „אלמאנזאר".

אין הערבסט האט ער זיך צוריקגעקערט אהיים קיין דיסעל־דארף. פאר'ן ווינטער האט מען פאר איהם אויסגעקליבען אן אוני־ווערזיטעט, וואו ער האט גיכער געקענט צוטרעטען צום פראקטישען שטודירען ווי אין באנן. דורך דעם סעפטעמבער האט ער געוואנ־דערט צו פוס איבער וועסטפאליען, צום אנפאנג פון סעמעסטער איז ער אנגעקומען קיין געטינגען. געטינגענער אוניווערזיטעט איז גע־ווען דער היפוך פון דער רהיינלענדישער אוניווערזיטעט, וואס ער האט אקארשט פארלאזען; א פראפעסארען־נעסט, וואס פאר דעם פריש אנגעקומענעם איז עס געווארען א סימבאל פון פארשטויב־טער געלעהרזאמקייט. די סטודענטען, צום טייל האנגאווערשע יונ־קער, זענען דעם רהיינלענדישען סטודענט פארגעקומען שטייף און לאנגווייליג. פאר דאס דייטשע אלטערטום, וואס איז אין באנן גע־ווען דער הויפט אינטערעס פון זיין קרייז, האט דא קיינער קיין פארשטענדניס ניט געהאט: „פון די 1300 סטודענטען הערען נאר ניין די פארלעזונגען פון דעם בארימטען דייטשען פילאלאג בענעקע" — שרייבט היינע מיט ענטריסטונג אין א בריעף. זיין פארווײלען אין געטינגען איז אבער פלוצלונג געקומען צו א סוף. ער איז באליידיגט געווארען פון א סטודענט און ער האט יענעם ארויסגעפאדערט אויף א דועל אויף פיסטאלעטען. דאס איז דער־גאנגען צום פראָרעקטאר, און נאך־לאנגע קווינקלענישען האט דער פראפעסארען־ראטה אין יאנואר 1821 ארויסגעטראגען היינען אן אורטייל צו פארלאזען די אוניווערזיטעט. א קראנקהייט האט פאר־האלטען זיין אברייזע אויף אייניגע וואכען. אין פעברואר איז ער אבגעפאהרען קיין בערלין.

אין בערלין האט ער דערפיהלט אונטער זיך גאר אן אנדער באדען. זיך שטיצענדיג אויף א באמערקונג פון מאדאם סטאל האט ער שפעטער וועגען בערלין זיך איינמאל אויסגעדריקט אזוי: „בערלין איז גאר קיין שטאדט ניט, עס גיט נאר דעם באדען, אויף וועלכען עס איז פארזאמעלט א מאסע מענשען, צווישען זיי א סך מיט גייסט". אין האמבורג האט געהערשט דער קויפמאנישער אינ־טערעס, אין באנן דער סטודענטישער; געטינגען איז געווען די פראפעסארען־שטאדט; בערלין האט אבער קיין באשטימטע פארב.

די געגענגעזעצטעסטע לעבענסאינטערעסן לױפֿן אײנס לעבן אַנ־דערן און נײטראַליזירן זיך געגענזײטיג, און עס שאַפֿט זיך אַן אַט־מאָספֿערע, װאָס שטערט ניט אױף אַ האָר דער אינדיװידועלער פֿרײהײט: הײנע האָט דאָ צום ערשטן מאָל דערשפּירט דעם הױך פֿון אַ לעבנספֿרײד, נאָך װעלכער זײן האַרץ האָט נאָר געקענט בײנקען — מיט דעם פֿריש־לעבעדיגן אינטערעס פֿון אַ פּראָװינ־ציאַל האָט דער דרײ און צװאַנציג יעריגער יונגערמאַן זיך אַרײנ־געװאָרפֿן אין דעם גרױס־שטעדטישן רױש. די „בערלינער בריעף" (אין זײער אורשפּרינגליכער פֿאָרם, װי זײ זענען געשריבן פֿאַר דעם „רהײניש װעסטפֿאַלישן אַנצײגער") פֿאַרשיטן דעם לעזער מיט אַ קנאַקערײ פֿון קורצע זאַצן און אַ מישמאַש פֿון אײנדרוקן. װאָס שפּיגלען אָב געװי דעם כאַאָס, געפּילדער און באַרױשענדן טומל פֿון דער גרױסער שטאָדט.

הײנע אַלײן האָט פֿאַרקערט אין די פֿאַרשידענסטע לעבענס־קרײזן. אין אוניװערזיטעט האָט ער געהערט די לעקציעס פֿון קלאַסישן פֿילאָלאָג װאָלף, פֿון סאַנסקריט־פֿאָרשער באָפּפּ, צו װאָס ער איז שױן געװען צוגעגרײט דורך שלעגעלס אינדישע פֿאָרשונגען. אָבער הױפּטזעכליך פֿון העגעל, װעלכער איז צו יענער צײט געװען די אײגענטליכע פֿילאָזאָפֿישע מאַיעסטעט פֿון דײטשלאַנד. די בור־שענשאַפֿטן האָבן אין בערלין קײן ראָלע ניט געשפּילט, דער סטו־דענט האָט זיך געפֿיהלט מעשה בירגער, די פּראָבלעמען פֿון גײס־טיגן לעבן גופֿא האָבן געגאָלטן פֿאַר געזעלשאַפֿטס־פֿראַגען, אַרום װעלכע עס איז אָנגעגאַנגען אַ לײדענשאַפֿטליכע דיסקוסיע. מיט העגעל'ן איז הײנע פּערזענליך באַקאַנט געװאָרן, און ער האָט איהם שפּעטער צוגעשריבן דעם באַדײטענדסטן אײנפֿלוס אױף זײן גײסטיגע ענטװיקלונג. העגעלס פֿילאָזאָפֿיע האָט הײנע אַפֿילו קײנמאָל רעכט ניט פֿאַרשטאַנען, הײנע האָט ניט געקענט דענקען פֿאַר אַ לאַנגע צײט אַבסטראַקט און סיסטעמאַטיש, זײן עצם נאַטור האָט גלײך געפֿאָדערט פּראַקטישע אָנװענדונג. אָבער אױף אַזױ װײט װעט מען מוזן צוגעבן, אַז די אינטעלעקטועלע מאַכט, װאָס האָט רעגירט אין העגעלס פֿילאָזאָפֿיע, האָט איהם אָנגעשטעקט מיט דער לײדענשאַפֿט צו דענקען, האָט די לײדענשאַפֿט איהם אײנ־

געאימפפט אין זיין בלוט, ווי דאָס זאָגען ערות פאַר אונז זיינע שריפטען. היינעס נייגונג צו בויען געשיכטליכע צוזאמענהאנגען דארף מען אויך צושרייבען אויף העגעלס חשבון. העגעלס פארפיה־רערישע אנשויאונג, אז דער ציעל פון יעדער ענטוויקלונג איז דאָס קומען צו זעלבסטבאוואוסטזיין, איז א מין זעלבסט זיך דערקענען. האָט דאָס אפשר אריינגעגעבען אין דעם יונגען מאן יענע שטאָלצע עמפינדונג פון דער אייגענער סואווערעניטעט, וואָס האָט שפּעטער געוועקט אין איהם איראָניע איבער זיך גופא. ווייטער, העגעלס רע־ליגיאָנס־פילאָזאָפיע, וועלכע לאָזט גאָט אליין קומען צו באוואוסט־זיין דורך דעם מענשליכען דענקען, האָט געווירקט צושטערענד אויף היינעס אונבאוואוסטען גלויבען אין א פּערזענליכען גאָט. די לייד־ענשאפטליכע פארגייסטיגונג פון גאנצען לעבען, וואָס ער לערנט ביי העגעלן, באצויבערט איהם אזוי, אז ער נעמט זיך מיט א נייעם, טיעפערן אינטערעס צו זיינע יוריסטישע סטודיען און גרייט זיך צו א גרעסערער ארבייט איבער „דאָס היסטאָרישע שטאַאטס־רעכט פון גערמאנישען מיטעלאַלטער“, פון וואָס נאַטירליך עס איז גאָרנישט ניט געוואָרען.

צוזאמען מיט די אוניווערזיטעטסקרייזען עפענט זיך פאַר היינע׳ן די סאמע געבילדעטע בערלינער געזעלשאפט — די סאלא־נען פון ווארהאגנגען פאן ענזע און זיין פרוי ראחיל, פון דער דיכ־טערין עליזע פאן האָהענהויזען. דאָרט באקענט ער זיך מיט ראחילס ברודער, דעם שריפטשטעלער ראבערט און זיין וואונדער־שעהנער פרוי פרעדעריקא — „יאקאסטע און יוליא, דאָס אַלטער־טימליכסטע און דאָס מאָדערנסטע“ — מיט שאמיסא, לאמאט פוקע, מיכעל בעער, ווייליבאלד אלעקסיס און שליסט פריינדשאפט מיט א יונגען פוילישען גראף פאן בעזא. זיין „ליעבען פריינד יעווגעני“, אויף וועמעס איינלאַ־דונג ער פּאָהרט אין 1822 אויף אייניגע וואכען קיין פוילען.

היימישער ווי אומעטום האָט ער זיך געפיהלט ביי ראחיל׳ן, וועלכע מיט איהר טיעפער און צארטער פארטראכטקייט, מיט איהר חוש פאַר דאָס פיינע און אָריגינעלע און אויך אלס אידישע פרוי האָט זי איהם בעסער פון אלעמען פארשטאַנען. ער רופט

איהר „די גייסטרייכסטע פרוי פון אוניווערזום". קיין ווערק האָט זי ניט געשאפען. דאָך איהר אינערליך וועזען—דאָס, וואָס פון איהם איז פאר אונז געבליעבען, לעבט אין איהרע בריעף. געטהעס ווערק האָבען איהר כמעט געגעבען דאָס גליק, וואָס גיבען אייגענע שעפּפונ־גען. אין זיי האָט זי געפונען א רוהע־פונקט פאר איהר געפיהל. אין זיי איז פאר איהר קאָנצענטרירט געווען, וואָס ביי איהר גופא פלעגט זיך צופעליג ארויסרייסען אין טויזענדערליי געניאלע באמערקונגען. ביי איהר אין סאַלאָן האָט מען עס געהאַלטען כמעט פאר א העפליכקייט געגען איהר צו לעזען געטהע. אויך איהר מאַן וואַרנהאגען האָט געזוכט איינצווזייגען אין זיך געטהעס מענשענ־טום, ער האָט זיין סטיל געהאָדעוועט אויף געטהעס און ער זיכער איז דאָס געווען, וועלכער האָט היינע'ן צוגעוועהנט צו א פיינערן לע־זען פון געטהע; דאָך ביז צו זיין אייגענעם ענטוזיאזם פאר געטהע האָט ער היינע'ן ניט געבראכט. אלס קריטיקער האָט ער היינע'ן מיט זיין קלוגער פריינדליכער פעדער א סך ארויסגעהאָלפען און ער איז אויף אלע מאָל געבליבען היינעס א קיהלער, אבער א צו־טרויליכער פריינד. — מיט גאַנץ אנדערע לייט פלעגט זיך היינע באגעגנען אין ראטסקעלער פון לוטער און וועגנער. דאָרט האָט ער געהאט די געזעלשאפט פון ע. ט. האָפמאַן, אגב דאמאָלס שוין א קראַנקער מאַן, פון פאַנטאַסטישען שוישפּיעלער לודוויג דעווריענט, דיעטריך גראבע — אלץ מענשען, וואָס זענען געשטאַנען פון יע־נער זייט פון בירגערליכען לעבען, וואָס האָבען אבער פארשטאַנען די קונסט פון גרויסאַרטיגער זעלבסט־פארשווענדונג.

צו די פארשיעדענאַרטיגע אינטערעסען, וואָס האָבען היינע פאַרנומען אין בערלין, דאַרף מען אויך צורעכענען זיין נייע פריינד־ליכערע שטעלונג צום יודענטום. די אומשטענדען פון זיין קינד־הייט האָבען ניט געלאָזט ערוואַרטען, אז דער איד אין איהם זאָל באקומען א באזונדערע באַטאָנונג. אבער דאָס אויסזעהן פון די זאכען ארום איהר האָט זיך שנעל גענומען ענדערן און ער האָט דערפיהלט א באדערפניש אבצוגעבען זיך א קלאָרען חשבון וועגען דעם דאָזיגען עלעמענט פון זיין עקזיסטענץ. מיט דעם זיעג פון די פאַרבינדעטע האָבען די אידען אַנגעוואָרען די עמאַנציפּאַציע, וואָס

זיי האָבען באַקומען פון נאַפּאָלעאָנען. אויך אין פּרייסען, וואו דער עדיקט פון 11טען מערץ 1812, אַרויסגעגעבען אונטער האַרדענ־בערגס איינפלוס, האָט פאַרשפּראָכען די אידען דעם פולען באַזיץ פון זייערע בירגערליכע רעכטען, זענען גלייך נאָכדעם ווי דער פריי־הייטסקריעג איז געווען צו ענד און עס האָט זיך איינגעשטעלט די פריעדליכע רעאַקציע, זענען גלייך נאָכדעם צו נישט געמאַכט גע־וואָרען אַלע פאַרשפּרעכונגען. ווי מען האָט דאָס גאַנצע פאָלק אָבגענאַרט מיט דער פאַרשפּראָכענער קאָנסטיטוציע, אַזוי האָט מען אויך די אידען אָבגענאַרט מיט די פאַרשפּראָכענע רעכטען. אפילו יענע אידען, וואָס האָבען מיטגעמאַכט דעם קריעג און האָבען באַקומען מיליטערישע אויסצייכנונגען, האָט מען זיך געקליגט צו באַרויבען זיי פון זייערע טיטולען און פון די פּריווילעגיעס, צו וועל־כע די טיטולען באַרעכטיגען זיי. צו דער פּאָליטישער שנאה פון די רעגיערונגס־קרייזען דאַרף מען נאָך צוגעבען די אינסטינקטיווע און דעמאַגאָגישע שנאה פון יענע רעליגיעז־פּאַטריאָטישע חברה, וועמען דער געדאַנק, אַז זיי זענען דייטשען, האָט זיי פעהיג גע־מאַכט צו אַ געוויסען סאָרט שווינדעל.

די הויפּט נעסטען פון דער דאָזיגער שנאה זענען געווען די בורשענשאַפטען: די סטודענטען און דער המון האָבען אין 1819 אָנגעהויבען אַ רייה אָנפאַלען אויף די אידען — אמת'ע פּאָגראָמען, אויפ'ן מיטעלאַלטערליכען שטייגער. די פּאַסירונגען האָבען געמוזט עפענען די אויגען היינע'ן אויף דער לאַגע פון זיין פאָלק אין דייטשלאַנד. ער האָט שוין אין האַמבורג געהאַט די געלעגענ־הייט צו באַמערקען די שווערע, אָנגעשטרענגטע באַציהונגען צווי־שען דער קריסטליכער און אידישער באַפעלקערונג. אין זיין דער־מאָהנטען באַנגער אויפזאַץ איבער „דער ראָמאַנטיק" איז פאַרהאַן אַ שטעלע, וואָס האָט אַ דירעקטע שייכות דערצו. נאָך אין באָנן זענענדיג, פאַרענדיגט ער די טראַגעדיע „אַלמאַנזאָר", וואו ער גיסט אויס זיין צאָרן געגען די קריסטליכע באַצווינגער. ער האָט אַליין געגלויבט, אַז מיט דעם שטיק האָט ער אויסגעדריקט זיין שטעלונג אין דער דאָזיגער פראַגע. דערפאַר דאַרף אונז ניט וואונדערן, וואָס מיר טרעפען איהם אין בערלין אין דער געזעל־

שאפט פון יענע יונגע לייט, וואס האבען אין 1819 זיך צונויפגע־
נומען אין א „פעראיין פאר קולטור און וויסענשאפט פון יודענטום“.
די וויכטיגסטע מיטגליעדער זענען געווען עדוארד גאנז, העגעלס
ליעבלינגסשילער, לעאפאלד צונץ און מאזעס מאזער, אלע דריי
דורכגעדרונגען מיט דער גאנצער בילדונג פון יענער צייט. אזעלכע
מענער, ווי וואהלוויל, לודוויג מארקוס, זענען שפעטער צוגעטרע־
טען. זייט מענדעלסאנס צייט האט דער אונטערשיעד צווישען די
מאדערנע אויפגעקלערטע אידען אין דער גרויסער מאסע פון אידענ־
טום זיך געהאט פיינליך פארשאפט: פון איין זייט כמעט א פאר־
גליווערטער גייסטיגער צושטאנד, פון דער אנדערער זייט אידען בלויז
נאך'ן נאמען נאך, וועלכע פלעגען אין באמת גרויסע צאהלען אויף
סוף כל סוף דעם נאמען אוועקווארפען און איבערגעהן צום קרים־
טענטום. דער ציעל פון פאראיין איז געווען אנצוזעטיגען דאס יו־
דענטום, וועמעס טראדיציאנעלער אינהאלט, האט געשיינט, איז
שוין פארברויכט און אבגעניצט געווארען, מיט מאדערנער איי־
ראפעאישער בילדונג: דאס יודענטום זאל פון אינעווענינ געבראכט
ווערן אין הארמאניע מיט דער צייט און מיט דעם שטאאטס־לעבען
פון די לענדער, וואו די אידען וואהנען. מען האט געגרינדעט א
שול, באזונדערס פאר די איינגעוואנדערטע אידען פון מזרח
— היינע איז דארט געווען איינער פון די לעהרער, — מען האט
זיך אינטערעסירט מיט דער פארשפרייטונג פון ערדארבייט און
מלאכה צווישען אידען, מען האט ארויסגעגעבען א צייטונג, מען
האט דאס יודענטום געמאכט פאר א געגענשטאנד פון וויסענ־
שאפטליכער פארשונג. די אלע באמיהונגען זענען צו גארנישט גע־
ווארען אוים מאנגעל פון אינטערעס ביים פובליקום, דער פעראיין
האט זיך אויפגעלייזט. גאנז אליין האט זיך גע'שמד'ט. אפשר איז
ביי איהם, דעם ספעקולירענדען העגעליאנער, אויסגעקומען, אז
אזוי ווי דאס יודענטום דארף סיי ווי סיי זיך אויפלעזען אין קרים־
טענטום — אום צו שליסען דעם העגעלשען קרייז פון דער וועלט־
געשיכטע — בלייבט פאר איהם נאר מקים צו זיין דעם פראצעס.
אנדערע האבען זיך געקלאמערט אן זייער אידישער טרייהייט, מיט
פארצווייפלונג אין הארצען; צווישען זיי איז געווען מאזעס מא־

זער : „ער האָט געקעמפּט און געבלוטעט אינקאָגניטאָ" — ווי היי־
נע האָט זיך שפּעטער וועגן איהם אויסגעדריקט. אויסער גייסטיגען
אַנטרייב, וואָס האָט שפּעטער געבראַכט פרוכט, האָט ער פון פאַר־
איין מיטגענומען אַט די פריינדשאַפט מיט מאָזער'ן; מיט זעלטע־
נער עניוות פלעגט ער זיך מעסטען מיט'ן מאַסשטאַב פון דער קריס־
טאַל־ריינער, אונגעפעלשטער מענשליכקייט פון זיין פריינד מאָזעס
מאָזער.

דער געגענזאַץ פון די רעליגיאָנען, וואָס ער האָט שוין געהאַט
אויפגענומען אין „אַלמאַנזאָר", האָט ווידער פאַרנומען זיינע גע־
דאַנקען אין בערלין: דער ראָמאַנס „דאָנאַ קלאַראַ", וואָס באַהאַנ־
דעלט די טעמאַ, אויבען אויך, מיט אַזאַ צינישער עלעגאַנץ, איז
איינענטליך געפּלאַנט געוואָרען, אַלס אַ טרילאָגיע, און האָט גע־
זאָלט דיזעלביגע טעמאַ אויפפאַסען טראַגיש. די ערשטע פאַרזוכען
פון ראָמאַן „דער ראַבי פון באַכעראַך", וואָס האָט געזאָלט שילדערן
דעם גרויסען „אידען שמערץ", דאַרפען אויך צוגעקניפּט ווערען צו
זיינע פאַראיינס־איינדרוקען. אַלענפאַלס די פאַרשטודיען צום ראָ־
מאַן זענען געמאַכט געוואָרען אין שטענדיגען פערקעהר מיט זיינע
פעראיינס־גענאָסען — פּערזענליכען און שריפטליכען, נאָכדעם ווי
דער דיכטער האָט שוין געהאַט פאַרלאָזען בערלין.

ווען היינע איז געקומען קיין בערלין, האָט ער זיך גענומען
אַרומקוקען נאָך אַ פאַרלעגער פאַר אַ באַנד געדיכטע. ער האָט גע־
האַט אויך ביי זיך ליגען אַ טרויערשפּיעל, וואָס האָט אפילו געהאַט
איינצעלנע פּראַכטפולע שטעלען, אָבער אין גאַנצען גענומען אַ
שוואַכע זאַך. שוין אין האַמבורג האָט ער געדרוקט ליעדער אונטער
דעם פּסעוודאָנים ס. פריידהאָלד ריעזענהאַרף (די איבערגעשטעלטע
בוכשטאַבען פון האַררי היינע, דיסעלדאָרף), אין בערלין האָט ער
זיך געדרוקט אין „געזעלשאַפטער". אין דעצעמבער 1821 האָט די
מויערשע בוכהאַנדלונג אַרויסגעגעבען „געדיכטע פון ה. היינע".
אין 1823, קורץ פאַר זיין אָוועקפאָהרען פון בערלין, איז ערשיענען
אַ צווייטע פּובליקאַציע פון איהם : יענע טרויער־שפּיעל „אַלמאַנ־
זאָר" און אַ קליינע טראַגעדיע „וויליאַם ראַטקליף", וואָס איז ענט־
שטאַנען אין בערלין און וואָס האָט איינגעשלאָסען אין זיך די פער־
זען פון „אינטערמעצצאָ".

עס איז שװין פריהער געזאָגט געװאָרען, װאָס פאַר אַן איבער־לעבונג עס איז געװען דער הינטערגרונד פון הײנע׳ס ערשטע לידער און צו װאָס פאַר אַ היסטערישען אנשטעל זי האָט איהם געטריבען: יענע איבערלעבונגען האָבען זיך צונױפגעשמאָלצען מיט דער פאַרבי־טערונג, מיט װעלכער דער רעליגיעזער האָס האָט אָנגעפילט זײן האַרץ און װאָס האָט געפונען איהר אױסדרוק אין זײן ערשטען טרױער־שפּיעל. װען אַמאַליע האָט געהײראַט אין 1821, איז דער אַלטער װעהטאָג װידער אָפּגעפרישט געװאָרען. הײנע האָט זיך װי אין גאַנ־צען פאַרלאָרען. ער האָט זיך באַשולדיגט, אַז ער האָט אַלײן צושטערט זײן גליק, פאַרלאָזענדיג האַמבורג. ער האָט אין דרײ טעג אָנגע־װאָרפען „ראַטקליף“ און געהאַט אַ געפיהל, אַז מיט „ראַטקליף“ האָט ער אײנמאָל פאַר אַלע מאָל געגעבען דעם „שליסעל צו זײן נשמה־לאַזאַרעט“. אָבער סײ מיט „אַלמאַנזאָר“ און סײ מיט „ראַטקליף“ האָט ער קײן דראַמאַ ניט געשאַפען. דאָס זענען גיכער געפיהלסאױסברוכען. דאָס זענען ניט קײן װעלטען, װאָס באַשטעהן פאַר זיך אַלײן, נאָר אַראַבישע און שאָטישע מאַריאָנעטקעס, מיט װעלכע ער שפּיעלט זיך אַרום. אָבער אַנטקעגען די שרײענדע ערש־טע געדיכטען געפינען מיר שױן אין „אינטערמעצצאָ“ לידער, װאָס אױסער ביטערקײט ענטהאַלטען זײ נאָך יענע באַ׳טעמ׳טקײט, װאָס די זאַכען בעקומען, װען זײ שטעהען זיך אָב; לידער, װאָס דער־נעהענטערן זיך צו דער אײנפאַכקײט פון װילהעלם מילערס געדיכטע פון פאָלקסליעד. װי זײ װאָלטען זיך אַלײן געבעטען צום זינגען. דאָס „אינטערמעצצאָ“ איבערטרעפט אין װערט די בײדע דראַמאַטישע אַרבײטען, אין װעלכע עס איז אײנגעפאַסט.

דאָ באַקומען מיר אַ דײטליכע אָנצוהערעניש, אין װאָס אײגענט־ליך איז באַשטאַנען די אינערליכע אַרבײט פון יונגען דיכטער אין בערלין. דאָס איז געװען אַן אונאױפהערליכע אינערליכע אַרבײט איבער דער שפּראַך. עס זאָל נאָר דאָ אָנגעדײט װערען, װי װײט אין „אינטערמעצצאָ“ דער ערלעבטער און לעבעדיגער אױסדרוק האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דעם ליטעראַרישען שיפער פון זײנע ערשטע פאַרעפענטליכטע לידער. אַזאַ פערז, װי „זי זעצט זיך צו מיר און װײנט און מאַכט מיר װײך דאָס האַרץ“ װאָלט בשום אופן

ניט געקענט אריין אין יענער ערשטער זאמלונג. דער פערז פאר־דיענט ניט ווייטער געליבט צו ווערן. אבער דאס נייע אין איהם איז, וואס דאס לעבענסגעפיהל האט צוריסען די קייטען פון דער שפראך—אנשטאט דעם איבערטרייבענדען טאן־שליסעל פון די ליע־דער פון 1821 געהט דא דורך א טאן, וואס איז אנגעשטימט לויט דער געזעלשאפטליכער אטמאספערע, אין וועלכער דער דיכטער האט זיך באוועגט — ניט הויכער און ניט נידריגער. און אויב מען וויל דאס טעכנישע אבטיילען פון געזעלשאפטליכען, לאזט זיך אזוי זאגען: ווען דא צום ערשטען מאל פיהרט היינע אריין באוואוסטזיניג דאס פרעמד־ווארט אין זיין פערז, איז עס בלויז דער־פאר, וואס ער האט אויסגעמישט זיינע ערנסטע ליעדער מיט ליע־דער, וואס באזינגען אויבערפלעכליכע ליעבשאפטען. עס באטייט, אז דער ערנסט טרעט אב דעם פלאץ דער איראניע, — איראניע אויך איבער דעם אייגענעם געפיהל. דאס איז א שריט נעהענטער צו יענעם היינע, וועלכער ווען ער שטעלט אב זיין בליק אויפ'ן לעבען, טהוט ער איהם אויס נאקעט.

באנוצענדיג זיך מיט א באגריף, וואס ער האט אנטליהען פון קארל אימערמאנס רעצענזיע איבער זיינע ליעדער, האט היינע אין בערלין אמאל זיך אויסגעדריקט, אז דאס ערשטע שטרעבען פון אינגעל איז דורכצומאכען אן „אינערליכע געשיכטע". אט וועגען דעם האנדעלט עס זיך. דאס איז דאס ווארט. טאקע דערפאר, אום צו האבען אן אינערליכע געשיכטע, א טעמא פאר זיין אינערליכען לעבען, האט היינע מיט אזא רעש זיך אריינגעווארפען אין דעם שמערץ־גרוב פון זיין ערשטער ליעבע. דער ברען, וואס דערגרייכט אין „ראטקליף" ביז צו גהינום־היץ, האט ווייט־ווייט אריבער־געשטיגען די טעמפעראטור פון דער זאך גופא. אבער עס איז ניט געווען א באוואוסטערהייד צובלאזענער פייער, דא האט זיך אריינגעמישט דער פאעטישער אינס־טינקט, און עס האט זיך באקומען די איבערטרייבונג, וואס איז אזוי צואווידערליך דעם רייפערן געשמאק. מיט דעם, וואס ער האט פארמאגט אן אינערליכע געשיכטע, האט ער זיך געפיהלט העכער פון אלע פאעטען ארום איהם, און דאס געפיהל, אז ער האט צו

דערצעהלען װעגען א װירקליכער איבערלעבונג, האט איהם גענארט װעגען דעם אמת'ן װערט פון אזעלכע דיכטונגען, װי „ראטקליף" צום בײשפּיעל, אין װעלכען, עס האט זיך איהם אויסגעװיזען, ער האט רעזומירט זײן גאנצע יוגענד־פּעריאדע... װאו ער טוקט זיך ניט אין זײן אײגענעם ראמאן, גענינגט איהם שוין אין זײן ערשטער זאמלונג אזא שטיק, װי די „גרענאדירערע", געשאפען אין דיסעל־דארף אין 1819, װאס געהערט צו הײנעס װעלטרוהם אי; װאו ער האט מיט אײן קלאפּ אנגעשלאגען דעם טאן פון זײנע באלאדען. אין די סאנעטען, מיט דער אויסנאהמע פון אײניגע (צװישען זײ דער שעהנער צװײטער צו דער מוטער), הערט זיך א שארף קלינ־גענדע, אבער נאך אונבאשטימטע אפּאזיציאן. דאס „שעהנע, העלע לאכען" איז ערשט געװען א געבאט, אבער נאך ניט די װירקליכע שטימונג פון זײן הארצען.

דא זאל אנגעדײט װערען, װאס איז דאס געװען פאר א ליטע־ראַרישער באדען, פון װעלכען עס האט ארויסגעדרײהט די שעפּפונג פון דעם נײ ערשיעדענעם דיכטער. די ערשטע פּראזא־שריפט, װאס הײנע האט פּארעפענטליכט, איז געװען געװידמעט דער „ראמאנ־טיק". ער פּארטײדיגט איהר. אין דער לעצטער, אויפ'ן טויטען־בעט געשריבען, גיט ער צו א שמײכעל, אז דער אויסדרוק „ענטהײליגטער ראמאנטיזם", װאס א גײסטרײכער פראנצויז האט אויף איהם אנ־געװענדט, איז װירקליך צוטרעפענד. און אזוי פעהלען אויך קײן באװײזע ניט, אז דאס איז געװען די ראמאנטיק, װאו דער דיכטער אלײן זוכט דעם שורש פון זײן שאפען.

דער באגריף „ראמאנטיק" באצײכענט אין ענגערן זין דאס אונפערגעסליכע צוזאמענלעבען פון פינף—זעקס מענער אין יענא אין די איבערגאנגסיאהרען פון 18טען צום 19טען יאהרהונדערט. מיט גײסטער, אנגעקװאלענע מיט ענטציקונג, האבען זײ גענומען פון דאס נײ איבערדענקען דעם גאנצען שטאף פון דאמאלדיגען לעבען. פאר זײ איז געװען א װעלט פון ציװיליזירטע פארנינפטיגע באגריפען, אויף װעלכע, עס האט אויסגעזעהן, דער 18טער יאהר־הונדערט האט זיך בארוהיגט. זײ אבער האבען געװאלט באַרײכערן זײער אונערזעטליכען באװאוסטזײן און, צוזאמען מיט דעם, דאס

מענשליכע בעוואוסטזיין בכלל, מיט אלץ, וואס איז אונערגרינדליך, וואס ליגט איבער יעדער פערנונפט. דאס איז די ראמאנטיק פון נאך פאר היינעס צייטען. ער באגעגענט אפילו איינעם פון איהרע ערשטע רעפרעזענטאנטען א. וו. שלעגעל פערזענליך, אבער דער אייגענארטיגער לעבענסאינהאלט פון דער ראמאנטיק איז איהם געבליבען פרעמד און אונפארשטענדליך. דאך, די דערציטערונג, וואס האט ארויסגעפלאצט פון דער ראמאנטיק און וואס האט אונטערגעהויבען דאס גאנצע גייסטיגע לעבען פון יונגען יאהרהונדערט, האט נאך אנגעהאלטען איהר וויברירען אין דער פילאזאפיע, פאעזיע און פלאסטישער קונסט. אויך געטהע, צי אין שלום צי אין קריעג מיט איהר, האט געמוזט כסדר זיך מיט איהר פאנאנדעררעכנען. וואס אין יענער אוניווערסאלער ראמאנטיק איז געווען א ברויזענדער געמיש, איז זיך איצט צולאפען אין איינצעלנע אבגעקלערטע טענדענצען, וואס האבען געווירקט פלאך און ברייט. ארויסבאפענדיג איינצעלנע טענדענצען — ריטערטום, פרומקייט, דאס פאטערלענדישע, דאס פאלקסטימליכע, דאס מיטעלאלטערליכע, זענען עס געווען די פארשיעדענע קאלירען, אין וועלכען די ראמאנטיק האט זיך איבערגעבראכען און אונטער וועלכע זי איז פאפולער געווארען. די ליעבע צו ריטער־ראמאנען און ריטער־שוישפיעל, טורניערען, פראצעסיעס; קינסטליכע רואינען, פארשאטענע מיט בוימער, ריטערטומס, קאפעלען, און קלויסטעראַרטיגע געביידען, מיט דעם גאנצען גאטישען שפיצען־געפלעכטס, וואס האט געדארפט באצערען אי די וואהנונגען, אי די הויז־כלים אי די בגדים אפילו, ווי עס ערקלערט דער מאניפעסט, וואס איז ארויסגעקומען פון געטהעס קרייז — דאס איז געווען ראמאנטיק אין דער מאדע. איהר פאעטישער רעפרעזענטאנט איז געווען דער סענטימענטאל־ריטערליכער לאמאט־פוקע.

אויך היינע האט פון אנפאנג זיך געלאזט טראגען פון דעם דאזיגען שטראם און ביז זיין לעצטען טאג האט ער ליעב געהאט מיטעלאלטערליכעס און עקזאטישעס אין זיין קליידונג. דאך האט ער פון נאטור אויס זיך געפיהלט ניט גוט מיט א פאעזיע, וואס פארנעהמט זיך אויסשליעסליך מיט נאנען און ריטער־פריילייגס. דעם

לעבען האט ער געוואלט געבען אזא געשטאלט, לויט ווי ער האט עס געזעהן. דעם ווערט פון דער ראמאנטישער פאעזיע האט ער גע־זעהן ניט אין אויסערן, שטאפליכען, נאר אין דעם געפיהל, שא־טירט אין טיעפען געהיימניס, אין דעם געפיהל פון מענשען, וואס איז דורכגעגאנגען דורך דאס קריסטענטום. וואס די קלאסישע פאע־זיע איז פאר דעם קלאר־פיהלענדען מענשען פון אלטערטום, איז די ראמאנטישע פאר׳ן מענשען פון קריסטענטום. דא, אין דעם פונקט, אין וועהטאגליכען און צוגלייך זיסען פיהלען, אין דעם ווידער־שפרעכיגען פיהלען, שליעסט היינע אן זיין איבערלעבונג צו יענער שטימונג, וואס די ראמאנטיק האט געמאכט צו רעדען. אבער בעת עכטע ראמאנטיק זוכט שטענדיג א פארהעלטניס צום אונ־ענדליכען, קומט ביי היינע׳ן דאס שפיעל אין פאדערגרונד, און דאס כאראקטעריזירט איהם פיעלייכט אם טיעפסטען. דארט איז אלץ געשטאנען גרייט צו פארוואנדלען זיך אין א מיטהאס, ביי היינען זענען די זאכען נאר דאס, וואס זיי זענען. פאר זיין ראמאנטישען פיהלען זוכט א פלאסטישע געשטאלט — דערמיט גיט היינע ארויס זיין אינערליכע האלטונג מיט איהר גאנצען אונטערשיעד צו דער עכ־טער ראמאנטיק. עכט ראמאנטישער געפיהל גרייכט ווייטער, איבער דעם באגריף פון קלארער, ווירקזאמער פארם; עס קוועלט פון זיך און פארשווענדעט זיך פריי. וואו א ראמאנטישער ליריקער, ווי ברענטאנא, האקט אב און בלייבט אהן ווערטער, מייסטערט נאך היינע א סענסאציאנעלען אויסדרוק. וואו ברענטאנא פארליערט זיך אין עפיס, וואס האט קיין נאמען ניט, גיט היינע א נאמען. וואו ביי ברענטאנא פארבלאנדזשעט די נשמה אין א לאבירינט, אנט־לייהט היינע ביי דעם אויסערן לעבען א געמיטליכען זשעסט. וואו ראמאנטישע פאעזיע לויפט איבער אין דאס גרענעצלאזע, שוועבט ביי היינע׳ן איבער יעדען פון זיינע ליעדער דאס, וואס נאוואליס רופט אן — „די אידעע פון גאנצען", און ארגאניזירט און קאנ־צענטרירט. ערשט שפעטער, און נאר צוליעב אנדערע אורזאכען, האט היינע זיך לויז געבונדען פון דער פארם. דאס בעסטע, וואס ער האט גענומען פון דער ראמאנטיק, איז די ענגערע ווארימערע דורכדרינגונג מיט דעם לעבע־דיגען: איז די גרויסע מתנה פון דער

ראַמאַנטיק: דאָס פאָלקסליעד, דער זין פאַר דער מעשה׳לע און „זאגע". און געווים האָבען אויך יענע טיעפע, פּאראדאקסאלע, אונ־ערהערטע שייכות׳ן, וואָס דאָס ראָמאַנטישע דענקען האָט ענט־דעקט צווישען זאכען, געמאכט „איהרען" היינעם באַוואוסטזיין, ווען אפילו עפּטער פון אלץ פלעגען זיי ביי איהם גלייך איבערלויפען אין אַ ריזיקאַלישען שפּראַך־וויץ.

אין די סאַנעטען פון זיין ערשטער ליעדער־זאַמלונג הערט זיך אַ מאָדנע צורייצטער טאָן. דער פּאָעט ברוגז׳ט זיך געגען דער אומ־געבונג. די שטימונג איז געקומען צו איהם אין בערלין. ער האָט געהאַלטען, אז מען פאַרפאָלגט איהם, פאַרליימדעט איהם. אָהן אַ קלאָרען גרונד, האלב אין ערנסט, האלב אין שפּאס, לאָזט ער וויסען זיין אלטען פריינד סעטהע, אז זייער פריינדשאַפט איז אויס. קלאָגען איבער זיין געזונד, באַזונדערס איבער קאָפּ־שמערצען, וואָס ווערען פון איצט אָן זיינע שטענדיגע פּייניגער, הערען ניט אויף אין זיינע בריעף. ער נעמט זיך פיהלען שלעכט. אַ שטיקעל צייט אויף זיין קורצער רייזע קיין פּויזען, טראָגט ער זיך ארום מיט דעם געדאַנק צו ווערען פּראָפעסאָר פון געשיכטע. אבער אין 1822 פאַרוועהרט די פּרייסישע רעגיערונג די אידען דעם צוטריט צו לעהרער־עמטער, און אויך די האָפנונג פּלאַצט. איצט וויים ער שוין גאָר ניט וואָס פון איהם זאָל ווערן. ער קומט אויף אַ געדאַנק וועגען פּאַריז. אין 1823 פאַרלאָזט ער בערלין און געהט נאָך לינעבורג, וואָס זיינע עלטערן האָבען זיך דערווייַלע אריבערגעקליבען, פאַרבלייבט מיט זיין פאַ־מיליע איבער דער חתונה פון זיין שוועסטער — מיט איינעם מאַ־ריץ עמבדען — און אין יולי איז ער אין האַמבורג. דער אייגענטלי־כער צוועק פון זיין רייזע איז צו האָבען אַן אונטערערדונג מיט׳ן פעטער. ער האָט אַ געהיימען פּלאַן אבצוברעכען דעם יוריסטישען סטודיום און אויסצוקלייבען זיך דעם דיפּלאָמאַטישען אָדער פרייען ליטעראַרישען בערוף, — מיט אַז אויג אויף פּאַריז. דאַרף ער זיך פאַרזאָרגען מיט דער נויטיגער געלד־אונטערשטיצונג פון פעטער. אבער אזוי ווי דער פעטער סאַלאָמאָן היינע האָט זיך אליין געקלי־בען אין וועג, איז צו קיין אונטערערדונג ניט געקומען. דער פעטער פון דעסטוועגען איז דאָס מאָל געווען גנעדיג און האָט דעם פלי־

מעניק געשאנקען צעהן לואידאר אויף אן ערהאָלונגס־רייזע קיין קוקסהאפען. היינע האט דארט פארבראכט זעקס וואכען, און צוריק־קעהרענדיג זיך קיין האמבורג, האט ער זיך באזעצט אויפ'ן פע־טער'ס לאנדהויז אין אטענזען. דאס איז דאס לאנדהויז, וואס היינע האט זיין גאנץ לעבען פארגעסען ניט געקאנט — אויפ'ן ראנד פון א בארג, פון וועלכען משופעדיגע גארטען־טעראסען האבען געפיהרט צום וואסער אראב. עס שיינט, אז דער פעטער האט ניט געוואָלט וויסען פון היינעס פלענער; מען האט זיך געאייניגט, אז פאר דאס יאהר 1824 זאל ער באקומען צום שטודירען נאך 100 טאלער. די סומע איז איהם געגעבען געוואָרען נאך עטוואס אונאנגענעהמע פאר היינען פארהאנדלונגען מיט'ן פעטער. יענער האט איהם געהאט צוגעזאגט פאר די יאהרען 1823 און 1824 צו געבען 400 טאלאר. אבער אזוי ווי היינע איז צו גיך פארטיג געוואָרען מיט'ן געלד, האט ער איהם געשיקט א שטרענגען בריעף מיט פארווירפע קיין קוקסהאפען, וואו ער שטימט איין צוצוזיכערן איהם 500 טאלאר. אבער פון מעהר וויל ער ניט הערען. היינע האט זיך דערפיהלט שמערצליך געטראפען, דאך די 100 טאלאר האט ער אנגענומען, ווייל אויף זיי האט ער סיי ווי גערעכענט, האט ער זיך פארענט־פערט. ער איז געבליבען זיצען אין הויז און האט זיך ערנסטער, ווי ביז אהער, גענומען פאר זיין יוריסטישען סטודיום מיט דער אויסזיכט צו מוזען פארדיענען שפעטער זיין ברויט מיט אדוואָ־קאטור.

געלד־שוועריגקייטען און געלד־שטרייטיגקייטען האבען ניט אויפגעהערט אין היינעס לעבען. ער איז ניט פעהיג געווען אבצוגע־בען זיך מיט א פעסטע פראפעסיע — און אנשטענדיג צו לעבען, ווי עס פאסירט היינט, אלס פרייער שריפטשטעלער אדער זשורנא־ליסט, איז דאמאלס נאך אונמעגליך געווען. עס קומט נאך דערצו, וואס ער איז געווען צו פיעל פארשווענדעריש מיט זיין געלד און האט זיך שטענדיג געלאזט פארפיהרען פון דער האפנונג אויף גרויסע איינגאהמען. ער האט זיך אליין מודה געווען, אז דער בודזשעט רעגיערט אין איהם דעם מענשען, אויב ניט זיינע געדאנקען, דאך זיינע האנדלונגען. אנטקעגען דעם רייכען סאלאמאן

היינע האט ער זיך געהאלטען אלס דער קינפטיג־באריהמטער פלי־מעניק, וועלכער איז שוין דורך דעם אליין בערעכטיגט צו יענעמס אונטערשטיצונג. די איינפאכע פליכט צו האבען א בערוף, וואס זאל איהם שאפען זיין לעבענסאונטערהאלט, איז איהם דאמאלס פארגעקומען, ווי א ביטערער, אונפארדיענטער שיקזאל. ער האט דעם געדאנק וועגען פרייער טהעטיגקייט קיינמאל ניט אויפגעגע־בען, און כאטש מאמענטענווייז פלעגט זיך צושפיעלען אין איהם דער גייסט פון אנאבהענגיגקייט, דאך אלס כלל פלעגט ער זיך פאר־לאזען אויף דעם ריעזיגען פארמעגען פון זיינע קרובים דארט אין האמבורג.

עס איז איהם ניט באשערט געווען צו באטרעטען דעם באדען פון האמבורג יענעם יאהר און עס זאל זיך ניט איבער׳חזר׳ן מיט איהם דאס, וואס האט שוין איינמאל פאסירט מיט איהם: דער אלטער שמערץ און דער אלטער האס האבען ווידער זיך דורכגעבראכען מיט זייער פולער קראפט. אין מיטען פון א בריעף־וועקסעל, וואס איז געשטימט געווען אין א רוהיגען פלוידער טאן, רייסט זיך דעם 11טען יוני 1823 אריין א שורה געפארבט אין פורפור־רויטען גע־פיהל: „א פינסטער־בלישצענדער צארן ליגט ווי אן אנגעגליהטער אייזערנער דעק אויף מיין זעעל. איך לעכץ נאך אייביגער נאכט—“ אונגעפעהר מיט פיער וואכען שפעטער לאזט ער וויסען זיין פריינד מאזער מיט א געהיימניספולער מינע, אז א נייער געמיטס־פרינציפ וועט זיכער פאר א רייהע מיט יאהרען פיהרען און באשטימען זיין דענקען און האנדלען. ער בענקט נאך דער פארטרויטער שטונדע, וואו ער זאל קענען זיין פריינד ווייזען, ווי „א נייע נארישקייט איז אויפגעגאנגען אויף דער אלטער“. „האמבורג!!! מיין גיהנום אין גן עדן צו גלייכער צייט!“ די ערקלערונג פון דעם געהיימניס איז, אז קומענדיג קיין האמבורג האט ער געטראפען אמאליע היי־נעס אינגערע שוועסטער, טהערעזא, וועלכע איז אין 1819 נאך גע־ווען א קינד און איז איצט אויסגעוואקסען צו א שעהנער זעכצעהנ־יעהריגער מיידעל. זי האט איהם צוערשט דערמאהנט אן איהר על־טערע שוועסטער — „זי האט דיזעלביגע אויגען, וואס האבען מיך אזוי עלענד געמאכט“ — ביז ענדליך האט ער זיך אין איהר אליין

פארליעבט. זיין ליעדער סעריע, „די היימקעהר" באציהט זיך דאס אויף אט דעם צוריקקעהרען זיך זיינעם אין 1823 אין דער קלאסישער היים פון זיין ערשטער ליעבע. די ליעדער זענען איינגעארדענט אזוי, אז זיי דערצעהלען די צווייפאכע געשיכטע פון ווידערערוואכטען קומער און נייער ליעבע. און מען מוז צום צווייטען מאל זאגען, אז ער האט קיין גליק ניט געהאט. דא אויפ'ן זעלביגען ארט, וואו ער איז באהערשט געווארען פון דער ערינערונג אן דער אלטער ליידענשאפט, דער ליידענשאפט, וועלכע ער האט געהאלטען פאר אן אבסאלוטע, אונפארגענגליכע, אויפ'ן זעלביגען ארט נעמט איהם די ליעבע נאך אמאל געפאנגען און בלענדעט איהם און נארט איהם ווידער. עס איז ניט אבצושאצען, ווי די דאזיגע ערפאהרונג האט גע־מוזט ווירקען אויף איהם. זי האט איינגעפיהרט זיין הארץ אין דער איראניע פון די ליעבעס געפיהלען. ווי אנהערש לאזט ער פון זיך הערען איצט. דאסמאל שרייבט ער אזעלכע פערזען: „גלויב ניט, דאס איך וועל מיך דערשיסען, ווי שלים די זאכען זאלען ניט שטעהן, דאס אלעס, מיין זיסע, איז מיר שוין איינמאל געשעהן".

זיך צוריקקעהרענדיג פון האמבורג אין זיין נייער היים לינע־בורג, די „רעזידענץ פון לאנגווייליגקייט", פארברייננגט ער דארט פיער מאנאטען, דיכטענדיג און שטודירענדיג; אין יאנואר פון נעקס־טען יאהר פאהרט ער קיין געטינגען און לאזט זיך צום צווייטען מאל איינשרייבען אין דער אוניווערזיטעט. איצט האנדעלט זיך איינפאך וועגען דעם אויסצוהאלטען דעם עקזאמען. לייכט גיט זיך איהם דאס יוריסטישע סטודיום ניט. ער געהערט צו יענע מענשען, וואס קענען אין זיך ניט אויפנעמען קיין זאך, וואס לאזט זיך ניט פארוואנדלען אין זייער פערזענליך אייגענטום. דערפאר האט איהם גראד צו־געטראפען דער טרוקענער, דירעקט אויפ'ן עקזאמען צוגעשניטענער קאנספעקט־קורס פון אוניווערזיטעט־לעהרער מייסטער. אזוי, אין איבעריגען, באטייליגט ער זיך אין סטודענטישען לעבען; איז אן איינ־געהער צום פערעהרטען היסטאריקער סארטאריוס, וועמעס הויז איז פאר איהם אויך פריהער אפען געווען, פארקעהרט ביי דעם יוריסט איינהארן. ער לעזט קראניקען און פארטיעפט זיך אין אידישען אל־טערטום, פארטראכט דעם ראמאן „דער ראבי פון באכעראך" און

לאזט זיך מיט פרייד איבערוועלטיגען פון די אלטע שטימונגען, וואס ווערען וואך אין איהם, שרייבט מעמוארען, וואס דארפען זיין לעבען דערצעהלען און פארעפענטליכט אין בערלינער „געזעלשאפטער„ פון פראפעסאר גוביץ דריי און דרייסיג ליעדער פון דער „היימקעהר".

אין די פסח-פעריען פון 1824 מאכט ער א רייזע קיין בערלין. ער פארנעמט זיך מיט'ן וועג איבער מאגדענבורג, באזוכט דארט קארל אימערמאן, וועלכער האט זיין ערשטער ליעדער־זאמלונג געווידמעט א גוטע רעצענזיע און מיט וועלכען היינע איז זייט דעמאלט געשטאנען אין א פריינדשאפטליכען בריעף־וועקסעל. אין הערבסט וואנדערט ער צו פוס פאר א פאר וואכען דורך דעם הארץ־בארג און דורך טיבינגען. שטעלט זיך אב ביי מילנער און וויסענפעלז, דעם פארפאסער פון „שולד": באזוכט געטהען אין וויימאר. שוין אין 1821 האט ער אין איינעם פון זיינע געדיכטען זיך געווענדעט צו געטהען אין אן אונטערשטראכען פרייען טאן. און עס שיינט, אז ביי א פערזענליכען באזוך האט ער זיך ניט בעסער געפיהרט. מיט זיין קאפריציעזער קונסט צו פארשוויינען, וואס גיט צו אזא רייץ זיין שפעטערדיגען „ווינטערמעדכען", דריקט ער זיך אויס וועגען זיין באזוך ביי געטהען אין א בריעף צו מאזער: „איך בין געוועזען אין וויימאר, דארט איז אויך פארהאן גוטער גאנז־בראטען" (24־טער אקטאבער, 1824). היינעס ברודער וויים צו דערצעהלען וועגען דעם, אז געטהע האט היינע'ן אויפגענומען פריינדליך און גנעדיג און האט ביי איהם א פרעג געטאן מיט וואסערע פאעטישע ארבייטען ער איז איצט פארנומען. היינע האט אויפ'ן שטעל זיך אבגערופען : „מיט א פויסט". אויף וואס געטהעם קורצער ענטפער איז געוועזען : „וייטער האט איהר ניט קיינע געשעפטען אין וויימאר, הערר היינע ?" — און היינע : „מיט מיין פוס איבערן שוועל פון אייער עקסעלענץ זענען אלע מיינע געשעפטען אין וויימאר ער־לעדיגט" און האט זיך אבגעזעגענט. עס איז געוועזען געשמאקלאז פון היינע'ן גראד, צווישען אלע זיינע ליטעראריש פלענער, צו דערמאהנען א „פויסט" ; אגב, קומט דער פויסט פלאן ערשט איצט אויף אין זיינע בריעף און בעת ער איז געשטאנען פאר'ן פויסט־דיכטער, האט ער עס מסתמא נאר געהאט אין די געדאנקען. דער צוויי

מער טייל פון דער געטהע׳שער טראגעדיע האט דאמאלס נאך ניט עקזיסטירט, ערשט דער העלענא־אקט איז געװען אנגעשריבען, אבער ניט פארעפענטליכט. און פאר׳ן אלטען דיכטער, װעלכער קלייבט זיך די גאנצע סומע ערפאהרונג פון זיין לאנג־יעהריגען לעבען אריינצוגעבען אין א צװייטען פויסט, שטעהט פלוצלונג עפּיס א יונגער מאן און דערצעהלט, אז אויך ער דיכטעט א „פויסט" און װיל אויב מעגליך מיט איהם קאנקורירען. װאס האט ער געזאלט דערצו זאגען?

יענע טיעפע געטהע־פערעהרונג, מיט װעלכער מען האט געא־טהעמט אין װארנהאגענס הויז, איז הײנען קיינמאל ניט אריין אין בלוט. צייט ער האט געלעבט, איז געטהע פאר איהם געװען א שטיין אין װעג, װעלכען ער האט רוהיג ניט געקענט פארבייגעהן; אבער און װידער האט ער זיך געמוזט מיט איהם פארנעמען. מען קען במעט באצייכענען די עפּאכען פון הײנעס אינערער ענטװיק־לונג לויט זיין שטעלונג צו געטהען. צו דער צייט פון יענעם בא־זוך האט הײנע זיך געזעטיגט מיט אפּאזיציאנס־שטאף. אלס איד האט ער זיך געפיהלט בארופען ארויסצורעדען דעם שמערץ פון זיין געפּלאגטען פאלק, און ער האט געשאפען פון זיך און פון געטהען אן אנטיטעזע: זיך האט ער געשטעמפּעלט אלס דעם זיך אויפאפפערענדען פאנטאסט און צו געטהען האט ער צוגעקלעפּט די פראזע פון א זעלבסט פארגניגטער, מיט זיך גופא זיך קװיקענ־דער באשעפעניש. אום װי עס איז זיך צו דערהויבען איבער יענער פערזענליכקייט, האט ער זיך געפּרובט איינרעדען, אז געטהע האט אויפגעװעקט אין איהם א װעהמוטיגען געפיהל, און ער גיט צו — כאראקטעריסטיש: „ער איז מיר ליעבער געװארען, זייט איך בא־דױער איהם". ער באדױערט איהם, דאך די באשרייבונג, װאס זיין שפּעטערדיגע װערק, „די ראמאנטישע שוהלע" גיט פון יענעם װיי־מארשען װיזיט, מאהלט געטהען, אלס דעם אלימפּיקער.

מיט זיין געגנערשאפט צו געטהען איז הײנע אין יענע יאה־רען, אגב, ניט געװען אליין. ער איז געשטאנען אין מיטען פון א צייטגענאסישע באװעגונג: מען האט געטהען ניט געקענט מוחל זיין, װאס אין אזא פּאליטיש אויפגערעגטער צייט איז ער געבליבען

קאַלט און גלייכגילטיג; מען האָט ניט פאַרשטאַנען זיין גראַנדיעזע, איבערצייטליכע אין זיך זעלבסט פאַרזינקונג. אָם טיעפסטען האָט אויסגעדריקט די שטעלונג פון דעם נייעם דור, קאַרל אימערמאַן אין זיין „בערלין“.

זיך צוריקקעהרענדיג קיין געטינגען, האָט ער זיך גענומען פאַרצייכנען די איינדריקע פון זיין צופוס רייזע, אָבער ער האָט עס דערפיהרט ניט ווייטער פון די ערשטע טעג אין האַרץ. אין מאַי 1825 האָט ער אויסגעהאַלטען זיין דאָקטאָר עקזאַמען, וואָס איז איהם געהאַנגען איבער'ן קאָפּ, ווי אַ שווערער וואָלקען, און איהם אפילו פאַרטונקעלט דעם הימעל אין זיינע גליקליכע האַרץ־רייזע־טעג. אין יולי פאַרטיידיגט ער זיין דיסערטאַציע. דער דעקאַן הוגאָ האַלט זעהר אַ שמייכעלהאַפטע רעדע פאַר איהם; דער פעטער, וועלכער איז אָהער פאַרפאָהרען אויף אַ געשעפטס־רייזע, ווייזט זיך צו איהם זעהר גנעדיג; ענדע יולע פאַרלאָזט ער געטינגען.

## פערטער קאפיטעל

### וואנדער-יאהרען.

צווישען דעם עקזאמען און דער דיסערטאציע האט היינע זיך גע'שמד'ט. גאנץ אין דער שטיל, ניט אין געטינגען גופא, נאר אין א דערבייאיגען פרייסישען שטעדטעל, דעם 28־טען יוני, 1825. זיין נאמען העררי האט ער פארביטען אויף היינריך (יאהאן קריס־טיאן). די פאמיליע אין לינעבורג האט שוין פריהער (אין זומער 1823) געפלאנעוועט דעם שריט, אבער דאמאלס האט היינע דער־פון ניט געוואלט הערען. זייט יעמאלט איז דאס באדערפניס צו ווערען אונאבהענגיג פון פעטער און צו שטעלען זיך אויף די איי־גענע פיס געווארען אלץ דרינגענדער. די יוריסטישע פראפעסיע, וועלכע וואלט געפאדערט פון איהם מיט לייב און לעבען אריין צו טאן זיך אין געזעץ־פראקטיק, האט ווענינ נחת פארשפראכען. עס איז איהם ארויף אויפ'ן געדאנק אז דורך א ביטשריפט צום קולטוס מיניסטער וועט זיך איהם דאך איינגעבען צו צושלאגען זיך צו א פראפעסאר שטעלע (דעם 24־טען יוני, 1824). דער ביישפיעל פון זיין פריינד גאנז האט איהם ענדגילטיג איבערצייגט, אז אלס איד האט ער גארנישט צו ערווארטען. האט ער באשלאסען מיט'ן טויף־שיין צו שאפען זיך א נארמאלען באזיס פאר א קאריערע. צום יודענטום האט איהם קיין אנדער זאך ניט צוגעבונדען ווי דער מיט־געפיהל צו די פארפאלגטע. פאר דעם ראציאנאליזירענדען מעסיגען רעפארם־יודענטום, וואס האט דאמאלס ערשט אנגעהויבען זיך דורכצוברעכען א וועג, האט ער געהאט נאר ווערטער פון חוזק; גיכער שוין האט צו איהם דעם ראמאנטיקער אפעלירט די פאר־גליווערטע פיעלפארביגקייט פון „ארטאדאקסישען יודענטום". אבער פונקט אזוי ווייניג באדייטונג האט פאר איהם, דעם שונא פון יעדער פאזיטיווער רעליגיאן, געהאט דאס קריסטענטום; כאטש

דער פארפיהרערישער צויבער פון קאטאליציזם איז איהם, דעם דיכטער פון „וואהלפאהרט נאך קעוולאאר", ניט פרעמד געבליבען. און ווען אפילו שפעטער שטעלט ער זיך אבער און ווידער ארויס אלס ענטוזיאסטישער פראטעסטאנט, איז עס ביי איהם ניט מעהר און ניט ווייניגער, ווי אימפראוויזירטע פאעטיש־פאליטישע טאקטיק. דער פראטעסטאנטיזם איז פאר איהם לויט דער אידעע רעליגיעזער ליבעראליזם, די רעפּרעזענטאציע דער ערשטער אקט פון דער רעוואלוציאן.

ער האט זיך געטויפט אין א מאמענט, ווען ער איז פארנומען געווען מיט דעם „ראבי פון באכעראך", ווען ער האט געהאלטען אין אויפשטעלען די אנטיטעזע צווישען זיך און געטהע, צווישען דעם ניט „איבערקלערענדען אויפאפפערונגס געפיהל און דער קאל־טער, בארעכענטער גליקסזוכעריי"; דער ווידערשפרוך לאזט זיך ערקלערען דורך דער צארטער עמפפינדליכער נאטור פון דעם דיכ־טערישען מענשען — ער קען זיין פרום און אונגלויביג צוגלייך; אלץ איז אין איהם פארהאן, ווייל אלץ איז ביי איהם פריהער פון אלץ געפיהל; קיין זאך געווינט איבער איהם ניט א הערשענדע באצווינגענדע מאכט; האט ער וואס ארויסגערעדט, איז ער מיט דער זאך פארטיג; איז דער ענין פאר איהם אויסגעשעפט; דער־מיט הויבט זיך אן און ענדיגט זיך עס. עס פלעגט איהם אליין ציי־טענווייז אונהיימליך ווערען פון אט דער געהיימניספולער צוברעכ־ליכקייט פון זיינע שטאנדפונקטען. איינמאל שרייבט ער צו זיין פריינד מאזער: „דו ביזט דער אויסדערוועהלטער, וואס פיהלט דאס שעהנע; איך בין דעריעניגער, וואס דארף די שעהנע געפיהלען פון אנדערע ארויספלאפלען".

און קוים האט ער דעם שריט געטאן — דעם שריט צו דער קריסטליכער קירכע — פייניגט ער זיך שוין; מיט וועהטאג און שאנדע רעדט ער וועגען דעם צו מאזערן; עס עקעלט איהם צו באפוצען דעם עסק מיט הויכע פראזען; דאס איינציגע ערליי־זונג איז, צו זיין אונבארמהערציג צו זיך; ער געהט אין אידישען טעמפעל און לאזט זיך ווארפען די שמאך אין פנים אריין פון דער בימה אראב, דאס געדיכט „אלמאנזאר" דריקט יענעם צושטאנד אויס.

און שנעל האָט ער אײנגעזעהן, אַז דער באַגאַנגענער שריט האָט איהם גאָרנישט ניט אײנגעבראַכט, װי נאָר האָס סײ פון אידען און סײ פון קריסטען.

קורץ נאָכ'ן בעגעגענען זיך מיט'ן פעטער אין געטינגען בײם עקזאַמען, האָט יענער װידער באַװיליגט איהם א סומע אויף א רײזע צו דער נאָרדזעע. אויגוסט און סעפּטעמבער פאַרברײנגט הײנע אין נאָרדערניי. ער חבר'ט זיך מיט די פישער, לאָזט זיך מיט זײ אװעק אויף גאַנצע טעג אין ים אַרײן, שיפט זיך און טרוימט. ער באַקענט זיך דאָ מיט דער פירסטין סאַלמס, א פרײנדין פון װאַרנהאַגען'ס הויז, א שעהנע פרוי פון צעללע באַשעפטיגט לײכט זײן האַרץ. די פרויען בכלל באַלעװען איהם. צװישען די האַנאָװערשע אַפּיציערען, װאָס באַלאַנגען צו דײטשען לעגיאָן, װאָס ענגלאַנד האָט פאַרמירט — האַנאָװער האָט דאַמאָלס געהערט צו דער ענגלישער קרוין — געפינט ער מענשען, װאָס האָבען א סך אַרומגערײזט איבער דער װעלט און מיט װעלכע עס איז אַנגענעהם צו פאַרברײנ־גען. אונערװאַרטעט טרעפט ער דאָ זײן אַלטען פרײנד קריסטיאַן סעטהע, װעלכער האָט פאַר דער צײט חתונה געהאַט. זײ האָבען זיך געזעהן בלויז צװײ טעג, װאָס האָט אָבער הײנע'ן ניט געשטערט אויסצובאָרגען זיך פון יענעם, פאַר זײן אָברײזע, זעקס לואידאָר, װײל גראַד האָט ער זײן אײגענע געלד פאַרשפּיעלט. און מיט דעם אַלעמען איז ער אַרײנגעטאָן מיט זײנע אויגען און אויערען אין ים, זײן קאָפּ שטרענגט זיך אָן צו באַהאַלטען אין זיך די פאַרשידענאַר־טיגע שימערערינדע פאַרבען־װאַריאַציאָנען, מיט װעלכע דער ים און די לופט איבער'ן ים שפּיעלען כסדר.

אויף דער יבשה איז דער אויסזעהן פון די זאַכען אונענדליך פעסטער, שטײפער: דאָס אויג געװועהנט זיך צו, די זאַכען שנעל און פול צו דערקענען. אין דער אמת'ן דוכט זיך נאָר, אַז מען דערקענט זײ; אײדער מען באַװײזט נאָך צו כאַפּען דאָס כאַראַקטע־ריסטישע פון מאָמענט, רוקט דאָס אויג שױן אונטער זײן אַלגעמײ־נעם באַגריעף װעגען דער פאָרם פון די זאַכען. אויפ'ן ים אָבער זענען די פאַרענדערונגען אַזױ שאַרף, אַז עס קען זײ ניט פאַרבײ־געהן, און דאָס געהירן, װאָס לעבט דורכ'ן אויסדרוק אין װאָרט,

ווערט כסדר געשטעלט פאר א פראבלעם ; די טראדיציאנעלע פאר־בען־באצייכנונג איז ניט גענוג; מען מוז זיך ארומזעהן נאך א גיואנס פון דעם אויסדרוק, אום צו באצייכנען דיווירקליכע קוואליטעט פון די זאכען. און ערגיץ ניט האט היינעס אייגענשאפטס־ווארט געמאכט אזא פארטשריט אין דער ריכטונג פון פארפיינע־רונג, ווי אין זיינע „צפון־ים ליעדער". די ערשטע פון דער סעריע שטאמען פון אט יענע נארדערניי־טעג.

פון ים־ברעג האט ער זיך צוערשט צוריקגעקעהרט קיין לינע־בורג. דער געדאנק וועגען אן אקאדעמישען בערוף האט איהם ווידער פארנומען. מאזעס מאזער זאל זיך ערקונדיגען, צי א דאק־טאר פון יוריספרודענץ קען האלטען פילאזאפישע פארטראגען אין בערלין. עס איז ניט קלאר, ווי מאזערס ענטפער איז געווען ; ווע־ניגסטענס איז היינע דעצעמבער בעשעפטיגט מיט צוגרייטען זיך צו די פארלעזונגען וואס ער דארף האלטען אין אוניווערזיטעט. (14־טער דעצעמבער 1825). אבער קענטיג אז ער מאכט שלום מיט'ן געדאנק, אז דערווייל פאר'ן אנפאנג וועט ער זיך פאר־נעמען מיט אדוואקאטען פראקטיק, און ער פאהרט אב קיין האמ־בורג. „פיעלייכט — שרייבט ער דאמאלס צו סעטהע — וועל איך דיר באלד קענען אנזאגען די בשורה, אז איך האב זיך בעזעצט אלס אדוואקאט, האב געהייראט און שרייב א סך א. ז. וו.". „הייראטען" מסתמא מיינט ער מיט טערעזאן; אלענפאלס, דעם געדאנק וועגען איהר האט ער נאך ניט אויפגעגעבען.

אין האמבורג איז איהם פון אנפאנג געגאנגען ניט אם בעס־טען. פון זיין אדוואקאטור איז גארנישט געווארען. היינע איז כי־דערגעשלאגען. דערנאך ווערט די לאגע בעסער. סאלאמאן היינע פארגינט זיך די ראלע פון גרויסען וואלטהעטער פון וועמעס גנאר און אונגנאד העגנט אלץ אב. איינער פון זיינע פריינד, קאהען, האט זיך איהם באזונדערס ניצליך געמאכט מיט זיין הילף. אבער אינטריגען פון דער אנדערער זייט שעדיגען איהם א סך. היינע איז חושד זיין אייגענעם שוואגער. געררייצט דורך דער פאראכטונג וואס היינע גיט איהם צו פיהלען — און יענער האט עס כשר פאר־דינט — פאר'מסרט ער פאר דער גאנצער וועלט היינעס פיהרונ־

גען; ער האָט אפילו קאָהען׳ען צוגערעדט — כלומרשט פאַר היינעס טובה וועגען — צו דערצעהלען זאַכען וועגען היינען און אין פעטערס געגענוואַרט. „דאָס האָט קאָהען געטאָן — שרייבט היינע — אדער אום זיך וויכטיג צו מאַכען, אדער אויס אומגעלומ־פּערטער פריינדשאַפט, מיינענדיג אַז ער טהוט מיר דערמיט אַ טובה“. היינע ענדיגט דעם בריעף, אַנדייטענדיג אויף זיין ברוגז מיט׳ן שוואָגער, מיט פאָלגענדע ביטערע ווערטער: „אַך האָב די טעג פאַרלאָרען מיין שוועסטער. לעב וואָהל, שרייב באַלד“.

ער לעבט ווייטער אין האַמבורג צוריקגעצויגען, פאַרקעהרט ביים קאַמפּאָזיטאָר מעטפעסעל, ביים באַיאַהרענטען פּראָפעסאָר צימערמאַן, וועלכער האַלט לעקציעס איבער געטהע. ליטעראַריש איז היינע באַשעפטיגט מיט צונויפשטעלען אַ בוך, וואָס ער וויל ארויסגע־בען אונטער׳ן טיטעל „וואַנדער בוך“. און נאָך וועלכען עס דאַרף קו־מען אַ ווייטערער צווייטער באַנד. פון יענעם בוך אַ ז געוואָרען דער ערשטער באַנד „רייזע בילדער“, וואָס איז ערשינען אין פערלאַג קאַמפּע פון האַמבורג אין מאַי 1826. די בריעף פון יענער צייט צייכנען זיך אויס מיט זייער העלער שטימונג. אבער צו באַפעסטי־גען זיך אין האַמבורג איז איהם ניט געלונגען. אין יולי מאַכט ער אַ צווייטע רייזע צו נאָרדערניי, מיט דער אויסזיכט, דעם ווינטער צו פאַרברייגגען אין בערלין, און מיט דער ווייטערער אויסזיכט צו ערפילען אַז אַלטען וואונש און דייטשלאַנד אין גאַנצען צו פאַרלאָזען. פערזענליכע ערגערנישען, הויפּזעכטליך אַבער „דער איד, דער איד, וואָס לאָזט זיך ניט אַבוואַשען“ האָבען איהם פאַר־מיאוסט די היימאַט.

אין נאָרדערניי האָט ער ווידער געפונען די געזעלשאַפט פון פאַריגען זומער, מאַכט אַ נייע באַקאַנטשאַפט מיט פירסט קאָזלאָוו־סקי, אַ גייסטרייכען רוסישען דיפּלאָמאַט, וועלכער פאַרליבט איהם ענגלאַנד ביז׳ן הימעל אריין און וועקט אין איהם אַ חשק צו „היי־לייף“. ער איז אביסעל מיד. דאָך ליטעראַריש טעטיג. ער שרייבט אַ רייזע־בריעף, וואָס פלוידערט אוועק אין פרייסטע צו־זאַמענהאַנג „וועגען אַלע זאַכען און נאָך עטליכע“; פאַרטראַכט

פּאעטישע פּלענער, ענדיגט דאָס אנגעהויבענע און לעבט מיט'ן ים, ווי פאריגען זומער.

זיך צוריקקעהרענדיג קיין לינעבורג איבער ברעמען, שרייבט ער זיינע „ים־בילדער", פארפאסט דאָס „בוך לע גראַן", וואָס שטעלען צונויף א נייעם באנד רייזע־בילדער. אין יאנואר געהט ער קיין האמבורג, אום אכטונג צו געבען אויף דעם דרוקען פון נייעם באנד פון דער נאָהענט. דאָס בוך ערשיינט אין אפּריל. גלייך נאָכדעם רייזט היינע אָב קיין ענגלאַנד.

מיט דער פארעפענטליכונג פון די ביידע ערשטע בענדער „רייזע־בילדער" אין 1826־1827 האָט היינע מיט איין קלאַפּ באַקומען א פעסטע ליטעראַרישע פיזיאָנאָמיע — אין אַלע באַציהונגען — סיי אין פּאָעזיע און סיי אין פּאָליטיק.

וואָס דאָס „אינטערמעצצא" האָט פארשפּראָכען, האָבען די לידער פון „היימקעהר", מיט וועלכער דער ערשטער באנד עפענט זיך, ערפילט. די שפּראַך פון „היימקעהר" רעפרעזענטירט — פיעל שטארקער ווי אין „אינטערמעצצא" — א באוואוסטזיין, וואָס האָט פארזוכט פון לעבען, וואָס האָט זיך געזעגענט מיט'ן לעבען. ווען דאָרט זענען בוים און בלום געווען ניט מעהר ווי סימבאָלען. צייכענס, היעראָגליפען, איז דאָ די נאַטור דורכגעפיהלט, אינדיווידועל דורכגעפיהלט. עס איז שוין א העכערע שטופע פון אינדיווידועלען פיהלען, ווען די נאַכט איז דאָ ניט מעהר, ווי אין „אינטערמעצצא" — „פייכט און קאַלט", נור „פייכט און שטורמיש". אַז אינטערמעצצא געדיכט, ווי „פיכטענבוים שטעהט איינזאַם", דאַרף פארשטאַנען ווערען סימבאָליש ; דאָ אין די נייע לידער ווערט לאַנדשאַפט געמאָהלען צוליעב לאַנדשאַפט, ווי אין די קליינע ים ליעדער 10 און 11. דאָס געדיכט „דעמערנד ליגט דער זומער אָבענד" לעבט א לעבען פאַר זיך אַליין ; אָטעמט ווי דער זומער־אָבענד : געדעמפט און פארשמאַכט. און עס איז לאַנדשאַפט און פיעל מעהר ווי לאַנדשאַפט יענע שטימונג, וואָס רעדט דורך דאָס ליעד : „געזעסען זענען מיר ביים פישערהויז". וואָס געפינען מיר דאָרט ? די איינפאַכסטע זאַכען : דער לייכט־טורם צינדט אָן זיינע פייערן, א שיף וויגט זיך אויפ'ן האָריזאָנט, א לופטיגער געשפּרעך, אין

װעלכען װײטע לענדער װערען דערמאַהנט. — און דאָך אַלעס צו־זאַמען קלינגט, קלינגט, װי אַן אָבענד גלאָק! אדער עס װעהט עפּעס דונקעלעס אין זײ, טרײסטלאָז טרױריגעס און עס װערט באַנג, באַנג... (די נומערן 5, 28, 29).

דאָס הײנישע פּיהלען איז דורכאױס געבונדען צום אױסערן לעבען; זײן געדיכט נײגט זיך צום רוהיג דערצעהלטען, צום עפּי־שען; עס דערצעהלט געפיהלפול (װאו עס פּאַרשפּיצט זיך ניט מיט אַ װיציגען, עפּיגראַמאַטישען געדאַנק); עס זוכט ניט פונאַנ־דערצונעהמען, פונאַנדערצוקנײטשען דעם װאונדער פון די געפיה־לען. די פערזען, װאָס דאָ אין די „הײמקעהר"־ליעדער באַשרײבען זײ דעם דיכטערס ליעבעס־געשיכטע, געװינען פיעל דערפון, װאָס זײ צו גרונד ליעגט אַן עפּישער מאָטיװ, אַ װירקליכע פּאַסירונג פון לעבען: אַז ער האָט זיך צוריקגעקעהרט אין שטאָדט, אַהײם געקו־מען. פיעלײכט דאָס שעהנסטע פון זײ („בײם װײטען האָריזאָנט") שטיצט זיך הױפּטזעכליך אױף אָט דעם געשיכטליכען מאָטיװ. אָבער די נײע מענשליכע האַלטונג פון דיכטער זעהט מען פּיעלײכט אָם אײנפאַכסטען אין דער 34־טען געדיכט: „איצט איז די צײט, װאו איך מיט פאַרשטאַנד...". דאָרט געזעגנט ער זיך — אין נאָ־קעטע װערטער — מיט דער הױך־ראָמאַנטישער סטיליזירונג פון לײדענשאַפט, װאָס איז געװען דער סימן פון זײנע ערשטע געדיכטען; אָבער נאָר מיט דער סטיליזירונג... דער שמערץ בלײבט, ניט געשטילט און ניט געשטילט צו װערן, דער שמײכעל שאַפט איהם ניט אָב פון דער װעלט. און אַזױ איז דאָס כאַראַקטע־ריסטישע פון אָט די הײמקעהר־ליעדער, װי אַזױ דאָס געפיהל און די איראָניע דורכדרינגען אײנס דאָס אַנדערע; זײער אײנגענאָר־טיגקײט איז אין דעם, װאָס די װערטער זענען אַזױ צוזאַמענגע־שטעלט, אַז דאָס פרעהליכע קלינגט טרױעריג און דאָס טרױעריגע פרעהליך... (מײן האַרץ, מײן האַרץ איז טרױעריג...").

אין די „צפון־ים בילדער" גיט הײנע פאַלשטענדיג נײעס. ער איז געװען אַרױסגעפאָהרען צום ים, און דאָס ריעזיגע פון רױם און שטרעקע האָט אונענדליך צושפּרײט די גרענעצען פון זײן עמפּפינ־דונג, און זײן אַלטער בײז־סענטימענטאַלער סטראָפען ־ מעטר װײזט זיך אַרױס צו ענג. דאָס גרענעצלאָזע צורײסט די פאָרם און

צוגיסט זיך אין געצאַקטע, איבערגעהאַקטע און ווייטער שטראָמענ־
דע ריטהמען — אַ פאַנטאַסטישע באַרעדזאַמקייט, וואָס פאַראיי־
ניגט די באַקוועמליכקייט פון פּראָזאַ און דעם שוואונג פון ליריק.
די בעקוועמליכקייט באַדאַרף דער דיכטער, ווען ער וויל ניט אויפ־
אָפּפערן מיט זיין אייגענטליכען צוועק — איבערצוגעבען די פולע
פולקייט פון זיינע צאַרטעסטע בעאָבאַכטונגען. אַמאָל דוכט זיך,
אַז די זאַפטיגקייט און פאַרביגקייט, וואָס האָט אַנגעקוואָלען אונ־
טער דעם דיכטערס פען, וויל זיך ניט אין גאַנצען צושמעלצען אין
זיין לירישער אויפרעגונג און לויפט אַריבער איבער די לירישע
פראַגמענטען. ער וויל ניט יוצא זיין מיט באַזינגען די נאַטור. ער
נעמט אויף די נאַטור מיט'ן קיהלען קוק פון אַ מאַהלער. ווען ער
רעדט פון זיך, נעמט ער זיך ווי אַ שטיק אויסערליכע דעקאָראַציע
פון לאַנדשאַפט, צוזאַמען מיט די זאַמד־כוואַליעס, וואָס לויפען
פאַזע ברעג, צוזאַמען מיט'ן ים גופא. ער זעהט זיך, אָבער ער פיהלט
זיך ניט ווי איינס מיט דער נאַטור.

אין דער „רייזע אויפ'ן האַרץ" פלעגט ער די נאַטור פאַרוואַנד־
לען אין אַ מעשה'לע, אום פון איהר צו געניסען. איצט האָט ער דעם
אָביעקט־ווען בליק פון אַן אַרטיסט. די דורכדרונגענקייט מיט'ן לעבען
פון דער נאַטור, וואָס פיהלט זיך אין אייניגע ליעדער פון „היימ־
קעהר", פאַרלאָזט איהם דאָ — עס איז ניט ביי איהם מעהר קיין
זיכערע שטימונג.

ער האָט אָנגערופען זיינע „ים־ליעדער" קאַלאָסאַלע
עפּיגראַמען — דאָס זענען זיי. זיי זענען דער מיטען פון
פּאָעטישען און גייסטרייכען: פאַנטאַסטישע באַרעדזאַמקייט, אַ
לוקסוריעזער שפּיעל מיט די רייכטימער פון זיין נשמה; פּראַכט־
פולע אויסברייגגעריי פון מאַכט און קענען, פון וואָהלקלאַנג, פון
פיינהעריגקייט. דאָס געפיהל, באַפרייט פון דער הערשאַפט
פון מעטריק, באַשטימט כסדר פון זיך גופא זיין ריטהם.

היינע האָט אַליין געפיהלט, אַז מיט זיינע לעצטע ווערק האָט
ער דערגרייכט דעם הויכפּונקט פון זיין לירישער קונסט. אין 1827
האָט ער צונויפגענומען דעם לירישען רייכטום, וואָס ער האָט ביז
אָהער אָנגעזאַמעלט, אין דאָס „בוך דער ליעדער", און דערמיט

אַנגעדײט, אַז דאָ איז אַן אָבשניט פֿון זײַן ענטװיקלונג. און צו־גלײַך מיט דעם פּאָעט הײנע האָט דער פּראָזאַאיקער זיך געפֿונען אין זײַנע „רײזע־בילדער“. ער האָט באַשריבן די רײזע, װאָס ער אַלס סטודענט האָט געמאַכט דורך די האַרץ־בערג אין 1824, און װי איבער נאַכט איז איהם געגעבען געװאָרן די פֿאָרם, אין װעלכער ער האָט זיך אָם פֿרײסטען געקענט צונעמען און װעל־כע איז געבליבען אין גרונד גענומען זײַן פֿאָרם אויף שטענדיג. אין די „בריעף פֿון בערלין“ און אין די „בריעף פֿון פּױלען“ קעמפֿט נאָך די סוביעקטיװיטעט פֿון שריפֿטשטעלער מיט דעם שטאָף, װאָס ער האָט צו רעפֿערירען, צײַטענװײַז נאָר רײַסט זיך זײַן איך דורך דורכ׳ן שטאָף. איצט באַהערשט ער די זאַכען; „װאָס איך זעה ניט אַרױס פֿון די זאַכען, זעה איך אין זײ אַרײַן“. די זאַכען זענען גלײַכגילטיג, זײַן איך איז די הױפּטזאַך. זײַן „רײזע אויפ׳ן האַרץ“ איז ניט אַ באַשרײַבונג פֿון האַרץ, נאָר פֿון רײזענדען, װעלכער שטעהט אין זײ אין זײַן פֿולער גרױס מיט זײַנע שטימונגען, גע־פֿיהלען און טרױמען. אין זײַן רײזע־בריעף פֿון נאָרדערנײ, דיק־טירט זײַן איך לױט זײַן װילען דעם סדר פֿון די זאַכען. פֿון נאָרדענ־רײ איז כמעט די רעדע ניט.

דער שפּיגעל אָבער פֿון צװײטען רײזע־בילדער־באַנד איז פֿאַר הײנע׳ן געװען דאָס „בוך לע גראַן“. מען קען דאָס ניט אַרונטער־פֿיהרען אונטער קײן אָנגענומענעם ליטעראַרישען מין; אױס דער אײגענער ליעבעס־געשיכטע, פֿאַרשטעקט אין אַ פֿרעמדען בגד, אױס יוגענד עראינערונגען, אױס סענטימענטאַליטעט און סאַטירע, אױס אַלע אינהאַלטען, װאָס הײנע האָט דאַמאַלס אין זיך געפֿונען, פֿרײ גרופּירט, װי דער אימפּולס פֿון געפֿיהל האָט זײ אַרױסגע־בראַכט, פֿלעכט זיך איז זיגזאַגען אַ װערק, װאָס זײַן קונסט גע־שיכטליכער װערט איז פּיעלייכט אין ניט קײן אַנדער זאַך, װי אין דער סואװערענעם צוטרױען פֿון קינסטלער צו זיך זעלבסט, אין זײַן פֿאָלקאָמענעם פֿאַרלאַזען זיך אויף זײַן טאַקט. אין אָט די רײ־זע בילדער װײזט זיך צום ערשטען מאָל הײנעס כאַראַקטעריסטישע פּראָזאַ אין איהר פֿולער גלאַנץ. זי לירײזירט נאָך, זי שטימט אָן זאָיהר מאַרש אין פּאָעטישען טאָן זײַן שפּעטערדיגע פּראָזאַ, די

פּראָזאַ, אין וועלכער ער האָט געשריבן אין פּאַריז, איז זאַפטיגער, געדרונגענער, אָבער איהרע גרונדשטריכן זענען שוין שאַרף אָנגעצייכנט: אַוועק פון בוך־סטיל צום געשפּרעך־סטיל. אויף אַ געוויסען אויפ'ן איז דער געשפּרעך־פיהרער אַלעמאָל דאָ: פלינק און פריי, ניט געענגט פון קיין שטאָף, שפּרינגט ער אַלע ווײַלע אַרײַן מיט אַ בעראַשענדע אײַנפאַלע, ווענדונגען, וואָס קומען מיט זייער אייגענער ריטהמיק, אונטערגעזאָגט פון דער אײַנגעבונג און שטימונג פון מאָמענט; וויציג און באַרעכענט, מיט געלאַסענער באַהערשונג פון די שפּראַך־פאָרמען און שפּראַך־מעגליכקייטען. דאָס איז אַ שמועס אין העכסטען זין — ניט נאָר דערמיט, וואָס דער רעדנער ווענדט זיך אָפט גענוג צום לעזער, נאָר אויך דערמיט וואָס ער באַוועגט זיך דורך דער גאַנצער געזעלשאַפטליכער בילדונג פון דער צייט. זיין יעדע באַמערקונג זעצט די דאָזיגע בילדונג פאָראויס. דאָס איז אַ סטיל, וואָס קען ניט אַנדערש ווי זיין קאָנקרעט און פאַרביג. יעדער סאָרט פון בילדליכען אויסדרוק ווערט באַנוצט. דאָס אייגענשאַפטסוואָרט שפּיעלט מיט דעם געוואַגטעסטען קאַפּריז, דער רעדנער טוט מיט די זאַכען אַרום, ווי עס טראָגט אויס זיין לוסט און פאַרגעניגען.

די רייזע בילדער זענען די הויך־שוהל פון היינעס שפּראַך־פעהיגקייט און שפּראַך־פאָרמען. דאָ געווינט ער די הערשאַפט איבער זיין אינסטרומענט, אום ערשט אין זיינע קינפטיגע ווערק צו מאַכען פון איהם אַ פאָלקאָמענעם געברויך.

און צולעצט באַקומט היינע מיט זיינע „רייזע־בילדער“ אַ באַשטימטע פיזיאָנאָמיע: זיין פּאָליטישע האַלטונג צייכענט זיך אָן דייטליך. פון די „בערלינער בריעף“ שלאָגט נאָך נאַאיווע לאָיאַליטעט. אין מעמואַר איבער פּוילען שפּירט זיך דאָ און דאָרט אַ בייזער, אָבער נאָך אַ פאַרשטעלטער טאָן; פרייער, ווען אפילו נאָך אַלץ אין געמיטליכען שפּיעל, קומט די „רייזע אויפ'ן האַרץ“ אַרויס מיט'ן וואָרט, דער צפון־ים־בריעף אָבער רופט אָז מיט'ן נאָמען די בייזע געגנער, אין וועלכע עס קאָנצענטרירט זיך פאַר איהם אַלץ, וואָס מוז פּאָליטיש באַקעמפט ווערן — דער אַדעל און די קירכע. דאָס „בוך לע גראַן“ מיט זיין איבערפליצענדען ענטוזיאַזם פאַר דער

געשטאלט פון נאפאלעאנען, שטעלט זיך שוין אין שארפען ווידער־שפרוך מיט דער דאמאלס הערשענדער רעסטאווראציאנס פאליטיק. דען די דאמאלסדיגע פאליטיק איז דאך געווענדט געגען דאס רע־וואלוציאנערע פראנקרייך, וואס איהר העכסטע פארקערפערונג איז פאר היינען געווען נאפאלעאן. די פארבינדעטע מלוכות — עסטרייך, רוסלאנד און פרייסען, — וואס האבען געבראכט צום שטורץ די נאפאלעאנישע אימעריע, זענען געווען די דריי זיילען פון דער „הייליגער אליאנץ", צו וועלכער עס זענען צוגעשטאנען אלע אייראפעאישע מלוכות אויסער ענגלאנד. דער ציעל צוליעב וועלכען די „הייליגע אליאנץ" האט זיך געגרינדעט איז געווען צו שיצען און פלעגען דאס פאטריארכאלישע, די גע'ירש'נטע אָרד־נונג אין אלע זאכען, הויפטזעכליך אין רעליגיעזע זאכען, און דאן — צו ארבייטען מיט אלע מיטלען געגען דעם אויפגעקלערטען ליבע־ראליזם, וואס האט אויפגעהויבען דעם קאפ און גענומען שטעלען פאדערונגען. עס איז אוועק א סדרה רעאקציאנערע פאליטיק, וואס איהר הויפט־אינספיראטאר איז געווען דער עסטרייכישער קא־בינעט מיט מעטערניך'ן בראש, און צושטערט איז געווארען די האפנונג פון די פאטריאטיש געשטימטע דייטשען, וועלכע האבען גע'חלומ'ט וועגען א פאראייניגטען דייטשלאנד. די בונדעס־רעגי־רונג וואס האט געדארפט בלומרשט פארשטעלען מיט זיך דאס פאראייניגטע דייטשלאנד, האט איבערגעלאזען ווי געווען די לע־בערליכע צושפליטערונג פון דייטשלאנד אויף קליינטשינקע טע־ריטאריעס און מלוכה'לעך. יענער ארטיקעל פון דעם בונדעסאב־מאך, וואס איז אנגענומען געווארען אויף דער רעקאמענדאציע פון פרייסען, אז די איינצעלנע שטאטען זאלען געבען זייערע פעל־קער קאנסטיטוציעס, איז געבליבען כמעט א טויטער בוכשטאב. אין פרייסען גופא איז אין דעם פרט ניט מעהר געטאן געווארען, ווי אנדערשוואו. כאטש אין אינערליכער פארוואלטונג און אונטעריכט האט די פרייסישע רעגירונג דערגרייכט אויסגעצייכענטע רעזולטא־טען. די פארשפרעכונג פון קעניג, וואס ער האט געגעבען אין 1815, איינצופיהרען א פארלאמענטארישע ארדנונג, איז ניט אויסגעפיהרט געווארען. פארשיעדענע אויסרעכענונגען, ספעציעל

דער אבשיי פאר'ן עסטרייכשען קאבינעט, האבען געטריבען פריעד־ריך ווילהעלמען אלס טיעפער אין מעטערניך'ס רעאקציאנערער פאליטיק, ביז די קארלסבאדער קאנפערענץ פון די דייטשע רעגי־רונגען, מיט איהרע באשלוסען, האט געטראפען די דייטשע ליבע־ראלען אין ביין אריין און אין גאנצען געדריבט דעם גלויבען צו זעהן זייער בעסטע האפנונג — א פאראייניגטע פרייע דייטש־לאנד — פארווירקליכט פון די רעגירונגען גופא.

מען זעהט, עס האט יעמאלט ניט געפעהלט קיין צינדשטאף צו צופלאקערן די פאליטישע ליידענשאפטען. פאר היינע דעם איך, דעם רהיינלענדער, דעם אינטעליגענט האט גאר קיין פראגע ניט געקענט זיין, וואס פאר א שטעלונג ער זאל נעמען. די פאר־שידענארטיגסטע געגענזאצען האבען זיך געדעקט מיט די צוויי גרוי־סע פאליטישע געגענזאצען: רעאקציע און פארשריט. נאכמעהר: היינען איז פארגעקומען, אז דער דואליזם פון די דאזיגע צוויי פארטייען שפרייט זיך אויס איבער די גרענעצען פון איין נאצי־אנאליטעט — דער דייטשער; אז ער געהט דורך דעם גאנצען אייראפעאישען פעלקער־ארגאניזם. אויך ליטערארישע שעפפונ־גען טארען ניט מעהר געשאצט ווערן לויט זייער אייגענעם אינער־ליכען ווערט: זיי דארפען נעמען א פאליטישע שטעלונג — אהין אדער אהער. דארום איז געטהע פאראלטעט, איבערלעבט, ניט צייטמעסיג, פון איהם איז גארנישט צו דערגעהן, פון איהם לאזט זיך גארניט מאכען. מען מוז דינען דעם לעבען — מיינט היינע. ער נעמט דעם שטאף פון טאג אריין אין זיין ווערק און מאכט זיין ווערק דינען דעם טאג. מיט זיין צווייטען באנד רייזע־בילדער ווערט היינע א מאכט אין עפענטליכען לעבען. ער פיהלט זיך פון איצט אן אלס דער אדוואקאט פון די אונטערדריקטע, ער איז זייער פירשפרעכער, און די רעגיערונגען באשטעטיגען עס דערמיט, וואס זיי פארבאטען גלייך זיין נייעם בוך.

צי עס איז איהם געווארען אין דייטשלאנד אונבאקוועם צו־ליעב די פרייהייטען, וואס ער האט זיך ערלויבט אין בוך, אדער צוליעב אן אנדער אורזאכע — אין מיטען אפריל, גלייך ווי דאס בוך איז אבגעדרוקט געווארען, איז ער אוועק קיין ענגלאנד. דער דא־

מאָלסדיגער אויסלענדישער מיניסטער און צוגלייך אויך פּרעמיער. דער ליבעראַלער קאַנינג האָט זייט דעם יאָהר 1822, ווען ער האָט פאַרנומען זיין פּאָסטען, אַנגעפיהרט א דיפּלאָמאַטישע מלחמה געגען דער „הייליגער אליאַנץ"... שוין פון דעם אליין וואָס היינע האָט געוואוסט פון די דייטשע צייטונגען, האָט ער געקענט האָבען א נישקשה'דיגען באַגריף וועגען דעם עפענטליכען לעבען אין ענגלאַנד. זיין הויפּט־אינטערעס אין לאָנדאָן איז געווען פּאָליטיק, דער פּאַר־לאַמענט. זיינע „ענגלישע פראַגמענטען" זענען דורכאויס פּאָליטיש און זיי וואָרצלען אין די טאָגעביכער, וואָס ער האָט דאַמאָלס גע־פיהרט, וואו דרך אגב אויסער ריין פּאָליטישע זאַכען האָט ער גע־פונען ניט פאַר איבריג צו פאַרצייכנען זיינע איינדריקע פון שוי־שפּיעלער קיענס שפּיעלען... דאָך ביי זיין גאַנצער פּאָליטישער אוי־פערליכער ערנסטקייט בלייבט ער אין לאָנדאָן, וואָס ער איז געווען — א דייטשער אינדיווידואַליסט, א טרוימער, אַן ארומוואַנדע־רער. ער נעמט לאָנדאָן לויט דעם אויסערן איינדרוק, וואָס עס מאַכט אויף איהם: א שטיינערנער וואַלד פון הייזער און צווישען זיי א כסדר זיך דרענגענדער שטראָם פון מענשענגעזיכטער. דער ענג־לענדער, דאָס ענגלישע לעבען איבעלט איהם. ער שפּירט די מאַ־שין. דאָס אונגעהייערע, דאָס מאַסענהאַפטע פון א מאָדערנער וועלט־שטאָדט קומט איהם פאַר ווי א שווינדעל, א פאַרבלענדעניש.

ער באַקענט זיך מיט שעהנע ענגלישע פרויען, פאַר וועלכע ער האָט ניט גענוג לויב־ווערטער — באַזונדערס האָט ער זיך צו דערמאָהנען וועגען ראַמסגייט, וואוהין ער איז ארויסגעפאָהרען געווען אויף פערצעהן טעג — און ער פאַר'תכל'עוועט א מאַסע געלד. סאַלאָמאָן היינע האָט איהם אויסגעשטעלט געהאַט א היבשען קרעדיט־בריעף אויף דער פירמע ראָטשילד, פון וועלכען ער האָט געקענט ציהען געלד אין א נויטפאַל; האָט ער ניט געוואַרט און דעם בריעף תיכף צו געלד געמאַכט: אויסער דעם האָט ער נאָך גע־האַט אויף דער האַנד דעם האָנאָראַר פאַר זיין צווייטען באַנד „רייזע בילדער". — דעם 8טען אויגוסט, — אין זעלבען טאָג איז געשטאָרבען קאַננינג — האָט ער אַבגערייזט פון ענגלאַנד. צוריק־וועגס איז ער געפאָהרען איבער האָללאַנד, וואו ער האָט געמאַכט

די ערפאהרונגען, מיט וועלכע ער האט זיך באנוצט פאר זיינע „מעמוארען פון הערר שנאבעלוואפסקי". אנגעקומען איז ער דורך נארדערנעי, וואו די האנאווערשע אפיציערען, וועלכע ער האט גאר ניט איידעל אנגעטראטען אין זיין צפון־ים בריעף, האבען איהם קיין אונבאקוועמליכקייטען ניט געמאכט, ווי ער האט געקענט ערווארטען. פארהאלטענדיג זיך א שטיקעל צייט אין וואנגעראאג, איז ער ענדע סעפטעמבער ווידער אין האמבורג. דארט האט ער צופעליג אנגעטראפען זיין פריהעריגע געליעבטע, זיין קוזינע אמאליע, וועלכע איז געווארען די פרוי פון איינעם א פריעדלענדער פון קעניגסבערג און וועלכע ער האט עלף יאהר ניט געזעהן. „די וועלט איז נאריש און אויסגעוועפט, אהן א ברעקעל טעם און שמעקט מיט פארטריקענטע פיאלקעס" — האט ער געשריבען נאכדעם צו ווארנהאגען (דעם 19טען אקטאבער 1827).

נאך פאר'ן אנקומען קיין האמבורג האט ער געקענט מיטטיילען זיינע פריינד וועגען א פארשלאג, מיט זעהר ליבעראלע באדינגונגען, פון בוכהענדלער קאטטא פון שטוטגארט. איצט האט ער קאטטאס איינלאדונג אנגענומען — איבערצונעמען צוזאמען מיט דר. לינדענער די רעדאקציע פון „מינכענער אלגעמיינע פאליטישע אנאלען". צוליעב א רכילות, וואס מען האט פארשפרייט וועגען איהם אין האמבורג און וואס האט זיין נאמען אהן שום שולד פון זיין זייט, געשטעלט אין פארבינדונג מיט דער שעהנע שוישפיעלערין טערעזא פערע, איז ער צופרידען געווען צו פארלאזען האמבורג. ער שטעלט זיך אב אין לינעבורג און פארנעמט זיך מיט'ן וועג איבער געטינגען, קאסעל, וואו ער האט אויפגעזוכט די ברידער גרים און וואו לודוויג גרים האט געמאכט פון איהם איינעם פון די פיינסטע פארטרעטען. פאהרט איבער פראנקפורט, וואו ער זיך פריינדשאפטליך זיך צונויפקומען מיט בערנע, באזוכט זיין ברודער מאקסימיליאן א'ן היידעלבערג און באקענט זיך מיט דעטמאר, דאמאלס נאך גאר א יונגערמאן, און פארקניפט מיט איהם א פריינדשאפט אויפ'ן גאנצען לעבען. אויפ'ן ווארטסבערג ביי היילבראן, וואו ער מאכט מיט אן עקסקורסיע, קומט איהם אנטקעגען א פרעמדער און פרעגט זיך נאך ביי איהם: צי איז ער ניט

היינע, דער פּראָפעסאָר פון די „רייזע בילדער״ ? ער ענטפערט דער־פרייט: יאָ ! — אויף וואָס יענער רעקאָמענדירט זיך אַלס פּאָליציי אַגענט און ראָטה איהם גלייך צו פּאַרלאָזען די גרענעצען פון וויר־טעמבערג. אין שטוטגאַרט זוכט ער אויף וואָלפגאַנג מענצעל, וועל־כער אַלס אַרויסגעבער פון „מאָרגענבלאַט״ איז דאַמאָלס געווען די קריטישע הויפּטמאַכט אין זיד־דייטשלאַנד. אין נאָוועמבער קומט ער אָן אין מינכען.

ווען אויף דער רייזע האָט ער זיך געפיהלט אַנגענעהם איבער־ראַשט, ווי ווייט פּאָפּולער זיינע „רייזע בילדער״ זענען געווען, האָט ער דאָ אין מינכען זיך געדאַרפט פיהלען געשמייכעלט פון די עהרענהאַפטע באַדינגונגען, וואָס קאָטטאַ האָט איהם פאָרגעשלאָגען. דאָך, האָט ער אַלס רעדאַקטאָר זיך ניט געוואָלט פאַרפליכטען מעהר ווי ביז יולי. ער האָט ניט צופיעל צוטרויען געהאַט אין זיינע פעה־היגקייטען אַלס פּאָליטישער רעדאַקטאָר. אויסער דעם איז איהם דער מינכענער קלימאַט געווען פאַרדעכטיג. ער האָט ווירקליך גע־ליטען פון איהם, אָבער הויפּטזעכליך האָט ער זיך ניט געוואָלט באַרוהיגען אויף זשורנאַליזם, ווי אויף זיין ענדגילטיגען לעבענס־בערוף. ער האָט נאָך אַלץ גע׳חלומ׳ט וועגען אַן אַקאַדעמישער קאַריע־רע. די אומשטענדען אין מינכען האָבען געשיינט צו זיין ניט אונגינסטיג. קעניג לודוויג דער ערשטער, וועלכער האָט ערשט אין 1816 אַריבערגעטראָגען דעם אוניווערזיטעט פון לאַנדהוט אין דער רעזידענץ, איז געווען אַן אויסגעשפּראָכען ליבעראַלער רעגיע־רער. אַליין אַ געבילדעטער מיט בילדונגס־אינטערעסען, נאָך מעהר: מיט סימפּאַטיען פאַר דער ראָמאַנטיק, האָט ער געטיילט די פאַנטאַ־זיעס פון די „דייטשטימלער״ און אַקטיוו זיי מיטגעהאָלפען. קלענ־צע האָט פאַר איהם געבויט, קאָרנעליוס האָט פאַר איהם געמאָהלען. אין אַט דער אויסגעגליכענער אַטמאָספערע האָט דער געדאַנק ווע־גען אַ פּראָפעסאָר־שטעלע אין מינכענער אוניווערזיטעט געשיינט צו זיין אַזוי מעגליך, און היינע האָט זיך גענומען פּאָליטיש צוריק־האַלטען. זיינע ענגלישע פראַגמענטען, וואָס ער האָט געשריבען פאַר די „אַנאַלען״ האָבען שוין אַ סך אַ מילדערן טאָן, ווי דאָס פריהער פאַרעפענטליכטע. דער מיניסטער פאָן שענק, אַליין אַ פּאָעט, איז

זיין פריינד און שטעלט זיך פאר איהם איין. יא, היינע בעט קאט־
טא'ן איבערצוגעבען דעם קעניג אייניגע ביכער זיינע, וואהרשיינ־
ליך די „רייזע בילדער" און דאס נייע „בוך דער ליעדער", און צו־
גלייך איהם געבען אנצוהערען, אז דער פּערפאסער איז פיעל מילדער
און בעסער פון זיינע ווערק און פּיעלייכט איצט גאנץ אנדערש ווי
פריהער. „איך דענק, אז דער קעניג איז קלוג גענוג צו שעצען דעם
קליינג נאך'ן שארף, און ניט נאך דעם צופעליג גוטען אדער שלעכ־
טען געברויך, וואס מען האט געמאכט מיט איהם" (פון א בריעף
צו קאטטא.)

היינעס פּארטרויטע בריעף פון יענער צייט צייכנען זיך אויס
מיט אונזשענירטע כאראקטערלאזיגקייט. ער מאכט זיך אלץ
באקוועם. „איך בין א מענש, וואס לעבט פאר זיין פארגניגען". ער
האלט אויף באציהונגען מיט א פּאליטיש־פּארדעכטיגען אוואנטו־
ריסט, ווייט פאן דעריגנ, וועלכער איז ביי דער רעגיערונג פאר־
רעכענעט אלס רעוואלוציאנער און ביי די ליבעראלען אלס שפּיאן
פון דער רעגיערונג. ער זוכט דורך זיין פּארמיטעלשאפט זיך איינ־
צושאפען א ברוינשווייגישען ארדען און שרייבט איבער איהם יענע
פּרעכטיגע זאצען, וואו ער נעמט זיך דאס רעכט צו אורטיילען
וועגען א מענשען ניט לויט דער ראלע, וואס ער שפּיעלט, נאר ווי
ער שפּיעלט; ניט צו קימערן זיך וועגען זיינע איבערצייגונגען. נאך
קיינמאל האט היינעס נאטור זיך ניט ארויסגעשטעלט אזוי נאקעט,
אזוי אפען אויף יענער זייט פון גוט און בייז. דאס איז געווען פאר
היינען א קריטישער מאמענט. ער איז געווען ווי א וואג, וואס איז
ארויס פון גלייכגעוויכט: אויף איין וואגשאל דער ארטיסטישער
קולט פון פארם, אויף דער צווייטער — דער געבאט פון פּאליטי־
שע פּרינציפּען, און היינע האט אליין ניט געוואוסט, וועלכע וועט
אריבערוועגען.

כמעט ווי זיכער מיט זיין מינכענער פּראפעסאר־שטעלע, אונ־
געפּעהר אויף דער קאטעדער פון ליטעראטור געשיכטע, איז ער אין
זומער אוועק קיין איטאליען — איבער מילאן, גענוא, ליוואנא
אין דער טאסקאנישער פּראווינץ און זיך אבגעשטעלט אין לוקקא.
ער האט זיך ארייגעלאזען אין אויסגעלאסענקייט, פון וואס מיר

געפינען אן אבשפיגלונג אין זיינע „בעדער פון לוקקא“. איין זאך בעאונרוהיגט איהם, וואס די באשטעטיגונג צו דער פראפעסורע פארזאמט זיך עפעס. ער פאהרט אב קיין פלארענץ. אבער לענגער לאזט עס איהם ניט זיצען. עס האט איהם פלוצלונג אנגענומען א בענקשאפט נאך׳ן פאטער. ער פאקט זיך איין און קעהרט זיך אום איבער די אלפען צוריק קיין דייטשלאנד. אין ווירצבורג ־ערגרייכט איהם די ידיעה, אז זיין פאטער איז דעם 2טען דעצעמבער געשטאר־בען. ער איילט זיך קיין האמבורג, וואו זיין מוטער האט זיך אריבערגעקליבען.

די פראפעסאר־שטעל איז איהם ניט באוויליגט געווארען. די אינטריגעס פון די קלעריקאלען, וועמען דער פארפאסער פון די „רייזע־בילדער“ איז געווען אונבאקוועם, האבען געמאכט צונישט די בעמיהונגען פון זיינע פריינד. דאס האט איינמאל פאר אלע מאל באשטימט היינע׳ס קינפטיגע פאליטישע שטעלונג. ווען די ערשטע „הייליגע שמערצען“ איבער דעם פארלוסט פון פאטער זענען געווען פאראיבער, האט ער זיך צוגעגרייט צו געבען א קלאפ, ווי ער האט נאך ביז אהער ניט געגעבען. ווען ער איז אין אנהויב יאהר 1829 אנגעקומען קיין בערלין, וואו ער איז אויפגענומען געווא־רען פון אלטען פריינדשאפטס־קרייז, האט ער באקומען אין האנד אריין דעם פאסקוויל , — „ראמאנטישער עדיפוס“—וואס דער דיכ־טער גראף אויגוסט פאן פלאטען האט ארויסגעלאזט געגען איהם און זיין הויכען „געזינונגס גענאסע“ אימערמאן. שוין ביי זיין אבפאהרען קיין איטאליען האט איהם א פריינד אין מינכען גע־לאזט וויסען, אז אזא ווערק איז אין דער ארבייט. אין פאטסדאם, וואו ער האט זיך צוריקגעצויגען אום צו פארצייכנען די איינדריקע פון זיין איטאליענישער רייזע, האט ער זיינע „בעדער פון לוקקא“ געלאזט איבערגעהן אין א מערדערישער סאטירע געגען גראף פלא־טען, וואס האבען אין גאנצען פארשאטענט יענעמס שמוציגע זיד־לערייען. שוין אין זיין „רייזע פון מינכען קיין גענוא“ הערען מיר בייזע אנצוהערענישען. אבער אין די „בעדער“ איז ער געווען אונ־בארמהערציג, זיין גיפטיגער וויץ איז ניט געווען איבערקלייבעריש אין מיטלען. ער האט אין פלאטען געזעהן ניט נאר א ליטערארישען

געגנער, א פערזענליכען באליידיגער, נאר צוגלייך אויך א פאלי־טישען בלוט שונא, א יונקער, א פריינד פון יענע קלעריקאלע קרייזען, וואס האבען איהם פארשפארט דעם וועג צו דער אוני־ווערזיטעט. ווען דער דריטער באנד „רייזע־בילדער“, וואס האט ענטהאלטען די „רייזע פון מינכען נאך גענוא“ און די „בעדער פון לוקקא“, איז ערשיענען ארום וויינאכטען 1829, איז מען איבער־ראשט געווארען פון דער שארפקייט, מיט וועלכער ער איז דאס מאל ארויסגעטראטען. אפילו זיין בעסטער פריינד מאריץ מאזער האט דאס שוין ניט געקאנט פארטראגען, און עס איז געקומען צווי־שען זיי צו א ברוך.

אויף זומער איז ער אוועק צו די ים־בעדער פון העלגאלאנד, און אין סעפטעמבער האט ער זיך איבערגעקליבען אין האמבורג אום צו זיין צוזאמען מיט דער מוטער דער אלמנה. דאס אליין נאר האט איהם געקענט באוועגען דערצו. ער האט אין פעברואר פון פאריגען יאהר געהאט געשריבען פון מינכען צו וואַרנהאגען אין בערלין: „קיין האמבורג וועל איך קיינמאל אין לעבען זיך ניט צור־יקקעהרען: עס האבען מיט מיר דארט פאסירט די ביטערסטע זא־כען...“ דערמיט מיינט ער געווים די פארלאבונג פון זיין קוזינע טערע־זא, ווענען וואס ער האט גראד דעמאלט ערפאהרען פון זיינע עלטערן: ער האט נאך די האפנונג צו באקומען איהר ניט געהאט אויפגעג־געבען. ווי עס שיינט, דאס מאל האט ער זיך געהאלטען מיט זיין משפחה פון דערווייטען. זיין פארקעהר איז א ליטעראריש־קינסט־לערישער: מיט דעם שריפטשטעלער לודוויג וויענבארג, אויגוסט לעוואלד, דעם טויבען מאהלער ליזער, וועלכער איז בכלל א מאדנער פארשוין געווען, און מיט די אלטע פריינד צימערמאן, פריעדריק מערקעל און מעטהפעסעל. ער הערט פאגאניני'ן שפיעלען און עסט זיך איין אין איהם מיט טייוועלשער נייגיעריגקייט. ער איז אן איינגעהער אין די סאלאנען פון פעטער אהרענס און דארגערלא, וואו די האלבע וועלט קומט זיך צונויף. ער לעבט פיבערהאפט. דער קארנעוואל פון 1820 ברעכט זיין געזונד. ער ווערט קראנק, שפייט מיט בלוט און מוז זיך צוריקציהען אין שטילער איינזאמקייט. ער באזעצט זיך אין וואנדסבעק. דא פארטיעפט ער זיך אין דער גע־

שיכטע פון דער רעוואלוציאן, לעזט מיניע, טהיער, די מעמוארען־ליטעראטור פון די נײנציגער יאהרען, און אויך די ביבעל. ענדע יוני געהט ער נאך העלגאלאנד, און דארט דערגרייכט איהם די אונ־גלויבליכע בשורה וועגען דער פראנצויזישער יולי רעוואלוציאן. ער איז שכור פון פריידיגער אויפרעגונג, איהם איז צו מוט, ווי די רע־וואלוציאן וואלט זיך אבגעשפיעלט אין זיינע אייגענע נערווען. און דאך, דערוויסען מיר זיך פון זיינע העלגאלענדער טאגע־ביכער, איז ער גאר ניט געווען פארבערייט דערצו; ער איז געווען מיד, אונ־פאליטיש געשטימט, פארטרוימט און זיך ארומטראגען מיט דעם געדאנק אויסצוטהאן זיך אין גאנצען פון פאליטיק. פלוצלינג איז דאס אלץ ווי מיט דער האנד אראבגענומען געווארען. ער ווייס שוין, וואו ער געהערט, זיין געדאנק איז, צו געהן קיין פאריז. אין האמבורג שרייבט ער דעם שלום־באנד פון זיינע רייזע־בילדער: די „שטאדט לוקקא“, מיט די צוויי אנהאנגען, וואו אין ערשטען קלינגט די מארסעליעזע און אין צווייטען זאגט ער אונז אן דאס קומען פון דער דייטשער רעוואלוציאן. אין מערץ פון נעקסטען יאהר גיט ער א קריעגערישען פארווארט צו וועסלעהפט'ס שריפט: „קאהלדארף איבער'ן אדעל“, וואו ער באהאנדעלט די דייטשע פי־לאזאפיע אלס א פארשפיעל צו דער דייטשער רעוואלוציאן. די צענ־זור, אגב, האט זיך שטארק נוקם געווען אן דעם דאזיגען פאר־ווארט און געמאכט עס ניט צו דערקענען.

אין די צוויי לעצטע בענדער פון די „רייזע־בילדער“ באקומט דער פאליטישער אינטערעס אזא וויכטיגקייט, אז מיר זעהען שוין פאראויס די באלדיגע אויפלעזונג פון דער רייזע־בילדער־פארם; איהר זין איז דאך דוקא אין דעם, ניט צו אונטערשטרייכען קיין איינצעלנעם אינטערעס, נאר לאזען פארשיעדענע אינטערעסען הויזען צוזאמען. דא זעהען מיר שוין ניט קיין סוביעקטיוויטעט, וואס שלאגט אב מיט אלע קאלירען. נאר א ווילען ברעכט זיך דורך, וואס איז געווענדט צו דער צייט. אין דער „רייזע פון מינכען קיין גענוא“, וואס זיין ליבעראלער געוויסען רעווידירט שוין זיין אינס־טינקטיווען קולט פון נאפאלעאנען, געפינען מיר דאס ווארט: „איך האב קיינמאל קיין גרויסען ווערט ניט געלעגט אויף דיכטער־

טום, און צי מען לויבט צי מען טאַדעלט מיינע ליעדער, הויבט מיך ניט אָן צו אַרען. אבער א שווערד זאָל מיר געלעגט ווערן אויפ׳ן ארון: דען איך בין געווען א סאָלדאט אין באפרייאונגס־קריעג פון דער מענשהייט". נאַטירליך, ווען מען באטראכט היינעס לעבען פון דער נאָהענט, וועט מען נעמען די טיראדע זעהר פאַרזיכטיג. דאָך, וואָלט עס געווען גראָב איבערגעכאפּט די מאָס, ווען מען זאָל דערייז זעהן נאָר א פאָזע, א שפּיעל. היינעם א צייטגענאָסע האָט זעהר פיין באמערקט: זיין ניט צוגעבונדען זיין צו קיין זאך האָט אין דער פּאָליטישער טריבונען־ראָלע געזוכט ווי א העכערע היימאט פאר זיך וואו אָבצורוהען זיך. און ווירקליך: דאָס איז די געהיימע אונזיכערקייט פון דיכטער אין זיך (וואָס שטאַמט אפשר פון פאר־העלטניסמעסיגען מאנגעל אין סובסטאנץ) — דאָס איז די אונזיכער־קייט פון דיכטער, וואָס זוכט ארום אַן אנדער טהעטיגקייטס־פעלד און געפינט עס, הסכם מיט דער דיכטערס געמיטסשטימונג, אין דער פּאָליטיק פון טאָג. דאָס איז נאַטירליך ניט דאָס געהעריגע, ראיעלע פארהעלטנים פון מענשען צו זיין טהאט, ניכער אַן אויס־וועג ווי א נויטווענדיגקייט, און עס קען זיך לאנג ניט האלטען אונ־טער דעם דראנג פון דער ווירקליכקייט. צומאָל האָט היינע גאָר קיין בליק ניט פאר דער פּאָליטישער ווירקליכקייט. פון איין זייט א דאָקטרינער, פון דער אנדער זייט שטיצט ער זיך אין דער פארטיידיגונג פון זיינע פּאָליטישע מיינונגען אויפ׳ן אונמיטעל־בארען געפיהל. אַט דער פּאָליטיקער מיט׳ן קאָפּ קען ביי זיך פועל׳ן צו זאָגען, אז די ישועה פאר׳ן ליבעראליזם וועט קומען ניט פון ענגלאנד, נאָר פון רוסלאנד: אז צאר ניקאָלאי דער ערשטער איז דער „באנער־טרעגער פון פרייהייט", ווייל, זעהט איהר, אין ענג־לאנד איז דער ליבעראלער צושטאנד בלויז א געשיכטליכער רע־זולטאַט, און אין רוסלאנד האָט מען אויפגענומען דעם פּראָגרעם אלס אידעע.

ווען היינע האָט באקומען די ידיעה פון די פּאַריזער יולי טעג, האָט ער געווענדעט זיין בליק צו זיין היימאט: „און דייטשלאנד? איך וויים ניט..." צוריקקעהרענדיג זיך קיין האמבורג האָט ער אליין

ביינגעוואהנט, ווי דער המון האט געמאכט אן איבערפאל אויף די אידישע הייזער, אויף סאלאמאן היינע'ס הויז איז געווען אין גע־פאהר. די פאליציי האט זיך ארייגגעמישט און איינגעשטעלט דעם טומעל. די יולי־רעוואלוציאן האט כמעט קיין שפור ניט געלאזען אין דייטשלאנד.

כאטש דער צייט־קאמף האט איהם גערופען און געצויגען צו זיך, דאך געפינט ער אין זיך גענוג כוח, שפעט אין הערבסט, אויף דער צומוטונג פון אלבערט מעטהפעסעל, אנצושרייבען א רייה ליעדער, וואס ער נעמט צונויף אין „נייעם פריהלינג". זיי האבען ניט א סך וואג אין זיך. עס איז דא זעהר פיעל רייצענדעס אין זיי, זיי פארוויעגען דעם אויער מיט ריטמישע פיינקייטען, אבער זיי זענען ניט געדיכטעט אונטער דעם אימפולס פון לעבע־דיגען געפיהל, ווי זיי מאכען דעם אנשטעל, נאר זיי זענען שפיע־לענדיג ארויסגערופען געווארען דורך א צארטער געניטער פאנ־טאזיע פון פאעטישען אוצר, וואס שטעהט אונטער איהר רשות. זייער חן איז אביסעל לעדיגליך. מאנכע זענען אלט־פרענקיש מאַ־גירליך: „שפעט און פריה דורכאייל איך ווידער די באזוכטעסטען אללעען, אונטער יעדען שטראה הוט זוך איך מיינע שעהנע צו ערשפעהען". מאנכע ווי א צופעליגער קלאפ איבער א סטרונע פון א ליעבער קאקעטער אונפארזיכטיגער האנד: „לייזע ציהט דורך מיין געמיט". דא איז ניט מעהר דער אנפאנגער, וואס האט די ווירקליכקייט נאך ניט ערלעבט, נאר גיכער דער ווירטואז, וואס האט זי שוין אריבערגעוואקסען און טהוט מיט איהר, וואס איהם געפעלט. דאס איז דורכלעבטער פריהלינג, נאר שוין מיט א צייט צוריק. אבער די ליעדער האבען דעם שיין, ווי זיי וואלט אקארשט געבוירען געווארען. דערפון נעמט זיך זייער צארטע צעברעכ־ליכקייט.

נייע שטרייטיגקייטען מיט'ן פעטער מאכען סוף כל סוף פאר איהם נויטיג צו קריגען א פעסטען באדען אונטער זיך. ער ווענדט זיך צו ווארנהאגען, צי עס איז נאך פארהאן א שטיקעל האפנונג פאר איהם אין בערלין אדער וויען. ער ווערט פועל'ן ביי זיך צו מאַ־כען קאמפראמיסען. דער פלאן צו באזעצען זיך אין פאריז איז ביי

איהם די לעצטע ברירה, ער פיהלט וויפיעל דער דיכטער אין איהם וועט פארלירען דורך דעם. ווען עס עפענט זיך אונערוואַרטעט פאר איהם א מעגליכקייט צו קריגען א שטעלע אין האמבורג — דער אמט פון ראטהססינדיקוס איז וואקאנט געוואָרען און א קלאנג האָט שוין פארבונדען היינען מיט דעם פּאָסטען — פרובט ער נאָך אמאָל בעטען ווארנהאגען, יענער זאָל זיך איינווענדען פאר איהם. אויך די האָפנונג פלאצט. און ער ענטשליסט זיך צו דעם לאנג־געפלאנעוועטען שריט — צו געהן קיין פאריז, וואוהין, אַנגעצויגען פון דעם גלאַנץ פון דער יולי־רעוואָלוציאָן, עס האבען דאמאָלס אויסגעוואנדערט מאסען ראדיקאל־געזאָנענע דייטשען. צווישען זיי אויך בערנע. „איך פאק איין מיין קופערט און פאָהר קיין פאריז, אום צו שעפּען פרישע לופט" (1טען אפריל 1831). די היימאט איז איהם מיאוס געוואָרען. — אויף'ן גוטען סוף האָט ער געהאט די געלעגענהייט זיך צו איבערצייגען, אז ער האָט געוואָר־נען פּאָליטישען אנזעהן און אנערקענונג: אין פראנקפורט, וואו ער איז פארפאָהרען אויף איניגע טעג אויפ'ן וועג קיין פאריז, האָבען די אנגעזעהענסטע פיהרער פון דער ליבעראַלער פארטיי איבערגע־לאָזען ביי איהם זייערע וויזיט־קארטען. דעם דריטען מאי 1831 איז ער אָנגעקומען קיין פאריז.

## פינפטער קאפיטעל.

# אין דער פרעמד.

מיט א פארקלעמטען הארצען איז ער אנגעקומען קיין פאריז, ווי עס וואלט איהם באנג געטהאן איבער דעם געטהאנענעם שריט. אבער דאס איז שנעל פאראיבער. עס האט איהם אויפגענומען פאריז די הויפטשטאדט פון דער וועלט, וואו מען קען באטראכטען די וועלט־געשיכטע מיט די אייגענע אויגען. עס האט נאך געשימערט און געפינקעלט די זון פון פאריאהריגען יולי. די לופט, ווי אנגע־טרונקען מיט גרויסמוט און ליידענשאפט צוגלייך, האט געצויבערט.

דאס יאהר געהאלט, וואס דער פעטער האט איהם אויסגע־שטעלט, האט איהם פארזיכערט פאר'ן אנפאנג; די רעקאמענדא־ציאנס־בריעף, באזונדערס צו דער ראטשילד־פאמיליע, האבען גלייך געעפענט פאר איהם די טהירען פון דער גלענצענדסטער געזעל־שאפט. ער האט זיך באקענט מיט באריהמטהייטען, שריפטשטע־לער, מוזיקער, שטאאטסמענער. ראסיני, בערליאז, ליסט, שאפען בעגעגענען איהם, שפעטער מייערבער און מענדעלסזאהן. ער מאכט די באקאנטשאפט, וואהרשיינליך אין סאלאן פון לאפאיעט, מיט דער שעהנער פירסטין בעלדזשיאזא, וועלכע האט פרייוויליג, אויס פאליטישע מאטיווען, פארלאזען איהר איטאליענישע היימאט. אויך זי אליין האט ארום זיך א קרייז פון באדייטענדע מענער, און אין דעם קרייז האט ער זיך צונויפגעטראפען מיט טהיער, מיניע און אלפרעד דע מוסע. ער קומט זיך אויף מיט טעאפיל גאטיע, מיט זשארזש זאנד, מיט אלעקסאנדער דומא. ער האט ווידער אויסגעפו־נען זיינע אלטע פריינד דעם פוילישען גראף פאן ברעזא און מיכעל בעער פון בערלין. מען פיהרט איהם צוזאמען מיט אלעקסאנדער הומבאלדט. ער באזוכט די בילדער־אויסשטעלונגען, די אפערא און די ביבליאטעק. אויך די בעלער פון די גריזעטקעס ווערען ניט פאר־

נאכלעסיגט. ער געפינט דעם געשמאק פון גרויס־שטעדטישען לע־בען, ער פלאנירט איבער די בולווארען, איז פארליעבט אין אבענד־נעביל און ברענענדע לאנטערנען. „פרעגט אייך עמיצער, ווי איך פיהל מיך דא, ענטפערט: ווי א פיש אין וואסער. אדער גיכער פאר־קעהרט: זאגט איהם, אז ווען א פיש אין ים פרעגט זיך נאך ביי אן אנדער פיש, וואס ער מאכט, ענטפערט יענער: איך פיהל מיך ווי היינע אין פאריז". (פון א בריעף צו א פריינד, אין אקטאבער 1832). — נאך אין זומער 1831 איז ער געפאהרען צום ים, קיין בולאן, וואס דאס איז ביי איהם געווארען אן אליעהרליכע געוואהנהייט. ווען אין פאריז אין 1832 האט אויסגעבראכען די כאלערא און ווער עס האט געקאנט האט פארלאזען די שטאדט, איז היינע גע־בליבען, — אביסעל אויך צוליעב זיין שוועסטערקינד קארל היי־נע, וועלכער איז קראנק געווארען, קומענדיג קיין פאריז אויף א באזוך.

פון ענטשיידענדער באדייטונג פאר היינע'ן איז געווען זיין פארקעהר אין קלוב פון די פאריזער סען־סימאניסטען, וועלכע האבען דאמאלס אנגעפיהרט א העכסט לעבעדיגע פראפאגאנדא. מיט אייניגע זייערע וויכטיגסטע פארשטעהער — באזאר, ענפאנטען, שעוואליע — האט היינע זיך באפריינדעט פערזענליך. אין זייערע טעאריען האט ער געפונען א פילאזאפיע, וואס האט צוגעטראפען די פארשיעדענסטע טענדענצען פון זיין אייגענער נאטור.

די טעאריע, וועלכע איז נאכ'ן טויט פון סען סימאן (1825) ענטוויקעלט געווארען אין בראשורען, צייטשריפטען און פארזאמ־לונגען, איז פריהער פון אלץ געווען אן עקאנאמישע; זי איז געווען באגרינדעט אויפ'ן געדאנק, אז די אינדוסטריען, די מיטלען פון דער וויסענשאפט דארפען אויסגענוצט ווערען לטובת הכלל. דער שטאאט זאל פארוואנדעלט ווערען אין אן ארבייטס־חברותא, מיט א געמיינזאמען פארמעגען, וואס זאל אנגעפיהרט ווערען פון די פעהיגסטע קעפ. דער לעצטער און העכסטער ציעל איז די ראציא־נעלע עקספלואטאציע פון ערד־קוגעל.

היינע האט באטראכט דאס עקאנאמישע פראבלעם ניט פאר'ן מיטעלפונקט פון דער לעהרע. איהם, דעם פעדער־מענשען, דעם

דײטש, האָט נאָר אין אַלגעמײן געקענט אימפּאָנירן אַ מאַטעריעלע באַגרינדונג פון אַ װעלט־אַנשױאונג. װיכטיגער פאַר איהם איז געװען דער נײער בױ פון דער געזעלשאַפט, װאָס דער סען־סימאָניזם האָט פאַרשפּראָכען. דער ירושה־אַדעל און די קירכען־שררות זאָלען פאַרלירען זײער מאַכט אַלס אױטאָריטעטען; דאָך, זײער פּלאַץ זאָל ניט פאַרנעמען די נידריגע פלאַכקײט פון דער מאַסע, נאָר די אױסגעקליבענסטע אינטעליגענץ, די גײסטיגע אַריסטאָקראַטיע. דער פונדאַמענט פון דער נײער געזעלשאַפט זאָל זײן די העכסטע אָבשעצונג פון אינדיװידועלען אױפטהו, פון װערט פון דער פּערזענליכקײט.

אָבער פאָלשטענדיג באַצױבערט איז הײנע געװאָרען פון דער מאָראַלישער און רעליגיעזער לעהרע פון די סען־סימאָניסטען... אַזױ װי דער סען־סימאָניזם האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציעל די ערדײכונג פון מענשליכען גליק אױף דער ערד, האָט ער געמוזט אַנטקעגענשטעלען דעם דואַליזם פון קריסטענטום, װאָס זעהט אין מאַטעריעלען אַל דאָס בײז און גאָט בלױז אין גײסט, האָט ער געמוזט אַנטקעגענשטעלען דעם דאָזיגען דואַליזם אַ רעליגיאָן, װאָס שאַפט אָב דעם דואַליזם, די געגענזעצליכקײט פון מאַטעריעלען און גײסטיגען. דאָס האָט געמוזט זײן אַ רעליגיאָן, פאַר װעלכער גאָט איז לעבענדיג אין דער מאַטעריע, אַזױ גוט װי אין גײסט, אַ מין פּאַנטעאיזם, װאָס זײן מאָראַלישער אַ־דעאַל איז די רעהאַבילי־טאַציע, די פאַרהערליכונג פון פלײש, און פּאָזיטיװער געבאָט איז: באַקעהר זיך צום זינליכען געגוס, צו שעהנקײט, צו אַליץ, װאָס דער־הױבט און אײדעלט דאָס לעבען. דערמיט האָט דער סען־סימאָניזם אין הײנעס אױגען זיך אָבגעשײדט פון אַסקעטישען, אַליץ און אַלע־מען אױסגלײכענדען פּראָגראַם פון די רעװאָלוציאָנערען. ער װענדט זיך געגען זײ: „איהר פאַרלאַנגט אײנפאַכע בגדים, ענטהאַלט־זאַמקײט און ניט געװירצטע, געשמאַקלאָזען געגוס; מיר, פאַר־קעהרט, פאַרלאַנגען נעקטאַר און אַמבראָזיאַ, פּורפּור־מאַנטלען, קאָסטבאַרע װאױל־געררוכען, תענוג און פּראַכט, לאַכענדען נימפען־טאַנץ, מוזיק און קאָמעדיען...“

עס איז קלאָר: אַזאַ לעהרע האָט געדאַרפט באַפרידיגען זײנע

ליבעראלע אזוי גוט ווי זיינע אריסטאקראטישע אינסטינקטען, צו־טרעפען אין איהם דעם ארטיסט און אנבעטער פון פערזענליכקייט, אזוי גוט ווי דעם מיטפיהלער און ווארטפיהרער פון די אונטער־דריקטע. די אינסטינקטיווע לוסט צום לעבען און צו יעדער ארט גענוס באקומט א רעכטפערטיגונג פון א העכערער גראנקען־ארד־נונג, און ער דארף דערביי ניט שעמעדיג פארמאכען די אויגען און זיך לאזען שטראפען פון זיין איינגעבארענעם אדער קולטי־ווירטען מיטליידס־געוויסען.

אין א פאר מאנאטען ארום נאך היינעס אנקומען קיין פאריז איז די עסען־סימאניסטישע געמיינדע זיך צופאלען. איינער פון די פונקטען, צוליעב וועלכע דער אינערליכער שטרייט האט זיך צו־פלאקערט, איז געווען די עמאנסיפאציע פון דער פרוי. אין יאנואר 1832 האט זיך אריינגעמישט די רעגיערונג, האט פארזיעגעלט דעם זאל אויף רי מעטבו, וואו די געמיינדע פלעגט קאנפערירען. און איהרע מיטגליעדער האט זי געמאכט א פראצעס. אבער דאס האט אויף א האר ניט פערטונקעלט פאר היינע'ן די אידעאלע זייט פון סען־סימאניזם. זיין פאליטישע און פילאזאפישע שריפטשטעלריי פון די נעקסטע עטליכע יאהר איז געזעטיגט מיט דעם סען־סימא־ניסטישער לעהרע. ער האט אין איהר געפונען דאס, וואס איז אזוי נויטיג געווען פאר זיין נאטור, וואס האט כסדר זיך געצונדען און זיך פארברענט אין אימפולסען — א סיסטעם פון שטאנדפונק־טען, וואו ער האט זיך געקענט לייכט און זיכער אריענטירען.

ער געהט אן מיט א פיבערישער ארבייט. „איך בין אגב פליי־סיגער, ווי אלעמאל, און פשוט דערפאר, ווייל איך ברויך אין פאריז זעקס מאל אזוי פיעל געלד, ווי אין דייטשלאנד" (24 אויגוסט 1832). זייט סוף יאהר 1831 האט ער געשריבען פאר קאטטאס „אלגעמיינע אויגסבורגער צייטונג", א פאליטיש זעהר געמעסיגטען בלאט, באריכטען איבער פראנקרייך אונטער לואי פיליפ. ער האלט זיך מיט גרויס פארזיכטיגקייט. עס איז קיין קונץ ניט געווען צו זיין איינער פון יענע דייטשע הויף־שרייער, מיט וועלכע פאריז איז יעמאלט פול געווען, אבער היינע האט דערצו גאר קיין חשק ניט געהאט. געוויס ווילט זיך איהם ניט איינמאל פאר אלע מאל

איינרייסען מיט די מאכט־האבער — אבער זיכער זענען עס אויך זיינע סען־סימאניסטישע איבערצייגונגען, וואס רייסען איהם ארויס פון די רייהען פון די עקסטרעמע, פון די יאקאבינער. ער אטאקירט ווי פריהער אדעל און קירכע, אבער ער ערקלערט זיך אויך פאר א מאנארכיסט, ער פראטעסטירט געגען דער רעאקציאן און קריטיקירט די רעוואלוציאנערען, און מאכט זיך שונאים דא און דארט. אין 1832 מוז ער אויף א וואונק, וואס מיניסטער גענץ האט געגעבען דעם אלטען קאטטא, אבשטעלען זיינע פאריזער קארעספאנדענצען, וועלכע ער נעמט גלייך און גיט זיי ארויס אין א בוך אונטער'ן טיטעל „פראנצויזישע צושטענדע". די שארפע פאררעדע, וואס ער האט פון דער ערשטער אויפרעגונג אנגעשריבען, ציהט ער צוריק, ווייל זי וואלט איהם שוין צופיעל קאמפראמיטירט. אויף דער אנדער זייט מאכט ער זיך ביטערע שונאים צווישען די רעוואלוציאנערען. דער שטרענגער בערנע, וועלכער איז גאנץ און גאר דורכגעדרונגען מיט זיין רעוואלוציאנערער מיסיע און מיט וועלכען היינע האט זיך פריינדליך באגעגענט באלד נאך זיין ערשטען זומער אויפ'ן ים — דער שטרענגער בערנע פיהלט זיך באלד אבגעשטויסען פון איהם צוליעב זיין אונבאשטימטער, פראגראמלאזער פאליטישער האלטונג, ניט וויינינגער אויך צוליעב זיין אפענער געגוסליעבענדער נאטור. היינעס יעדען ווארט, יעדע האנדלונג פארפאלגט בערנע מיט א גאלינען בליק און מיט א בייזען גדעדעכניש. און ווען היינע האט זיך איינמאל דירעקט אבגעזאגט צו מאכען יד אחת מיט די רעוואלוציאנערען, האט מען שוין גאר געגומען קוקען אויף איהם אין רעוואלוציאנערען לאגער מיט חשד. די פיינדשאפט צווישען בערנע און היינע איז געווארען אן ענדגילטיגע נאכדעם, ווי בערנע האט צוויי מאל אין זיינע „פאריזער בריעף" אנגעגריפען היינען פערזענליך. — איינמאל ביי דער פארעפענטליכונג פון זיינע „פראנצויזישע צושטענדע", און א צווייטען מאל ביי דער פארעפענטליכונג פון א שפעטערדיגען בוך: „ד'אלעמאן". היינע האט צוערשט אבגעשוויגען. אבער דאס „בוך בערנע", מיט וועלכען ער איז ארויסגעטראטען נאך בערנעס טויט, ווייזט וויפיעל עס האט זיך אנגעקליבען ביי איהם אויפ'ן הארצען. דארט האט ער אויסגענא־

סען אליין, וואס ער האט געהאט צו זאגען געגען בערנע און איבער בערנע.

היינע האט זיך ניט געוואלט איינגרענעצען אין די ראהמען פון א פארטיי. ער האט זיין אויפגאבע פארשטאנען העכסט אינ־דיווידועל, אלס אן אויפגאבע, וואס דארף פון איהם אליין געלייזט ווערען: ער איז געווען א דייטש לויט זיין בילדונג און קאסמאָ־פאליט, פריינד פון פראנצויזישען פאלק לויט זיין פאליטישער שטעלונג. ער האט געוואלט נעמען אויף זיך די ראלע פון א גייס־טיגען פארמיטלער צווישען די צוויי נאציאנען, וועלכע זענען איהםביידע אזוי נאהענט געווען. ער האט געוואלט די דייטשען צוברייננען די פאליטישע מינדיגקייט פון די פראנצויזען, און די פראנצויזען דעם טיעפען קולטורעלען אינהאלט פון די דייטשען. מיט די „פראנצויזישע צושטענדע האט ער גערעכענט צו טאן דאס ערשטע, מיט זיינע ביכער: „די ראמאנטישע שוהלע“ און „די געשיכטע פון רעליגיאן און פילאזאפיע אין דייטשלאנד“ — דאס צווייטע. ביידע זענען זיי ענטשטאנען הויפטזעכליך אין די יאה־רען 1833 און 1834; ביידע זענען אי געשיכטע אי פאלעמיק; ביידע זענען זיי ארויסגעוואקסען פון דער נייער פערזענליכער האלטונג, צו וועלכער ער איז געקומען דורך דעם סען־סימאניזם.

היינע, וועלכער האט אלס יונגערמאן אין באנן זיך איינגע־שטעלט פאר דער ראמאנטיק, געזעגענט זיך דא מיט איהר אב; די ראמאנטישע פאעזיע איז די בליהונג פון קריסטענטום, האט אין זיך דעמזעלבען פאלשען רייץ, איז פונקט אזא פארבלענדעניש ווי דאס קריסטענטום; זי איז די פאעזיע פון ספירימואליזם, פון דער איינזייטיגער אנבעטונג פון גייסט, און מוז צוזאמען מיט איהם אונטערגעהן. ער שרייבט געגען דאס, וואס ער האט געליעבט, געגען אינסטינקטען, וואס ריהרען זיך נאך אין איהם גופא. ער בויגט די קינסטלערישע און ליטעראַרישע ערשיינונגען, מיט וועלכע זיין בוך האט צו טהאן, באוואוסטזיניג, אייגענוויליג צו דעם שטאנד־פונקט, וועלכען ער פארטרעט, אבער שוין מיט דעם אליין, וואס ער פיהרט־צו ראמאנטיזם צו ספּירימואליזם, באווייזט ער ווי שלעכט ער האט איהם פארשטאנען, ווי פרעמד ער איז צו די ערשיינונ־

גען, וואס ער באהאנדעלט; ער באווייזט, אז ער איז קיינמאל ניט געווען צו זיי איבערגעגעבען מיט'ן גאנצען הארצען.

אין די אויפזאצען צו דער „געשיכטע פון רעליגיאן און פי־לאזאפיע אין דייטשלאנד" פארשמעלצט ער העגעלשע דענק־גע־וואהנהייטען מיט זיינע נייע־געוואונענע סען־סימאניסטישע געדאנ־קען. ער ווארפט אז א געשיכטליכען טרעפען־בוי, אויף וועלכען דאס קריסטענטום איז אפילו א נויטיגער אבער דאך נאר א פארלויפי־גע שטאפעל. אויפ'ן העכסטען שטאפעל איז די ווידער־באהויפ־טונג פון דער נאטור, וועלכע קומט צו זעלבסט־באוואוסטזיין, — מיט אייןווארט דער העגעלשער פאנטעאיזם. דערמיט איז געענדיגט דער פילאזאפישער קרייזלויף און עס בלייבט דאס איבערצוטראג־גען אין טהאט, אין פראקטיק. נאך דער אידעעלער רעוואלוציאן דארף קומען די פאליטישע רעוואלוציאן. אט דאס געשיכטסבילד איז ניט קיין ריינע געשיכטע, נאר א טענדענציעז בילד, דיקטירט פון א כונה. אויף אייניגע זייטען הערט זיך אן אונטערדריקטער צארן, א פראטעסט פון הארצען געגען דער געוואלטזאמער רעוואַ־לוציאנערער פארמעל, אין וועלכער עס ווערן אריינגעפרעסט די גייסטיגע געשעהעניסען.

די דריי שריפטען זענען צוערשט ערשיענען אין פראנצויזיש, דערנאך האט היינע זיי פארעפענטליכט אין דייטש אלס צווייטען באנד פון זיין „סאלאן" (1834). דער טיטעל „סאלאן" איז גע־וועהלט געווארען פאר דער לייזער, פרייער פארם פון פובליקאציאנען, צו וועלכע ער איז צוגעטרעטען אין פארגאנגענעם יאהר. דער ערש־טער באנד פון „סאלאן" (1833) ענטהאלט, ערשטענס, א רייהע רעצענזיעס איבער פראנצויזישע בילדער, וואס דער אקארשט אנגע־קומענער היינע האט געפונען אויפגעשטעלט אין פאריז. צווייטענס, „די מעמוארען פון העררן שנאבעלעוואפסקי", געשריבען אין דעם בלאנדזשענדען, קאמיש־דרייסטען און צוגלייך געפיהלפולען סטיל פון די „רייזע־בילדער". דריטענס, א קרייז נייע לידער. אין אלע די זאכען, באזונדערס אין די ביידע פראזא־שריפטען, שפיגעלט זיך דער אבשיין פון זיין וועלטאנשויאונג, וואס האט זיך ביי איהם קריסטאליזירט אונטער דעם אנשטויס פון סען־סימאניזם. כאטש

די „פראנצוויזישע מאהלער" איבערראשען אפט מיט זייערע פיין אבגעפיהלטע באמערקונגען, באזונדערס וואס שייך פארבען, דאך הערשט דא אויך דער דעספאטיזם פון דער וועלטאנשויאונג, וואס טייטשט, קאמענטירט די ערשיינונגען. ווי ראפאעל האט אויס־געדריקט דעם קאטאליציזם, אזוי זאל לודוויג ראבערט אויסדרי־קען די נייע רעליגיאן, די פארהערליכונג פון דער מאטעריע. די „מעמוארען" ברייגען ארויס אויף א וואונדערליכען טראגי־קאמי־שען אופן די אנטיטעזע פון סענסואליזם און גאטגלויביגען ספירי־טואליזם. דער גאט גלויבען, רעפרעזענטירט דורך דעם קליינעם אידען שמשון, געהט אונטער אין וועהמוטיגען הערויזם.

עס איז קיין צופאל ניט, וואס אין א מאמענט, ווען געניסען איז ביי איהם געווארען א געבאט פון געוויסען, האט ער צוגעגעבען צו זיין סאלאן־באנד יענע פאריזער „פרויען־בילדער", וואס שפע־טער אין זיין געדיכטען־זאמלונג זענען זיי גרעסטענטיילס אריין אונטער די „פארשיעדענע" און וואס האבען גלייך אויפגעהויבען געגען זיך דעם שטארקסטען טאדעל פון דער בירגערליכער קריט־טיק. די געדיכטען זענען ניט אלע ענטשטאנען אין פאריז, אבער אזעלכע פערזען, ווי „אויף אט דעם פעלז בוי איך מיר א קירכע פון דריטען, נייעם טעסטאמענט..." די פערזען זיינען ערשט איצט מעגליך געווארען און זיי פארענטפערען די גאנצע פובליקאציאן. אויסער דעם, האט היינע געהאט א דיפלאמאטישען הינטערגע־דאנק: ער האט געוואלט מען זאל איהם בעסער האלטען פאר א גאסען־יונג איידער פאר א צו ערנסטען פאטערלאנדס רעטער.

די געדיכטען זענען געשריבען פון א מענשען, וואס ניט נאר ליעבט ער די פרוי, נאר וואס אין דער אטמאספערע פון דער פרוי לעבט ער איבער אונאויפהערליך די פארשיעדענסטע שטימונגען: אונאויסשפרעכליכען געגוס, מעלאנכאליע, הומאר. דא איז ניט פאר אונז א נאאיווער, פאר'שיכור'טער ליעבהאבער, נאר אן איראנישער קענער, מבין אויף ליעבע־זאכען. ער זוכט דוקא ניט אנדערש ווי די פולע ליידענשאפט, ער האט אויך געשמאק פאר האלבע, געברא־כענע ליידענשאפטספונקען, פאר די חנ'עוודיגע פרעכקייטען פון דער תאוה. ער איז ערפאהרען, עראטיש ראפינירט און איז גרייט

אויפצוכאפען די לייכטעסטע שאטירונגען פון א פארהעלטניס און זיי צו פאראייביגען. אין זיין ערשטער פאעזיע האט היינע ארויס־געבראכט דעם יוגענדליכען שווערען טראגען פון ליעבע. איצט איז ער געקומען צו דער ליעבהאבעריי פון ליעבע. אויב מען זאל אזוינס אויפנעמען צו ניט, דאס ווענדט זיך אן דער גייסטיגער אויפגעלייגטקייט פון לעזער.

און עס האט געדארפט געשעהן, אז אט דער מענש, וועלכער האט געשיינט צו האבען איבערגעקומען די צייט פון צושטערענדער ליידענשאפט, זאל ווידער אריינגעריסען ווערען אין אזא ווירבעל פון ווילדער ליעבעסלוסט, ווי דאס האט מיט איהם נאך קיינמאל ניט פאסירט. אין אקטאבער 1834 האט ער זיך באקענט מיט א שעהן מיידעל, א פארקויפערין אין א שוך־קראם פון איהר מוהמען. זי האט געהייסען קרעסענציע עזשעני מוראט, היינע האט זי שפע־טער גערופען מאטהילדע. זי איז געווארען זיין געליעבטע. זי איז דאמאלס נײנצעהן יאהר אלט געווען, און זי האט געגאלטען פאר אן אונגעזעצליכער טאכטער פון א פארנעהמען הערר, וועלכער האט זיך וועגען איהר ניט געקימערט, געבוירען אין שטעדטעלע ווינא, אין דעפארטמענט פון סענא און מארנע. מען באשרייבט איהר אלס פאלקאמענע שעהנהייט. פערהילטע שמייכלענדע אויגען אין א קלארען פנים, מיט חן־גריבעלעך, קאשטאנען־ברוינע האר טיעף אין שטערן אריין, בלאנקע צייהנער, דאס מויל אביסעלע צו שטארק. קיינמאל איז היינע ניט אזוי שכור געווען פון ליעבע.

זייט אקטאבער, שרייבט ער צו א פריינד, האט קיין זאך פאר איהם קיין וויכטיגקייט ניט, וואס האט ניט קיין שייכות צו זיין ליעבעסגעשיכטע. „איך פארנאכלעסיג אלץ זייט דעם, זעה קיינעם ניט, און ווען איך דערמאהן זיך אן מיינע פריינד, האב איך העכס־טענס פאר זיי א זיפץ... ראזינע כוואליעס ברויזען ארום מיר אזוי געוואלטיג, מיין געהירן איז אזוי פארטויבט פון ווילדעווענדע בלומען־ריחות, אז איך בין קוים אימשטאנד פארנינפטיג מיט אייך צו רעדען... לעזט דעם שיר השירים פון קעניג שלמה; איך מאך אייך אויפמערקזאם אויף דעם דאזיגען מאן". ער, וועמעס, נערוועז פלעגען זיך אזוי חיות'ען אין ווארימער פרויען־פארע, איז איצט

פאַלשטענדיג אונטעריאָכט פון א פרוי — ביז צום פארלוסט פון יעדע מענליכע ווירדע.

ער פּרובט לויז ווערען. די באפריינדעטע פירסטין באַט איהם אַן איהר שלאָס לא זשאַנשער ביי סען־זשערמען וואו אויסצובאהאַל־טען זיך פון דער פרוי. און ווירקליך, דאָרט פיהלט ער זיך גוט. ער איז מונטער, געלאַסען, פיהלט די לייכטע גליקזעליגקייט פון איינעם, וואָס איז גענעזען געוואָרען. „איך גלויב מיין גייסט איז געלייטערט פון אַט דעם גאַנצען אבפאל; מיינע פערזען וועלען שעהנער ווערען, מיינע ביכער האַרמאָנישער. איך ווייס עס; איך פיהל אין דעם אויגענבליק עקעל צו אַלץ, וואָס איז אונזויבער און אונעדעל, צו אַלץ, וואָס איז געמיין און פויל“. (דעם צווייטען יולי פון יאָהר 1835). אָבער עס פאַרגעהען ניט קיין צוועלף וואָכען, און עס פאַרוואַלקענט זיך און שטורמט שוין ווי־דער. פון בולאָן אויפ'ן ים, וואו ער האַלט זיך נאָך אַלץ ווייט פון פּאַריז, שרייבט ער צו א פריינד איבער זיין אויפהאַלט אין שלאָס פון דער „שעהנסטער, עדעלסטער און גייסטרייכסטער צווישען די ווייבער“, אין וועלכער ליידער ער איז אָבער ניט פאַרליעבט: „איך בין פארשאַלטען צו ליעבען נאָר דאָס נידריגסטע און נאַר־רישסטע.... באַגרייפט איהר, ווי דאָס מוז קוועלען א מענשען, וועל־כער איז אַליין זעהר שטאָלץ און גייסטרייך?“

פּארפאַלען, ער קען ניט לויז ווערען. ער געהט צוריק קיין פּאַ־ריז און וויל צוערשט נעמען א וואוינונג אין ווערסייל; אָבער שוין אין יאַנואַר דינגט ער אַן אַפּאַרטמענט אין סיטע בערזשער און נעמט מאַטילדען צו זיך. ער לעבט מיט איהר אין פרייער הייר־ראַט און שטעלט איהר פאַר פאַר זיינע פריינד אַלס מאַדאַם היינע. א שטיק צייט קען ער נאָך אַלץ ניט גלויבען, אַז זייער פאַרהעלטניס זאָל אָנהאַלטען לאַנג. די ווילדקייט פון דער „טייערער פּערזאָן“ שרעקט איהם, ער ליידט די ערנידריגענדסטע קוואַלען פון אייפער־זוכט, אָבער אַלץ פון דאָס ניי ווערט ער באַצויבערט פון דער פרוי. דער טעאָרעטיקער פון סענסואַליזם, פון לייכטער, לופטיגער געלוסטיגקייט, דערקענט איצט פון אייגענער ערפאַהרונג די טונ־קעלע וואַקכאַנאַליע פון פלייש. און ער איז מודה מיט איראָניע, אַז

אויף די פּלאַטאָנישע ליעבע האָט זיך איהרע מעלות. ווען אין 1836, א קראַנקער אויף געלזוכט, איז ער פון דאָקטאָר געשיקט געוואָרען קיין דרום פראַנקרייך, אויף ערהאָלונג, שרייבט ער פון דער טיעפער מיעדקייט פון זיין נשמה ארויס א מערקווירדיגען בריעף צו זיין פריינדין דער פירסטין. די רעליגיעזע לעהרען, וואָס ער האָט באַקעמפט, ציהען איהם היימליך אָן; זיינע מיינונגען זענען אין ווידערשפּרוך מיט זיין געפיהל. ער דאָרשט נאָך האַרמאָניע מיט זיך זעלבסט. ער האָט זיך מיט רויזען באַקראַנצט און ער ווינשט זיך בעסער טראָגען א דאָרענקראַנץ. ער באַגעהרט, דאָרשט נאָכ'ן תענוג פון שמערץ, אין וואָס ער זעהט די פּאַרפיהרערישע קראַפט פון קריסטענטום. מען שפּירט, אז ער איז שוין ניט מעהר דער געצענדיענער, וועלכער האָט זיך אזוי גערן געלאָזט שטעלען לעבען דעם גרויסען געצענדיענער געטהען. די גאָטלאָזע געלוסטיגקייט, וואָס ער פּרעדיגט, דריקט נאָר אויס זיין וואונש, אבער ניט דעם טיעפערן אמת פון זיין נאַטור. גראַד דאָס ברענענדסטע איבערלעבעניש, וואָס ער האָט געמאַכט מיט א פרוי, נעמט אראָב דעם שלייער פון דעם טיעפסטען תוך זיינעם. און וואו געטהע האָט אין זיינע מיט לוסט ענטציקטע ליעבעסטעג געשריבען זיינע „רוימישע עלעגיען”, פּאַרפאַסט היינע דאָס „טאַנהויזער־ליעד”. טאַנהויזערס ענטזאָגען זיך פון פרוי ווענוס איז געפאַרבט מיט דער פאַרב און געזעטיגט מיט דער זאַפט פון זיין אייגענער ערפאַהרונג. אין יענער ענטזאַגונג געפינט די געפעהרליכסטע פּסיכאָלאָגיע פון קריסטענטום, דער גרויל פאַר'ן פלייש אזעלכע ווערטער, וואָס די פּאָעזיע פון דער ראָמאַנטיק, וואָס ער האָט באַקעמפט, קען זייער גלייכען ניט ווייזען.

טאַנהויזער קעהרט זיך צוריק אהיים, פרוי ווענוס קאָכט איהם א זופּ; אויף די ליעבעס־געשיכטע פון פּאָעט באַקומט א פיליסטערשען שלום. דאָס צוזאַמענלעבען מיט מאַטהילדען ווערט איהם צו דערליידען. זי איז א זיסער שפּיעלצייג, זי וויים ניט פון איהר מאַנס ארבייט, וואָב דאָס געפעלט איהם דוקא, ער שפּאַסט איבער איהר אונוויסענהייט און גיט איהר אריין אויסצובילדען זיך אין א פּאַנסיאָן פאַר מיידלעך. זי פאַרשטעהט ניט צו פיהרען א הויז

און ברייגנט איהם אויס דאס געלד אויף פוץ און פארגניגען: און ער הערט קיינמאל ניט אויף אייפערזיכטיג צו זיין. ער איבערשרייבט א ליעדער סעריע, וואס ער ווידמעט איהר, מיט דעם נאמען פון דער שעהנער קוועלערין פון מאליערס מיזאנטראפ און איז יעדען פריה־מארגען פון דאס ניי ענטציקט, ווען זי זעצט זיך מיט איהם צו פריהשטיק. ער דאגה'ט וועגען איהר שיקזאל, טאמער שטארבט ער פריהער פון איהר, און אויפ'ן קראנקען־בעט האט ער, אין א מערקווירדיג־איינפאכען טאן, מיט א לייכטען שמייכעל איבער זיך גופא, פאר איהר תפילה געטהאן.

בעת היינע האט נאך געשטעקט אין זיינע ליעבעס־קוואלען, האט דאס עפענטליכע לעבען ווידער איהם א שלעפ געטאן צו זיך. אין נאוועמבער 1835 האט ער אין קורארט בולאן באקומען די ערשטע ידיעה פון היינריך לויבע וועגען די אטאקעס פון רעדאקטאר פון „שטוטגארטער מארגענבלאט“, וואלפגאנג מענצעל, אויף די אינגערע ליטעראטור. די רעפרעזענטאנטען פון דער דאזיגער ליטעראטור, וואס איז געגאנגען אונטער'ן נאמען „דאס יונגע דייטשלאנד“, צו וועלכען א באלדיגער רעגירונגס באשלוס האט געגעבען אן אפיציעלע סאנקציע, איהרע רעפרעזענטאנטען זענען געוועז פריהער פון אלעמען היינע, קארל גוצקאוו, היינריך לויבע, לודאלף וויענבארג און טעאדאר מונדט. זיי האבען קיין אויסגעמאכטע פראגראם ניט געהאט, זיי האבען אבער זיך איינגעשטעלט אין זייערע שריפטען פאר מאראלע און רעליגיעזע עמאנסיפאציאן. גוצקאוו, ווי אויך היינע, זענען מיט מענצלען באפריינדעט געוועזן; מענצעל האט אפילו צוגעצויגען גוצקאוו'ן צו מיטארבייטערשאפט אין זיין מארגענבלאט. אבער אזוי שנעל ווי גוצקאוו האט זיך גענומען בעטייליגען אין „פעניקס“, א ליטעראטור בלאט, וואס איז ערשינען אין פראנקפורט אם מיין, האט מענצעל גענומען ווערן פיינדליך צו איהם. און ווען צולעצט, זיין פריהערדיגער מיטארבייטער צוזאמען מיט וויענבארג'ן האבען אנאנסירט א נייע אויסגאבע „די דייטשע רעוויו“, וואס האט געזאלט דינען אלס ארגאן פון דער נייער גייסטיגער באוועגונג, איז מענצעל אזוי אויפגערייצט געווארען פון דער קאנקורענץ־אונטערנעהמונג, אז ער איז ארויס־

געטראַטען אין אַפענעם געגענזאַץ צו דער יונגער גרופּע שריפט־שטעלער, האָט געוואָרפען אַ חשד אויף זייערע אנשויאונגען באַצייכ־נענדיג זיי אַלס געפאהר פאר'ן פאטערלאַנד, וואָס זיי קלייבען זיך אויסצוליפערן צו די פראַנצויזען און די אידען, און געצויגען די אויפ־מערקזאַמקייט פון דער רעגיערונג צו דער גאַנצער אַנגעלעגענהייט. און די רעגירונג האָט זיך ניט געלאָזט בעטען. דער בונדעסטאַג האָט זיך גענומען צו דער זאַך, און אויף זיין זיצונג פון 11־טען דעצעמבער 1835 איז באַשלאָסען געוואָרען צו שטערען דעם ביכער דרוק פון „יונגען דייטשלאַנד" מיט אַלע שטראַפען און פּאָליציי געזעצען פון די בונדעסשטאַאַטען.

היינע איז געוועהנט געוועזן צו דער פּראַקטיק פון צענזור און פון אָנפאַנג האָט איהם דער בעשלוס ווייניג וואָס בעאונרוהיגט. ער האָט זיך געווענדעט צו דער בונדעס־פאַרזאַמלונג מיט אַ העפ־ליכער ערקלערונג, אין וועלכער ער ווייזט אָבער ניט ארויס די מינדסטע חרטה אויף דאָס פון איהם געשריבענע. דערווייל האָט דער פאַרבאָט גענומען זיך שלעכט אָבזופּען אויף זיינע פינאַנצען. ער האָט צונויפגעשטעלט אַ „שטילען", בכיוון אונפּאָליטישען בוך פון די „פלאָרענטישע נעכט" און די „עלעמענטאַר גייסטער". אָבער ווען עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אַז דאָס דאָזיגע בוך וועט ווירקליך אונטערוואָרפען ווערן די פּרייסישע צענזור־בעהערדען, האָט ער פון ארויסגעבער קאַמפּע אָבגעפאָדערט צוריק דעם מאַנו־סקריפּט. ערשט אין 1835 איז עס אָבגעדרוקט געוואָרען אַלס דריי־טער באַנד פון „סאַלאָן". זיין גאַנצע ערביטערונג האָט ער אויס־געגאָסען אין אַ ספּעציעלער פאָררעדע צום בוך, וואָס האָט צוגע־נאָגעלט דעם מסור מענצעל צום שאַנד־קלאָץ. אָבער ערשט אַלס באַזונדערער אָבדרוק, אונטער'ן טיטעל: „איבער אַ מסור", האָט זי באַקומען די ערלויבעניש פון אַ ניט שטרענגען צענזאָר. איהר צוועק, מענצלען ארויסצופאָדערן אין אַ פּאָלעמיק, האָט זי ניט דערגרייכט.

דער פינאַנציעלער שאָדען, וואָס דער דעקרעט פון דער בונ־דעס־רעגירונג האָט איהם פאַרשאַפט, איז אין יענעם אויגענבליק געווען פאַר היינען דאַרום באַזונדערס פיינליך, ווייל ער האָט, ווי

ער האָט דערצעהלט, ערב געוועזן פאַר א פריינד א חוב פון 20 טויזענד פראַנק און האָט עס איצט געדאַרפט גוטמאַכען. די געלזוכט ווידער האָט איהם געשטערט אין דער אַרבייט און מיט זיין פעטער האָט ער זיך געהאַט צואווערטעלט און קיין אויסערגעוועהנליכע אונטערשטיצונג האָט ער פון איהם ניט געקענט ערוואַרטען. אַט אין יענער נויטצייט האָט ער געשלאָסען מיט קאַמפּע'ן א קאָנטראַקט, וואָס האָט איינגעבראַכט 20 טויזענד פראַנק. קאַמפּע האָט פאַר א צייט פון 11 יאָהר באַקומען דאָס רעכט אַרויסצוגעבען היינעס געזאַמעלטע שריפטען. דאָס געלד איז גלייך אוועק אויף צו דעקען דעם חוב. אַרום דערזעלבער צייט האָט היינע איבערגעלעבט א שרעק: אַן אויגען־קראַנקהייט האָט איהם שיער ניט בלינד געמאַכט אין מיטען פון אַן אַנגעשטרענגטער אַרבייט. דאַמאָלס איז עס געוועזן, ווען דורך דער פאַרמיטלערשאַפט פון דער פירסטין בעלדזשיאָזא און מיניע איז איהם באַוויליגט געוואָרען א יעהרליכע פּענסיע פון 4,800 פראַנק פון א געהיימען פאָנד פון דער פראַנצויזישער רעגירונג. די פּענסיע איז איהם געצאָהלט געוואָרען ביז צום אויסברוך פון דער פעברואַר־רעוואָלוציאָן. מען דאַרף אין דער פּענסיע ניט זעהן עפּיס פאַרדעכטיגעס. היינע אַליין האָט די זאַך אָנגערופען ביים ריכטיגען נאָמען. דאָס איז געוועזן ניט מעהר, ווי א „נדבה וואָס די פראַנצויזישע רעגירונג האָט געגעבען צו די פיעלע טויזענדער פרעמדע, וועלכע דורך א צו היציגען איינשטעלען זיך פאַר דער רעוואָלוציאָן אין זייער היימאַט האָבען זיך מעהר אָדער וועניגער גלאָררייך קאָמפּראָמעטירט". דער ווייכערער טאָן, וואָס לאָזט זיך מערקען אין זיינע נעקסטע פּובליקאַציאָנען וועגען פראַנצויזישער פּאָליטיק, ערקלערט זיך גענוג מיט דער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען נאָך פון פריהער.

ניט איינגעגעבען אָבער האָט זיך איהם א פּלאַן, וואָס האָט איהם באַשעפטיגט ביז צו מערץ פון 1838 און וואָס האָט געזאָלט באַדייטענד פאַרבעסערען זיין פינאַנציעלע לאַגע: די גרינדונג פון א גרויסער דייטשער צייטונג אין פּאַריז. די אונטערנעהמונג איז שוין מאַטעריעל געוועזן געזיכערט פון זיינע פריינד, היינע

האָט געזאָלט ווערן שעף־רעדאַקטאָר מיט אַ מאָנאַטליכען געהאַלט פון 1000 פראַנק. די פראַגע איז נור געווען, צו די פּרייסישע רעגי־רונג וועט די ציַיטונג דורכלאָזען, און וועגען דעם האָט היינע זיך געדאַרפט איינוועגדען פאַר דעם דאָזיגען פּראָיעקט ביי דער גע־העריגער מאַכט. אין זיינע בריעף צו וואַרנהאַגען ערקלערט זיך היינע ענטשידען פאַר'ן מאָנאַרכיסטישען פּרינציפּ, און אויך אין אַנדערע באַציהונגען האָט ער אויסגעדריקט זיין פאָלקאָמענע איבער־איינשטימונג מיט דער פּרייסישער רעגירונג. אָבער די פּרייסישע רעגירונג האָט דעם פאַרפאַסער פון די „רייזע־בילדער" ניט גע־וואָלט געבען די פאַרלאַנגטע קאָנצעסיע, און מען האָט דעם פּלאַן געלאָזט פאַלען.

אַרום דיזעלבע צייט האָט זיך היינע פאַרוויקעלט אין צוויי ליטעראַרישע שטרייטען, וואָס באַווייזען אַלענפאַלס ווי פרעמד זיין פּערזענליכקייט איז געווען דער קליינשטעדטישער־גייסט. דער ער־שטער, אונשולדיגערער שטרייט איז געווען מיט דער „שוואַבישער דיכטער שוהלע". די שוואַבישע דיכטער, גוסטאַוו שוואַב, יוסטינוס קערנער, קאַרל מייער, גוסטאַוו פּפיצער האָט היינע אַנגעטראָפען אין זיין „ראָמאַנטישער שולע", וואו ער האָט אויף אַ מילדען אופן אויסגעשפּראָכען אַ טויט־אורטייל איבער אוהלאַנדען. זיי האָבען זיך געפיהלט ווי מען וואָלט זיי אָבגעלייקענט זייער פּאָעטישע עקזיסטענץ. דערפאַר, ווען שוואַב צוזאַמען מיט שאַמיסאָ האָבען געזאָלט אַרויסגעבען אַ „מוזענאַלמאַנאַך" און שאַמיסאָ איז באַ־שטאַנען דאַרויף, אַז היינעס פּאָרטרעט זאָל עפענען דעם אַלמאַנאַך, איז שוואַב אויס פּראָטעסט אַרויסגעטראָטען פון דער רעדאַקציע און נאָך צוגערעדט זיינע שוואַבישע פריינד ניט צו געבען נאָר־נישט פון זייער פּען. דאָס איז דערגאַנגען צו היינען, און אין זיין „טאַנהויזער", וואָס איז ערשינען אין דריטען באַנד פון „סאַלאָן". אָבער הויפּטזעכליך איז זיין פּאַמפלעט געגען מענצעל'ן, האָט ער זיך מיט זיי אָבגערעכענט אויף אַ גרויסאַרטיגען שטייגער. איצט האָבען זיך די שוואַבען צולאָזען, באַזונדערס ברייטליך, גוסטאַוו פּפיצער, וועלכער האָט אין ערשטען באַנד פון דער „דייטשער פיערטעליאַהרשריפט" פאַרעפענטליכט אַן אַרטיקעל איבער

„היינעס שריפטען און טענדענץ". היינע האט געענטפערט מיט א „שוואבענשפּיגעל", וואו ער באהאנדעלט זיינע פּאעטישע געגנער פון אויבען אראב, מיט פרעהליך בייזער גרינגשעצונג.

גלייכצייטיג איז געקומען צו אנגעשטרענגטע באציהונגען צווישען איהם און „יונגען דייטשלאנד". גוצקאוו האט אין 1837 איבערגענומען די רעדאקציאן פון „טעלעגראף", האט געוואונען קאמפּע'ן אלס ארויסגעבער און זיך איבערגעקליבען קיין האמבורג. מיט א יאהר פריהער האט ער זיך עפּעטליך איינגעשטעלט פאר היינען, וועלכער האט זיך דאמאלס געפונען אין א געלד נויט. היינע ווידער פון זיין זייט, האט גאסטפריינדליך געעפענט זיין הויז אין פּאריז פאר גוצקאוו'ס פריינד וויעל און בוירמאן, וועלכע זענען געקומען צו איהם רעקאמענדירט פון גוצקאוו'ען. צוריקגעקעהרט קיין דייטשלאנד, האבען זיי ביידע פארעפענטליכט צו ארטיקלען, באליידיגענדע פאר היינע'ן — וויעל דערצו נאך אין גוצקאוו'ס „טעלעגראף". אין 1838 האט גוצקאוו ערפאהרען, אז היינע קלייבט זיך ארויסצוגעבען א צווייטען טייל פון זיין „בוך דער ליעדער". ער האט שוין דעם מאנוסקריפּט אפילו געזעהן ביי קאמפּען. עס האט געדארפט איינשליסען אויך די „פאריזער פרויען־בילדער", וואס דער „סאלאן" האט שוין געהאט געבראכט. גוצקאוו, וועלכער איז מיט א פּאר יאהר פריהער אליין ארעסטירט געווארען פון די מאראל־וועכטער פאר זיין ראמאן „וואללי", האט דערוויילע חתונה געהאט און געמאכט ענערגישע אנשטריינגונגען אויפגענומען צו ווערן אין דער הויכער געזעלשאפט. ער האט אפילו קיינמאל זיך ניט אבגעזאגט פון צענטראלען געדאנק פון זיין יוגענדליכען פּראג־ראם, אבער מענצעלס מסירות האבען איהם „געבראכט צו זיך". ער האט זיך אנטפּלעקט אלס עהרגייציגער קאריעריסט, וועלכער זוכט זיך איינצוקויפען אין יחוס, און אלס אזעלכער האט ער גע־פונען פאר נויטיג צו שאנעווען די געפיהלען פון די דייטשע פאַ־מיליען־פאטער'ס, און ער האט זיך ערלויבט צו שרייבען א בריעף צו היינען, וואו ער גיט איהם צו פארשטעהן, אז עס האנדעלט זיך וועגען א קריטישען מאמענט פאר'ן דיכטערס רוהם, אז עס איז א סקאנדאל ארויסצוגעבען ליעדער, וואס זענען געווידמעט פאר־

שידענע פּאַריזער בולוואַר־שעהנהייטען, צו „ערפרעהען די הערצער פון די גאַלאַנטעריי משרתים“, און אז היינעס טעאַרעטישע אנשויאונ־גען איבער פּאָעזיע זענען קענטיג ניט אין אָרדנונג, און ער וואַרענט איהם דאָס געפּלאַנעוועטע בוך ניט צו פּובליקירען. הײנע האָט גע־ענטפערט זעהר קלוג, מיט איבערלייגטער העפליכקייט; נאָך קיינ־מאָל האָט היינע אזוי ענטשידען ניט באַטאָנט דעם ריין ארטיס־טישען שטאַנדפּונקט: „יענע“ לידער קענען נור געפעלען פּאַר־נעמע גייסטער; נאָר אזעלכע קענען געפינען גייסטרייכען פאַרגעני־גען אין א קינסטלערישער באהאַנדלונג פון זינדיגען אדער צו נאַטיר־ליכען שטאָף“ (23־טען אויגוסט 1838). דאָך האָט ער פון אָנפאַנג געפאָלגט און האָט אָבגעשטעלט די פאַרעפענטליכונג פון דער ליעדער זאַמלונג. דעם נאָכוואָרט, וואָס ער האָט שוין געהאָט פאַר־טיג, איז עס געווען יענער „שוואַבען שפּיגעל“ און האָט עס אפילו איבערגעגעבען גוצקאָוו׳ן פאַר זיין „יאַהר־בוך פון ליטעראַטור“. דאָס איז ערשינען, אבער פאַרקריפּעלט דורך קאַמפּע׳ן און גוצ־קאָוו׳ן. דער „טעלעגראַף“ האָט זיך אָבגערופען פיינדליך. היינעס ענטפער איז געווען אן אָפענער בריעף, בעטיטעלט: „שריפטשטע־לערישע צרות“. וואו ער באַגעהט זיך זעהר ניט פאָרזיכטיג מיט קאָמפּראָמיטירענדע פאַר קאַמפּע׳ן בריעף, וואַרפט די הויפּט שולד פאַר דער פאַרקריפּלונג אויף וויעל׳ען און פאַרדעכטיגט הינ־טער דער גאַנצער געשיכטע די אינטריגען פון א געוויסער ליטע־ראַרישער חברותא. א פאַרענטפערונג, וואָס וויעל האָט אריינגעגע־בען אין דער „צייטונג פאַר דער עלעגאַנטער וועלט“, האָט היינע באַגלייט אין זעלבען נומער מיט א פּאַראָדיע. גוצקאָוו פון זיין זייט האָט געגעבען לאַנגע ערקלערונגען אין „טעלעגראַף“ (1839).

דערווייל האָט היינע צוגעגרייט א בוך פון טיעפער פערזענ־ליכער באַדייטונג, דאָס איז דאָס „בערנע־בוך“, וואָס איז ארויסגע־קומען אין 1840 און וואָס האָט פאַראייביגט זיין ריס מיט גוצקאָוו׳ן. דאָס בוך טרעפט בערנעס פּערזאָן בלויז אין אייניגע שטעלען, און מען מוז צוגעבען אויף א זעהר העסליכען אופן. היינע פאַסט גי־בער אויף בערנען אלס טיפּ: דער טיפּ פון רעפּובליקאַנער, פון נזיר — פּונקט דער היפּוך פון היינעס באַליעבטען מענשען־טיפּ.

נזירים זענען פאַר איהם אידען און קריסטען אין זייער געגענזאַץ צו די העלענען. אַ נזיר איז אַ מענש מיט אַסקעטישע אינסטינקטען, מיט האַס צו פאַרבילדליכונג, מיט אַ קרענקליכען חשק אַלעס צו פאַרגייסטיגען; העלעניש איז דאַס מונטערע, שטאָלץ־זיך אויסלעבענדע, רעאַליסטישע מענשען־קינד. נזיריש איז דער מאָראַלישער געמיט פון רעפּובליקאַנער, מיט זיין שטייפען פּאַטהאָס, זיין פיינדליכקייט צו אויסנאַהמען, זיך ארויסהייבענדע יחידים, צו קולטור־גלאַנץ. דאָס בוך שטעלט פעסט היינעס האַלטונג געגען די רעפּובליקאַנער, פאַרענטפערט איהם געגען דעם פאָרוואורף אין צווייזייטיגקייט, אין פערראַט געגען אידעאַל, — אַ באַשולדיגונג וואָס די פאַריזער ראַדיקאַלען האָבען אויפגעהויבען געגען איהם. און עס איז אַ שטיק ווירטואָזיטעט אין דעם, צו אַראַנזשירען דעם „בערנע־בוך" אַזוי, אַז זיין צווייטער טייל זאָלען זיין די טאַגעביכער, וואָס היינע האָט געפיהרט אויפ'ן אינזעל העלגאָלאַנד אין 1830. יענע טאַגעביכער שפּיגלען אָב, ווי ער לעזט, פאַנטאַזירט אין פאַרבען, לעבט זיך מעשה עושר אין גייסט. אָהן ווייטערע ערקלערונגען לייכט איין, אַז דאָ שפּילט פאַר אייך אַ קינסטלער־זשעניע, וואָס וועט זיך קיינמאָל ניט איינשפּאַרען אין אַ פּאַרטיי־פּראָגראַם. מיט דעם מיטרויאישען גדלות פון אַ פאַרפיינערטען מענשען קוקט ער אַראָב אויף די „געזינונגס־מענשען", מיט זייער הילוך פון פאַר־דעכטיגער זויבערקייט. עס איז דאָס איבערנעמען זיך פון אַ זשעניע, וואָס באָדט זיך אין לוקסוס און שעהנקייט; גאוה'דיג ווייכט ער פון די פאַנאַטישע וועלט־איבער־קעהרער, וואָס ווילען פאַראַרימען דאָס לעבען מיט זייערע צו גוטע כונות. און מיט דעם געפיהל פון אַ שאַך־שפּילער, וואָס מאַכט זעהר אַ פיינעם צוג, רוקט ער אריין אין פּאַמפלעט יענע שטעלע פון בערנעס „פּאַריזער בריעף", וואָס איז איהם געווידמעט: אי ער מאַכט דעם אַנשטעל פון אונפּאַרטייאישקייט; ער לאָזט דעם געגנער קומען צום וואָרט! — אי ער האָט אַ געהיימע הנאה דערפון, וואָס איצט קען שוין קיינער ניט לייקענען זיין רעכט צו באַטראַכטען זיך אַלס קינסטלער און נאָר אַלס קינסטער.

ווי עס איז געווען צו ערוואַרטען, האָט דאָס בוך אויפגעבראַכט

דעם דייטשען ליבעראליזם. גוצקאוו, וועלכער האט אקארשט געהאט אנגעשריבען א ביאגראפיע פון בערנען, האט צו איהר צוגעגעבען א פאררעדע, פול מיט זידלערייען אויף היינע'ן. צוליעב דעם שמוציגען אופן, ווי אזוי דער נאמען פון בערנעס פריינדין זשאנעטע וואהל איז פון היינען ארייננעצויגען געווארען אין דער פאלעמיק, האט איהר מאן, איינער סאלאמאן שטרויס פון פראנקפורט, זיך דערפיהלט שטארק געטראפען. ער קומט קיין פאריז און לאזט פארשפרייטען אין דער פרעסע א קלאנג, אז ער האט היינען אין מיטען גאס אויסגעפאטשט. היינע האט גראד דאמאלס פארבראכט אין קוראָרט קאטערעט אין די פירענעען, וואו ער האט געזאמעלט די פארבען פאר זיין „אטטא טראל“. ער פאדערט ארויס דעם העררן שטרויס אויף א דועל; דער דועל — אויף פיסטאלעטען — קומט פאר דעם 7־טען סעפטעמבער 1841 אין סען־זשערמאן און היינע ווערט לייכט פארוואונדעט אין שיך־ביין. ערב דעם טאג פון דועל לאזט ער זיין הייראט מיט מאטילדען פארקירכליכען, כדי זי זאל ניט דארפען ליידען קיין שאדען אין פאל ער קומט ניט ארויס קיין לעבעדיגער. די קירכע, איידער זי גיט איהר הסכמה צו דער צערעמאניע, נעמט אויס א תנאי, אז די קינדער, וואס וועלען געבוירען ווערן אין דער הייראטה, זאלען ערצויגען ווערן אין קאטוילישען גלויבען. היינע נעמט אן דעם תנאי מיט א לייכטען הארצען, ווייל ער איז זיכער, אז קיין קינדער האט ער ניט צו ערווארטען. זייט דעם הויבט זיך אן א סדרה פארלוימדונגען אין דער פרעסע אויף זיין פריוואט לעבען, וואס וויל גארניט אויפהערען און וואס שטאמט פון יענעם פראנקפורטער קרייז: „זייט דעם קלעבט א פאטאלער ריח צו מיין לארבער־קראנץ, א ריח, וואס איך קען פון איהם ניט פטור ווערן! א שאד דעם שעהנעם, שעהנעם קראנץ!“ — באדויערט ער, מיינענדיג יענע אפערע.

דער לארעם, וואס דער בערנע בוך האט ארויסגערופען, האט פאררוקט אין שאטען היינעס א צווייטע ליטעראַרישע פארעפענטליכונג פון יענעם יאהר. פאר'ן פערטען לעצטען באנד פון „סאלאן“ האט ער צונויפגענומען דאס, וואס דער האמבורגער פייער פון 1833 האט איבערגעלאזען פון זיין פריהעריגען ראמאן. דער „ראבי

פון באכעראך״ (די דריי קאפיטלען האבען אויך געהאט לעבער וואס ער האט געדארפט אויספילען) און, אויסער ליעדער, נאך בריעף איבער׳ן פראנצויזישען טעאטער, וואס ער האט געשריבען אין 1837 פאר אויגוסט לעוואלד. די בריעף בלייבען ניט שטעהן ביים טעאטער־שפיעל אליין, נור זיי פארטיפען זיך אין די מאראלישע צושטענדע, אין די זיטען, וואו די פיעסען ווארצלען.

פון יאהר 1840 האט היינע ווידער געשריבען קארעספאנדענצען פאר דער „אויגסבורגער אלגעמיינער צייטונג״; דאס זענען די ארטיקלען, וואס זענען שפעטער, באטיטעלט „לוטעציא״, אריין אין די „פערמישטע שריפטען״. זיי פארנעמען זיך מיט יענער פעריאדע פון פראנצויזישען בירגער־קעניגטום, ווען מענער, ווי טיער, גוזא, זענען געזעסען אין מיניסטארען־קאבינעט און דער פארלאמענט האט ענטשידען געקעמפט מיט׳ן אויטאקראטישען איבערמוט פון לואי פיליפ. אבער ניט דער קעניג און ניט דער פארלאמענט זענען געווען די רעגירונג: די אייגענטליכע מאכט איז געלעגען אין די הענד פון קאפיטאל, פון די בורזשואזיע, און די האט זיך שוין געקלעמט מיט דער מורא פאר דעם זיעג פון די סאציאליסטישע און קאמוניסטישע טעאריען. שפעטער, צוריקבליקענדיג אין יענער עפאכע, האט היינע באצייכענט אלס דעם אייגענטליכען העלד פון זיין בוך די סאציאלע באוועגונג וואס האט דירעקט געפיהרט צו דער רעוואלוציע פון 1848.

זייט היינע געפינט זיך אין פאריז, לאזט זיך מערקען ווי עס וואקסט דער גענענזאץ צווישען היינען און די רעפובליקאנער. יענע אונטערוואראפען אלע אונזערע רעפארם־פראבלעמען דער פאליטישער פראבלעם, זעהען די הויפטערטונג אין א רעגירונג איבערקערעניש. היינע איז הויפטזעכטליך פאראינטערעסירט אין געזעלשאפטליכע און מאראלישע פראגען, איז אבער גלייכגילטיג צו דער פארם פון דער רעגירונג. איצט געפינט ער, אז זיינע „פראנצויזישע צושטענדע״ האבען זיך צו ציטעריג געהאלטען ביי די ברעגען פון די געשעהעניסען. ער איז זיך באוואוסט איצט, אז קוקענדיג אויף די געשעהעניסען פון דער ווייטען, האט ער א פרייערן בליק. ער באגנוגענט זיך ניט מיט דעם, וואס קומט פאר אין פאדערגרונד

פון פארלאמענט; זיין בליק וויל איצט אריינדרינגען אין דער טיעף פון עפענטליכען לעבען. ניט אין באנאפארטיזם, וואס האט דאמאלס זיך גענומען ריהרען און באוועגען, זעהט ער די געפאהר פאר דער באשטעהענדער ארדנונג: די געפאהר דראהט פון יענעם גרויסען אונבאקאנטען, אויף וועמען זיין בליק שטעלט זיך אב מיט ענטציקען און גרויל — די מאסען רוקען זיך. אין 1840 האט ער זיי נאך גע־רופען די רעפובליקאנער, זייט 1841 ווייס ער, אז די רעגירונגס פארם איז פאר זיי ניט דער עיקר; דאס זיינען די פארוואהרלאזטע, גאר נישט ירש'ענדע, אונטערשטע שיכטען, ביי וועלכע עס האט עפּים גענומען אירען אין דער נשמה. עס האנדעלט זיך וועגען ברויט. דאס זענען די קאמוניסטען. ער פיהלט די אונפארמיידליך קומענדע רעוואלוציאן פון דער צייט. די סען־סימאניסטישע סעקטע, וועל־כע איז אויך ארויסגעגאנגען פון דער מאטעריעלער פראגע, אבער דאך מיט א ציעל פאר עטוואס העכערעס, וועט פארשלונגען ווערען פון אט דעם געוואלטיגען מאסען־קאמוניזם, וואס זיין הויפט פאדערונג איז ברויט. היינען שרעקט דאס הארץ, אז אין דעם גייסטלאזען גלייכ־הייטס טומעל וועט צושטערט ווערען אלץ, וואס איז שעהן און ערהא־בען. דעם קינסטלער פארדריקט דאס הארץ פאר אזא צוקונפט און ווען איצט, נאכ'ן פאל פון טיער, פארהאלט ער זיך אלץ פריינד־ליכער צו גיזא'ס קאבינעט, איז עס דערפאר, ווייל גיזא'ס קלוגע פארמיטלער־פאליטיק קען דעם אויסברוך אלץ ווייטער פארציהען. שפעטער, ווען עס איז באקאנט געווארען, אז ער האט געצויגען אן אונטערשטיצונג פון א פראנצויזישען שטאטס־פאנד, האט מען איהם פארגעווארפען, אז ער האט זיך דערמיט פארפליכטעט צו א פארזיכטיגען שווייגען. ניט אמת, זיין גאנצער גערדאנקען־גאנג פון יענער צייט איז ערב, אז ווען ער האט גענומען דעם צד פון דער רעגירונג, איז עס געוועזן אוים איבערצייגונג. ווי ווייט די דאנק־בארקייט האט אונבאוואוסט פאר איהם גופא ווייכער געמאכט זיין טאן, לאזט זיך ניט באשטימען. ער האט נאך קריטיקירט ווי פריי־הער, און שפעטער האט ער מיט א פרייען מוט ארומגערעדט גיזא'ס סיסטעם פון קארופציאן, צוליעב וואס אפשר ער איז געצוואונגען געווארען אבצושטעלען זיינע קארעספאנדענצען. זייט 1843 שרייבט

ער נאָר אונפּאָליטישע באַריכטען.

ווי שוין געזאָגט, האָט היינע זיין נייעם בוך געשטעלט העכער פון די „פראַנצויזישע צושטענדע“ פון 1831. דאָ איז ער ניט קיין פּאָליטישער שרייב־געצייג, ער קוקט זיך צו צו דער סאָציאַלער ענ־דערונג, אַלס פּסיכאָלאָג, פיזיאָנאָמיסט, אימפּרעסיאָניסט; דאָס גאַנצע ברייטע לעבען ציהט ער אריין אין זיין בעאָבאַכטונגס־קרייז. ער איז אַ קינסטלער, וועמעס שטאָף איז געוואָרען דאָס עפענטליכע לעבען; ער איז ניט יוצא מיט נאָטירען, ער בעאַרבייט די ווירקליכקייט אין אַ בילד, אָרדענט עס אין זיך. זיין שפּראַך געווינט יענע דורכדרינגענדע קראַפט, וואָס ווייזט אויף זיין פּאָלקאָמענער הערשאַפט איבער'ן געגענשטאַנד. עס ווערט קלאָר, אַז זיין פּאָליטישע גלייכגילטיגקייט וואַרצעלט אין זיין קינסטלע־רישען געמיט. ער קען בשום אופן ניט אויפטרעטען אַלס פּאָליטי־שער פּאַרטיי־מאַן, מיט אַן אַבסאָלוטען אורטייל אין מויל, ער קען נאָר רעדען און האַנדלען לויט דעם פולען געפיהל פון זיין אינדי־ווידועלע נאַטור.

היינע האָט זיך געפיהלט אין פּאַריז, בכלל גערעדט, ניט שלעכט. זיין געזונד איז געוועזען בעסער ווי ווען עס איז; זיין גוטער אויס־זעהן האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען. גריל־פּאַרצער האָט אָהם געפונען אַלס אַ „היבשען, רונדען יונגענמאַן“. נאָר אַן אויגענוועה־טאָג, וואָס האָט איהם אין 1837 שיער ניט געבראַכט צו פולער בלינדקייט, האָט איהם געשראָקען פון צייט צו צייט. איינמאָל אויך אַ לייכטער פּאַראַליז פון די געזיכטס־מוסקולען, וואָס איז אָבער באַלד פאַריבער; שפּעטער האָט די לינקע באַק פאַרלאָרען איהר עמפּפינדליכקייט, וואָס דאָס איז שוין געוואָרען כראָניש.

מען האָט אונטערגעלאַכט איבער היינעס קלאָגען זיך אויף זיין פּריוויליגען נע ונד. אָבער ניט גאַנץ מיט רעכט. ריכטיג, ער האָט געלעבט אין דער גלענצענדסטער געזעלשאַפט, האָט געהאַט רייכען פאַרקעהר, אָבער דאָך פאַר אַלעמען איז ער געבליבען אַ גייסטרייכער פרעמדער, מיט וועמען מען פאַרברייגגט. ער האָט קיין פריינד ניט געהאַט, פאַר וועמען ער זאָל זיך קענען ארויסגעּ־בען אַזוי ווי ער איז. ער האָט געקאָנט דאָס לעבען פון דער באַהעמע,

פון די גריזעטען און פון אריסטאקראטישען סאלאן; אבער וואס ליגט צווישען, דאס פרעטענציעזנלאזע פאמיליען־לעבען איז איהם גיט צוגעגנליך געווען. און אין גרונד גענומען האט איהם דאס הארץ יא געקלעפט צו פאמיליען לעבען. נאך מעהר, א פאריזער אפאריזם פון איהם דריקט זיך אויס: „מיין גייסט פיהלט זיך אין פראנק־רייך ווי אין גלות, ווי פארטריבען אין א פרעמדער שפראך". ער, וועלכער האט געפיהלט און געטראכט אין די לייכטסטע ניואנסען פון דער דייטשער שפראך, פאר ווענען דייטש איז געווען מעהר פאטערלאנד ווי דייטשלאנד, ער איז געצוואונגען שטענדיג צו רע־דען פראנצויזיש; פיעלייכט איז דאס געווען דער שווערסטער טייל פון זיין פרייוויליגען גלות. און עפיס א וואונדערליך געפיהל האלט איהם אב, דעם דיכטער פון דער דייטשער שפראך, צו קריי־גען בירגער־רעכט אין פראנקרייך, וואס וואלט פאר איהם פערזענ־ליך געווען צום גוטען.

פון אנפאנג האט ער געהאט שטונדען פון בייגקשאפט נאך דייטשער לאנדשאפט, נאך דייטשע מענשען, הויפזעכליך נאך דער מוטער. און פון צייט צו צייט פלעגט די היימאט איהם דער־מאהנען ווענען זיך מיט שמערצליכע בשורות. אין 1832 זענען גע־שטארבען לודוויג ראבערט און פרידעריקע, מיט א יאהר שפעטער ראחיל. אין 1840 איז געשטארבען קארל אימערמאן; „איך האב די גאנצע נאכט געוויינט". אין מאי 1842 איז צו איהם דערגאנגען די נייעס ווענען גרויסען האמבורגער פייער, וואס האט פארניכטעט א גאנצען טייל פון שטאדט. היינע האט געשריבען ווענען דעם א פאר געפיהלפולע שורות אין דער „אלגעמיינער צייטונג". עס האט איהם אנגענומען א פארלאנג ווידער צו זעהן זיין מוטער און שוועס־טער. אויך האט ער געהאט א כונה דערביי צו שליסען מיט קאמפע'ן א נייעם קאנטראקט, וואס זאל פארזיכערן מאטילדאן נאך זיין טויט, און אין אקטאבער 1843 האט ער אבגערייזט קיין האמבורג, איבער בריסעל און ברעמען (דער איינגאנג דורך פרייסען איז איהם געווען פארווערט). ער האט אלעמען, אויסערן פעטער וועלכער איז געלעגען צו בעט, געפונען אין גוטען געזונד. מיט די קרובים האט ער זיך פארטראגען אויף דאס בעסטע, אזוי דאס ער

האָט פאַרבראַכט גליקליכע טעג מיט זיין מוטער און שוועסטער. מיט קאַמפּע'ן האָט ער געשלאָסן אַ נייעם קאָנטראַקט, לויט וועל־כען יענער האָט באַקומען דאָס אַרויסגעבער־רעכט אויף אַלע זיינע שריפטען אויף אַן אומבאַגרענצטע צייט און דערפאַר האָט ער זיך פאַרפּליכטעט פון יאָהר 1848 אָן אויסצוצאָהלען דעם דיכטער אַ יעהרליכע פּענסיע פון 2400 פראַנק און נאָך זיין טויט צו זיין פרוי.

איבער האַנאָווער און קעלן האָט היינע זיך צוריקגעקעהרט קיין פּאַריז. און דאַ, פון די איינדריקען פון זיין רייזע איבער דייטש־לאַנד און באַזונדערס פון זיין צוריקרייזע, איז ביי איהם געבוירען געוואָרען אַ ווערק, אַ מין טאַגעבוך אין פערזען: „דייטשלאַנד, אַ ווינטער־מעשה'לע". — אין הערבסט פון נעקסטען יאָהר איז ער נאָך אַמאָל געפאָהרען קיין האַמבורג, דאָס מאָל מיט מאַטילדען. באַלד אָבער האָט ער איהר אונטער אַ צאַרטען אויסרייד צוריקגעשיקט אַ היים: זי האָט זיך אין האַמבורג געפיהלט זעהר ניט צו מוט, אויך די האַמבורגער קרובים האָבען זיך זשענירט מיט איהר. היינע האָט איהר גאָרניט געלאָזט שפּירען דערפון. ווי פאַר־אַ־יאָהרען האָט ער איהר געשריבען ליידענשאַפטליכע, נערוועזע, אונרוהיגע בריעף, ווי ער וואָלט קיין איין אויגענבליק ניט געקאָנט זיכער זיין מיט דער דאָזיגער באַשעפענים. זיין אַברייזע האָט זיך אַלץ פאַרצויגען, ווייל עס האָט זיך ווידער אָבגערופען דער אַלטער אויגען־וועהטאָג.

דאַמאָלס זענען ערשינען אין האַמבורג זיינע „נייע געדיכטע", וואָס האָבען אַריינגענומען דעם „נייעם פריהלינג", די פּאַריזער פּרויען־בילדער, אַ צאָהל נייע ראָמאַנצען און צייטליעדער און דאָס „ווינטערמערכען", ווי אויך דאָס ביז אָהער נאָך ניט פאַרע־פענטליכע „אַטטאַ טראָלל", אַ קליינע פערז־עפּאָס. אין די צייט־ליעדער, ניט נאָר אין די, וואָס זענען אַריין אין דער זאַמלונג, נאָר אויך אין די, וואָס זענען אויסענגעבליבען, אין „אַטטאַ טראָלל", אין „ווינטערמערכען" רעכענט זיך היינע ווידער פונאַנדער מיט'ן עפענטליכען לעבען פון טאָג. די צושטענדע אין דער היימאַט, ווי זיי האָבען זיך ענטוויקעלט זייט דעם יאָהר 1840, האָבען איהם דערצו אויפגעפאָדערט. ווען פרידריך ווילהעלם דער פערטער האָט

באשטיגען דעם פּרײסישען טראָהן, האָט דער דײטשער ליבעראַ־ליזם אױפגעהױבען די אױגען מיט האָפנונג, אום גלײך ענטװישט צו װערען. די רעאַקציע און דער „פּאַטערליכער רעגירונגס־שוץ" איז געװאָרען נאָך אונערטרעגליכער װי פריהער. די אָפּאָזיציע פון איהר זײט איז געװאַקסען און ביסלעכװײז ארומגעכאַפּט אלע ברײטערע שיכטען פון דער באַפעלקערונג. זי האָט געפונען אויך אויסדרוק אין דער ליטעראַטור. פּלוצלונג איז אױפגעקומען א פּאָליטישע הױך־געשטימטע פּאָעזיע, װעלכע האָט קײן אַנדערע מעלות, אױסער איהר ראַדיקאַליזם, ניט געהאָט: מאָנאָטאָנע דעקלאַמאַציעס, טרײהערציגע בלוטדורשטיגקײט, לעדיגע פראַזען, אנגערױשט אין אגיטאַטאָרישען טאָן. אנטקעגען אזעלכע פאַרהעלט־ניסען, איז געװען ניט מעהר װי נאַטירליך פאַר הײנען, אויף דער איצטיגער שטופע פון זײן לעבען, ער זאָל זיך ניט פיהלען פאַר־פליכטעט צו קײן פּראָגראַם, נאָר ער זאָל רעדען אין נאָמען פון זײן אײגענעם, באַזונדערען איך. ער אטאַקירט די רעאַקציע, ער האָט גרױסאַרטיגע איראָניע פאַר דער גוטמוטיגער, ניט ריהרעװ־דיגער מאַסע, — און װאַרפט צוגלײך א צװײדײטיגען בליק אויף דעם דעקלאַמירענדען, ליבעראַלען אגיטאַטאָר. בײ די ראַדיקאַלען איז ער שוין לאַנג געװען פאַררעכענט אלס אבטריניגער, אבער און װידער פלעגט מען איהם אנטקעגען טראָגען בערנעס אונטער־שײדונג פון טאַלאַנט און כאַראַקטער. און דאָ איז געװען א פּאָעזיע, װאָס איז במעט אױסגעקומען אָהן טאַ־לאַנט. דאָ איז געװען אלץ, װאָס די ליבעראַלע פּרעסע האָט געזוכט און ניט געפונען בײ הײנע'ן: אונבדעניגטען פּאַרטײ־פּאַטהאָס. און הײנע האָט דאָ געזוכט און ניט געפונען דאָס אײגענטימליכע, װאָס איז איהם אזוי נאָהענט געװען: די איראָניע, דעם שמײכעל, די קינסטלערישע פרײהײט איבערן שטאָף. גראָד אין פּאַריז, װאו דער פּולס פון עפענטליכען לעבען האָט געשלאָגען אַם שטאַרקסטען, האָט הײנע ענטדעקט, אז קונסט איז צוליעב קונסט, װי לעבען צוליעב לעבען. און ער האָט גענומען דעם צד פון קונסט געגען די רעטאָריק, פון גוטען טאָן געגען דער פּאַנאַטישער באַטאָנונג, פון דער אינטעליגענץ, געשאַרפט אן די

ניואנסען פון דער ווירקליכקייט, נעגען אבגעדראָשענע פּאָליטישע חכמות. ער האָט געפיהלט, אז די צארטעסטע אוצרות פון קולטור, פון יענער קולטור, וואָס האָט געוואָרצעלט אין איהם, וועלען אומ־קומען צוליעב דעם ראדיקאליזירענדען פאנאטיזם, און ער האָט אָנגעשריבען זיין „אטטא טראָלל".

ער איז ניט אויסען צו טרעפען א באשטימטען געגנער; אין זיינע טאנצענדע טענדענץ־בערען נעמט ער אריין אלץ וואָס עקעלט איהם: דייטשטומלעריי, קאָמוניזם, רעליגיעזע נאאיוויטע־טען, מעהרסטענס אבער די אומגעלומפּערטע, אויף שטאָלצעס פּאראדירענדע, טענדענציעזע פּאָעזיע. אויף אזא אופן ווערט זיין אייגען ליעד אויך א טענדענץ, אבער דאָס איז א טענדענץ, וואָס איז ווערט דעם קינסטלער. די סאטירע איז נאָר איין עלעמענט פון דעם, אבער זי פרעסט ניט אויף דעם פארגעניגען פון שפּיעל פון דער פאנטאזיע; רייץ איז אויסגעשאָטען מיט א פולע האנד; געשטאלטען צוליעב זיך גופא באשאפענע; גראציעז און אונהיימ־ליך; פּראכט, לאנדשאפט און פיגורען — צארטע, ווארימע, נאָהענטע.

חנ'עוודיגערעס, ווי יענע קינדיש־נאאיווע אוואנטורע אין א פּירעניען־נעסט, האָט היינע קיינמאָל ניט געשריבען, דרייסטע, שפּילעוודיגע צוועקלאָזיגקייט — דאָס איז דער ענטפער, וואָס ער האָט געגעבען אויף דער ערנסטער גרימאַסע פון דער צייט. אין א מעלאנכאָליש מונטערער ווידמונג צו וואַרנהאגען האָט ער עס אָנ־גערופען „דאָס לעצטע פרייע וואלד־ליעד פון דער ראָמאַנטיק".
די ראָמאַנטיק, וועלכע ער האָט אזוי שווער פאַרוואונדעט אין זיין „ראָמאַנטישע שוהלע", איז פאר איהם ווידער אמאָל אלץ, וואָס איז איהם טייער; מוט צום טרוים און גליק פון טרוים, לייכטזין, פיינער אויער פאר פארבאָרגענע זאכען. און דאָך איז עס געשעהן, אז גלייכצייטיג האָט ער נאָך אמאָל געמוזט ארויסטרעטען געגען דער ראָמאַנטיק. דען נאָך ווי קיינמאָל פריהער איז די ראָמאַנטיק אין יענעם מאָמענט געוואָרען דער סימבאָל פון פּאָליטישע רעַ־אקציע. מיט פרידריך ווילהעלם איז די ראמאַנטיק ווירקליך ארויפ־געשטיגען אויפ'ן טראָהן. פרידריך ווילהעלם איז ניט געווען קיין

רעאקציאָנער אויס שטאַאטס־קלוגשאַפט, אָדער אויס באַגרענעצט־
קייט, אָדער אויס נויטווענדיגקייט, נאָר אויס א הויך ענטוויקעלטען
ראָמאַנטישען געפיהל: שכל איז פאר איהם געווען אן עקעלדיגע
זאַך. ניט דערפאר, ווייל עס האָט איהם געפעהלט שכל, נאָר ווייל
ער האָט זיך געפיהלט דערהויבען איבער איהם אין זיין ראָמאַנטי־
שען שוואונג. די היסטאָרישע טראַדיציע, די ענטדעקונג פון די
ראָמאַנטיקער, איז איהם איבערגעגאנגען אין בלוט, און זי האָט זיך
איהם אלע מאָל געשטעלט אין וועג, וואו עס האָט זיך געפאָדערט
אן ענטשלאָסענער שריט פאָרווערטס.

ביי זיין ערשטען באזוך אין דייטשלאנד האָט היינע אליין צו־
געזעהן די אלע זאכען פון דער נאָהענט. זיין ווינטער־מעשה'לע
„דייטשלאנד“ איז אן איינציגער אין זיין מין זשעסט געגען פריי־
סענס ראָמאַנטיק, אונטער איהר דאָמאָלסדיגען קעניג, וואָס האָט
געשלעפּט צוריקווערטס אין לעבען און אין פּאָליטיק: און עס געהט
נאָך טיעפער, עס איז אן ענטשלאָסענער ציניזם געגען יעדער סענטי־
מענטאַליזירונג פון באגריפען, דער חלאת פון דייטשען לעבען, א
בייזער אונבארמהערציגער רוף צו ניכטערקייט. אין דער פּראכט־
פול־באוועגליכער ריטמיק, וועלכע איז פעהיג אי צו פלוידעריי אי צו
שוואונג, וויעגט זיך כסדר זיין איראָנישער שמייכעל —
און אין פינאל א גראנדיעזע, פּרעכע ארויספאָדערנדע דראהונג. ער
רעדט בכוון די אלטעגליכע שפּראך, און זיינע גראמען, וואו עס
פאָדערט זיך ניט צו זיין ליריש, זענען ניט מוזיק, נאָר שפּיצען,
וויציגע ברענפּונקטען. און דאָך — און דאָס איז אפשר דאָס מענ־
שליכסטע, צוציהענדסטע אין ווערק — דאָ שרייבט איינער, וואָס
האָט אליין אויך עפּיס אויף אן אופן פארזוכט פון יעדען סאָרט ראָ־
מאנטיק. אפשר דער שעהנסטער קאפּיטעל איז יענער, וואו די קינ־
דהייטס־זכרונות פיהרען ארום די וויזיאָן פון קייזער ראטבארט. אָט
אין יענעם פאַלען הין און הער, גערן און אונגערן, אין דער סימפּאַ־
טיע און אנטיפּאטיע צו דעם אלטען מאן אין קופּהייזער, וועלכער
איז דער סימבאָל פון דער דייטש־ראָמאַנטישער האָפנונג, לעבט די
גאנצע היינע'שע נשמה איהר איראָניש ווידערשפּריכיגען לעבען:
דאָס איז די נשמה פון א קינסטלער, וועלכער פארשטריקט זיך

אלע ווײלע אין דער מעשה'לע און קען זיך דאך ניט אבגעבען צו איהר מיט'ן גאנצען הארצען: די נשמה פון א קעמפּער, וועלכער זוכט רק אויף זיין לאגער, אום באלד ווידער צו אנטלויפען און צו שטע־לען זיך אונטער דעם דיסציפּלין פון זיין אייגענער פארנונפט. ער זוכט אויף זיין לאגער — און באצאהלט דערפאר מיט'ן פּרייז פון ריינער קונסט. היינע האט עס אליין געשפּירט און האט עס איינ־מאל אויסגעדריקט אין א ראמאנטישען פארגלייך: „אין א צייט, וואס געהט אונטער'ן צייכען פון פּאליטיק, קען זיך זעלטען איינגע־בען א ריין קונסטווערק. דער דיכטער אין אזא צייט איז געגליכען צו א שיפער אויפ'ן שטורמישען ים. פון דער ווייטען אויף א פעלזען־שפּיץ פון ברעג זעהט ער אויפהויבען זיך א קלויסטער, ווייסע נאנען שטעהען דארט און זינגען, אבער דער שטורם איבערגרילצט דעם געזאנג".

שארפער, ווי די צייטליעדער און זיינע „נייע געדיכטען", זענען די צייט־ליעדער, מיט וועלכע ער האט זיך באטייליגט אין די „דייטש־פראנצויזישע יאהר־ביכער", וואס ארנאלד רוגע און קארל מארקס האבען זייט 1844 ארויסגעגעבען, און אין „פארווערטס" ארויס־געגעבען פון בערנשטיינ'ען אין פאריז נאכדעם, ווי די „יאהר־ביכער" האבען אויפגעהערט צו ערשיינען. צוליעב אט די ליעדער איז ער אין 1845 אפילו געשטאנען אין געפאהר אויסגעוויזען צו ווערען פון פראנקרייך. נאר דער טעות פון דער פראנצויזישער רע־גירונג, וועלכע האט איהם אנגענומען פאר א נאטוראליזירטען פראנצויז, האט איהם געראטעוועט.

די באלאדען, וואס ער האט געגעבען אי די „נייע געדיכטען" פון 1844, געהערען צו די שעהנסטע, וואס ער האט ווען עס איז געשאפען. אליין, וואס ער האט געהאט צו פארשענקען פון זיין טיעפען געפיהל ארויס, האט ער, נאכ'ן אבשלום פון „בוך דער ליעדער", אריינגעטהאן אין זיינע באלאדען. פאר היינען איז די באלאדע פון אנפאנג אן מעהרסטענס געווען א מעטאפאר אויף זיין אייגענעם לעבען. פארגלייכט מען אבער זיינע נייע באלאדען, ווי „ריטער אלאף", „האראלד הארפאגאר", „דאס ווייב" מיט זיי־נע פריהערינגע ארבייטען, דערקענט מען: ווי וויכטיג עס איז אין

יענע פאר איהם געווען דער אינטערעסאנטער מאטיוו, די דערצעהר־לונגס־טעמע, און וויפיעל מעהר די נייע באלאדע ריהרט אן דעם געפיהל, וואס איז אונטער דעם מאטיוו. ווען יענע באלאדע איז געווען א מעטאפאר אויף א טרעפונג פון שיקזאל, איז דער נייער א מעטעפאר אויף א לעבענס־שטימונג. די נייע באלאדע שלאגט ארויס פון גרונד פון זיין הארצען, ווי א לירישעס געדיכט. אין „אלאף" קלינגט זיין אייגענע שטימע אין יענער ענטציקטער פאר־הערליכונג פון לעבען; דער „האראלד הארפאגאר" פליסט פון זיין שווערמוט; די איראנישע סעריע „אונטערוועלט" איז אפילו שוין א נייער באלאדען־טיפ, אבער דער שלום פון יעדער באלאדע איז אזוי אבגערונדעט, אז עס איז שוין מעהר קיין געשיכטע, נאר שטימונג און וועלכע געהערט צו איהם אליין. און די באלאדע ווענגען דער מאדאנעז־סטאטוע, וואס עפענט די סעריע, מאכט אין איהר סך הכל ניט דעם איינדרוק פון א דערצעהלטען אנעקדאט, נאר ווי פון א פארמולירונג פון א ביטערער ערפאהרונג פון זיין אייגענעם הארצען.

## זעקסטער קאפיטעל.

### די קראנקהייט.

קורץ נאכהעם, ווי ער האט זיך צוריקגעקעהרט פון זיין צווייטער האמבורגער רייזע, האט ער באקומען די נאכריכט, אז זיין פעטער סאלאמאן היינע איז דעם 23טען דעצעמבער געשטאָר־בען. א ווײַלע שפּעטער האט מען איהם געלאזט וויסען וועגען זיין פעטערס צוואה, וואו היינע איז אבגעפארטיגט געוואָרען מיט א ירושה פון 8,000 מארק. היינע האט פון פריהער געהאט די באַ־שטימטע צוזיכערונג פון פעטער אויף א לעבענסלענגליכע פענסיע פון 4,000 מארק און אויף א העלפט דערפון פאר זיין פרוי נאך זיין טויט. דערפאר איז די איצטיגע ידיעה געווען פאר איהם א קלאפ. זיין קוזען, קארל היינע, דער הויפּט־יורש, האט זיך ענט־זאגט אנצוערקענען די פענסיע, כאטש היינעס פריינד מייערבעער האט שריפטליך עדות געזאגט, אז די לעבענסלענגליכע פענסיע איז איהם ווירקליך צוגעזאגט געוואָרען. קארל היינע איז געווען א דריי־סיגפאכער מיליאָנער: עס איז קוים גלויבליך, אז קארגשאפט האט איהם אזוי הארטנעקיג געמאכט; עס איז אבער קיין צווייפעל ניט, אז ער האט זיך באנוצט מיט היינעס לאגע אום צו צווינגען איהם צו שטילשווייגען וועגען געוויסע פאמיליען־פאסירונגען — די פאמיליע פון קארל היינעס פרוי, פולד־פורטאדא פון פאריז, איז, ווי עס שיינט, באזונדערס געווען פאראינטערעסירט אין דעם. היינע איז געווען אויפגעבראכט ביז'ן ביין. זיין פארלענגער קאמפּע, וועלכער איז אויפגעפאָדערט געוואָרען אלס פארמיטלער, האט געראטען אן אויסגלייך. היינע אבער האט געטראכט וועגען פאר־פיהרען א פראצעס און גלייך. ער ציהט אריין די עפענטליכע מיינונג און פאר זוכט דורך דער פרעסע איינצושרעקען זיינע האמבורגער קרובים. ער מאכט פון דער פאמיליען־אפערע א קאמף

צווישען זשעניע און געלדזאק. ער פארליערט זיך אויף אזוי ווייט, אז ער שיקט אנאנימע ארטיקלען אין די צייטונגען, שפיעלט אויף דער דעליקאטער לאגע פון קארל היינעס שוואגער, וועלכער קאנ־דידירט אלס סענאטאר, מיט אן אנצוהערעניש, ווי שעדליך עס וואלט פאר איהם געווען אן אונגינסטיגע עפענטליכע מיינונג.

די אויפרעגונג ווירקט אויף זיין געזונדצושטאנד. שוין זייט יאנואר איז דאס לינקע אויגענדעקעל ביי איהם אבגענומען געווען, האט זיך מעהר הויבען ניט געוואלט. אויך דאס רעכטע אויג האט גענומען קאליע ווערען. איצט האט דער פאראליז זיך גענומען פארשפרייטען פון געזיכט איבער דער ברוסט אראב. די ליפען, דער צונג, די קעהל, צולעצט אויך די קינבאקען האבען פארלארען די עמפפינדליכקייט און האבען צייטענווייז אבגעזאגט דעם דיענסט. היינע לאזט זיך אראב, ווערט צובראכען. ווען מען זאל איהם פארזיכערען, אז די פענסיע ווערט איהם אויסגעצאהלט פארפול, איז ער גרייט אויף יעדער געווינשטער עהרענערקלערונג און ענט־שולדיגונג. עס קומט אויף איהם יענע שווידערליכע שטונדע וואו ער שרייבט: „א וויסטער מאראזם, א מידיגקייט פון פיהלען און דענקען, א פארגענעצען זיך אין טויט אריין...“ פריינד נעמען זיך אן פאר איהם — מייערבעער, דעטמאלד; דער יונגער לאסאל שטעלט זיך איין פאר איהם געשיקט און ליידענשאפטליך; פירכט פיקלער־מוסקאו ווענדעט זיך מיט א בריעף צו קארל היינע. היינע אליין פועלט ביי זיך פארצושלאגען א שלום און שרייבט א בריעף צום קוזען. די ירושה ווערט איהם אויסגעצאהלט, אבער די פענסיע ווערט נאך אלץ פארהאלטען. איצט קוקט היינע אויף דעם, ווי אויף א פארלארענע זאך. ער וויל שוין מעהר קיין פראצעס ניט. ער וויל האבען זיין נקמה אויף אן אנדער אופן: ער איז באשעפטיגט מיט שרייבען א „גרויליגען“ מעמואר... דערווייל האט אין מאי פון יאהר 1846 זיין צושטאנד זיך שטארק פארענדערט. די צייטונ־גען האבען שוין איבערגעגעבען קלאנגען וועגען זיין טויט. איצט האט קארל היינע זיך ענטשלאסען צו א פריעדען און צו דער אנער־קענונג פון דער פענסיע. ווען א יאהר שפעטער איז ער געקומען קיין פאריז, האט ער פערזענליך זיך איבערגעגעבען מיט היינע'ן.

וועלכער האט זיך פארפליכטעט קיין זאך ניט צו פובליצירען, וואס זאל זיין קרענקענד פאר קארל היינעס פאמיליע.

ווי ווייט די אויפרעגונגען אין פארבינדונג מיט'ן דאזיגען כסוף זענען ווירקליך פאראנטווארטליך פאר דעם, פון איצט אן בסדר שטייגענדען פראגרעס פון היינעס קראנקהייט, איז שווער צו זאגען. אבער פאר היינען גופא איז דער אומגליקליכער פאמיליען־שטרייט געווען דירעקט די סבה פון זיין קראנקהייט. פאר איהם האט די פאמיליע דארט אין האמבורג אויף אייביג זיך פארזינדיגט געגען איהם, פאר'מיאוס'ט איהם זיין שעהנעם לעבען. „באמת, ניט דאס געלד, נאר די מאראלישע ענטריסטונג, וואס מיין אינטימסטער יוגענד־פריינד און בלוטספארוואנדטער האט געקענט ניט האלטען זיין פאטערס צוזאג, דאס האט געבראכען מיין הארץ, און איך שטארב איצט פון אט דעם ברוך, (1 סעפטעמבער 1846). די קראנקהייט, וועלכע לאזט איהם אצינד ניט אב, האט כסדר איהם דערמאהנט אן דאס שענדליכע פארהאלטען זיך פון זיין פאמיליע געגען איהם, און די קראנקהייט גופא האט ער אויפגעפאסט ניט אלס נאטור־זאך, ניט אלס אונפערזענליכען אומגליק, וואס האט צופעליג איהם געטראפען, נאר אלס אן אבטהו פון בייזע מענשען. ער האט זיך געגריבעלט אין זיינע ערינערונגען, אויסגראבענדיג אלץ, וואס ער האט געהאט אויסצושטעהן פון יענעם מענשענקרייז פון קינדווייז אן און האט עס געשטעלט אין צוזאמענהאנג מיט דעם לעצטען אקט זייערן געגען איהם, וואס האט געבראכט צו זיין אונטערגאנג. און א טונקעלער ווילדער צארן כאפט איהם אן. עס זענען פארהאן מאמענטען, וואו זיין גאנץ לעבען קומט איהם פאר ווי א טראגעדיע. זיין געמיט נעמט אן א פינסטערן קאליר: דאס שעהנע, דאס עהרווירדיגע מוז צו גרונד געהן, פרעך זיעגט דער אונגערעכטער. ער פיהלט די נידערלאגע אויף זיך, און מיט א פארביטערטען, קאלטען בליק נישטערט ער אין שטאף פון דער וועלט, און געפינט, אז דאס, וואס איז מיט איהם געשעהן, געשיעהט מיט אלעמען און מיט אלץ.

ווען מען וויל רעדען פון היינע'ס פעסימיזם פון דער פריהערדיגער צייט, בארופט מען זיך געוועהנליך אויף היינעס עראטיק: האט ער

דאך דעביוטירט אין דער ראלע פון אן אונגליקליכען ליעבהאבער; און שפעטער, ווען זיינע „נייע געדיכטע" זענען ערשיענען, איז איהם געפעלען צו מאכען פון זיינע „פאריזער פרויען־בילדער" קליינע ראמאנען פון ענטטוישונגען. אבער ערשט איצט, ווען אויך זיין פאליטישער צוטרוי אין דער צוקונפט האט שוין ניט געהאט די גאנצקייט פון אמאל, וואו אויך דא איז זיין האפנונג בלאס און געבראכען, ערשט איצט מעהרען זיך די פינסטערע בליקען, וואס ער שיקט פונאנדער איבער דער וועלט און מען קען רעדען וועגען א פעסימיזם פון היינען. אבער דאס מיינט נאך אלץ ניט, אז מיר האבען דא צו טהאן מיט א סיסטעמאטישער וועלט־אנשויאונג, וועגען דעם איז ביי היינען קיין רעדע ניט. עס איז ניט מעהר ווי שטימונגס־פארב, מיט וועלכער ער באשפריצט זיינע מיינונגען און אויסזאגונגען.

ווען היינריך לויבע, וועלכער האט מיט זיבען יאהר צוריק זיך געזעגענט מיט א בליהענדען מענשען, האט איהם ווידער דערזעהן אין 1847, איז ער אויפגעטרייסעלט געווארען פון חורבן, וואס די קראנקהייט האט אין איהם געמאכט: אנשטאט דעם גלאטען קאפ האאר פון קאשטאן־ברוינע קאליר — טרוקענע, שיטערע, גרוי־באשפריצטע האר, וואס פאלען פארווילדערט אויפ'ן שטערן אראב; דאס געזיכט, דאמאלס גלאט ראזירט, ווי ביי א קאמער־הערר, איצט איינגעראהמט אין א גרויען בארד, ווייל די פיינליך עמפפינדלי־בע הויט פארטראגט ניט דאס ראזיר־מעסער. אנהויב יאהר 1848 איז דער קראנקער אריבער אין א שפיטאל. און באלד נאכדעם האט אויסגעבראכען די דריטע פראנצויזישע רעוואלוציאן. זי האט זיך אבגעשפיעלט נאר דערביי, איהר גערויש האט אריינגעדרונגען דורכ'ן פענסטער, און אן ענטוזיאזם האט נאך אמאל דורכגעצי־טערט דורך זיין נשמה, אבער נאר אויף א ווייל. אין זיינע קאר־רעספאנדענצען פאר דער „אלגעמיינער צייטונג" (פון 3טען ביז'ן 22טען מערץ), די לעצטע, וועלכע ער האט איבערהויפט געשריבען, לאזט זיך מערקען, ווי זיין סימפאטיע פאר די רעוואלוציאנערען האלט שנעל אין זינקען. און צולעצט, דערוויסען מיר זיך פון זיינע פריוואט - געשפרעכען, זעהט ער שוין גאר קיין זין ניט אין די

געשעהעניסען: „אוניווערסאַל־אַנאַרכיע, וועלט־ווירוואר, אראַבגע־נידערטער גאַנץ משוגעת..." עס עקעלט איהם פון דער צופעליג־קייט, מיט וועלכער די רעוואָלוציאָן האָט אויסגעבראָכען. אויף א פּאָר פאַרניכטעטע זייטען פון זיינע שפּעטער געשריבענע „גע־שטענדניסע" האָט ער זיך גאַנץ שטאַרק אויסגעלאַכט פון דער רעגיערונג פון די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָנערען און באַגריסט די טראָהנבאַשטייגונג פון נאַפּאָלעאָן 3, אַלס די רעהאַביליטאַציע פון פראַנצויזישען אַנזעהן. אגב, האָט ער פּערזענליך געליטען פי־נאַנציעלען שאַדען פון די פעברואַר־פּאַסירונגען; וואהרשיינליך האָט יעמאָלט אויך אויפגעהערט די שטיצע פון דער פראַנצויזישער רעגיערונג. ווען די ליסטע פון די אונטערשטיצטע איז פאַרעפענט־ליכט געוואָרען פון די רעוואָלוציאָנערען, האָבען דייטשע שטי־מען איהם באַשולדיגט אין פאַרקויפליכקייט. ער האָט עס אָבגע־לייקענט אין אַן אויסדריקליכער ערקלערונג.

ער האָט עס געהאָט זיין אַרצט, דר. גרובי צו פאַרדאַנקען, וואָס אין מאַי 1846 איז ער נאָך אמאָל אימשטאַנד געווען אַרויס־צוגעהן פון הויז. דאָס איז געווען יענער לעצטער גאַנג אין לואַוור, וואָס ער האָט באַשריבען אין נאָכוואָרט צו ראָמאַנצערא. פאַר דער סטאַטוע פון אַפראָדיטע האָט ער צוזאַמענגעבראָכען.

זייט דעם איז ער געווען צוגעשמידט צום קראַנקען־צימער. צו זומער איז ער איבערגעפּאָהרען אויפ'ן לאַנד קיין פּאַסי. אין אָקטאָבער האָט ער גענומען א וואָהנונג אויף ריע ד'אַמסטערדאַם, נעבען מאָנמאַרטער בית עולם. ער איז געלעהמט; מען מוז איהם טראָגען, ווי א קינד, די פּיס זענען ווי „באַוועל". לעהמונגען פון די הענד, פון די קינבאַקען דאָ קומען זיי, דאָ לאָזען זיי אָב. ער קען מעהר ניט זעלבסטשטענדיג לעזען אָדער שרייבען, און ער מוז האָבען סעקרעטערע און פאַרלעזער. ווייל זיין מוח אַרבייט אָהן אויפהער. קאַרל הילבראַנד, וועלכער איז 1849-1850 זיין סעק־רעטער געווען, דערצעהלט, אז ער האָט איהם געלעזען געטהע, שי־לער, און אַן אַנצאָהל טעאָלאָגישע שריפטשטעלער, סיפּטעלער, טהולאָק, ספּאַלדינג, און אויך די ביבעל. אין דער פריה פּלעגט איהם היינע דיקטירען די פּערזען פון „ראָמאַנצערא", וואָס זענען

דורך נאכט ענטשטאנען. דען היינעס פּראָדוקציאָן האָט קיינמאָל ערנסט ניט אויפגעהערט: אין די שווערע יאָהרען 1846 און 1847 האָט ער אָנגעשריבען דיביידע טאַנץ־פּאָעמען „געטין דיאנא“ און „פויסט“, און נאָך איינינגע געדיכטע. זיין שאַפונגס־קראַפט איז ניט פּאַראַליזירט — פּאַרקעהרט: ווען דער פּאָעט איז שוין געלעגען אין אונבעוועגליכער אויפ׳ן קראַנקען־בעט, האָט זי נאָך ארויסגעגעבען פון זיך פּראַכטפולע בליהונג — איהר לעצטע בליהונג. „נאָר צוויי טריסטער זענען מיר געבליבען, וועלכע בויגען זיך אריבער איבער מיין צוקאָפּענס און לאַסצען און גלעטען — מיין פּראַנצויזישע פרוי און מיין דייטשע מוזע“ — האָט ער דאַמאָלס געשריבען.

ער האָט זיך צערטליך געזאָרגט וועגען דעם, זיין מוטער זאָל זיך ניט דערוויסען וועגען זיין קלעגליכען צושטאַנד; ער האָט צו איהר געשריבען מונטערע בריעף, אויסגעדריקט די האָפנונג נאָך צו קומען זיך זעהן מיט איהר און געשילדערט פאַר איהר און די שוועסטער, ווי היימליך ער האָט זיך איינגעאָרדנעט און ווי ליעבענסווירדיג מאַטילדע איז. און אין די שטונדען, ווען דער וועהטאָג פלעגט אָבלאָזען, פלעגט ער נאָך אויפנעמען געסט, וועלכע זענען, נאַטירליך, אלץ זעלטענער געוואָרען. אויך פון דייטשלאַנד האָט ער געהאַט בעזוכען: אין 1851 איז געקומען קאַמפּע, וועלכער האָט אָבגעקויפט ביי איהם זיין נייע ליעדער־זאַמלונג „ראָמאַנצערא“; דעם זעלבען יאָהר זענען געקומען זיינע ביידע ברידער — לודוויג און מאַקסימיליאַן. אויגוסט לעוואלד, היינריך לויבע, און הויפּטזעכליך אַלפרעד מייסנער זענען עפטערס ביי איהם געווען. אין 1855 האָט ער זיך געזעהן מיט זיין שוועסטער שאַרלאָטע עמבדען. און די וועלט־אויסשטעלונג פון יענעם יאָהר האָט געבראַכט קיין פּאַריז פיעל דייטשען, וואָס פלעגען פאַרגעהן צו איהם. אונטער דער צייט האָט ער זיין וואָהנונג אויף רין ד׳אַמסטערדאַם פאַרלאָזען: די וואָהנונג, וואו ער האָט זיך אריבער געקליבען אין הערבסט פון 1854, האָט ער שוין אין איינינגע וואָכען ארום אָבגעליידיגט. אין נאָוועמבער האָט ער זיך אריינגעצויגען אויף זיין לעצטער וואָהנונג — אויף ריע מאַטיניאָן.

ווען אין יאָהר 1851 איז ערשיענען דער „ראמאנצערא", אין יאָהר 1854 די „פערמישטע שריפטען" און די "געשטענדניסע", האָט זיך געלאָזט מערקען אַן ענטשיעדענע ווענדונג אין די איבער־ציינגונגען פון דעם דיכטער — אַ ווענדונג אין זיין שטעלונג צו רעליגיעזע פראַגען. די עפענטליכקייט האָט זיך שוין גענומען קווי־קען מיט דער באַבע־מעשה, אַז היינע האָט זיך באַקעהרט צו דער קירך. דער אמת איז געווען, אַז היינע, וועלכער האָט אַ שטיק צייט זיך ארומגעטראָגען מיט עפּיס אַן אונקלאָהרען פּאַנטעאיזם, וואָס ער האָט איבערגענומען ביי די סען־סעמאָניסטען און וואָס איז אין גרונד גענומען געווען אַ געוויסע פאָרם פון אטעאיזם, כאָטש היינע האָט דאָס קיינמאָל ניט געוואָלט צוגעבען, האָט איצט ווידער גענומען גלויבען אין אַ פּערזענליכען גאָט. פון אַ וועל־כען עס איז פּאָזיטיווען קירכען־גלויבען האָט ער איצט אויך ניט געוואָלט וויסען. דאָס איז געווען די רעליגיעזע עמפּינדונג אַן און פאַר זיך, דער סוביעקטיווער געפיהל פון גלויבען און ניט מעהר, וואָס האָט אויסגעמאַכט דעם אינהאַלט פון זיינע נייע איבערציי־גונגען. אָנגעהויבען האָט זיך עס אין יאָהר 1848, זייט ער איז צוגעשמידט געוואָרען צום קראַנקען־בעט. ער, וועלכער האָט די פּסיכאָלאָגיע פון קריסטענטום זיך ערקלערט אַלס די פּסיכאָלאָגיע פון חלאַת'ניקעס, האָט פון זיך ניט פאַרבאָרגען, אַז די ענדערונג אין זיינע אַנשויאונגען וואָרצעלט אין זיין איצטיגען צושטאַנד. „עס איז דאָ מעהר פאַרוואַנדשאַפט צווישען אפּיום און רעלי־גיאָן, ווי די מענשען שטעלען זיך דאָס פאָר" — האָט ער איינמאָל אַ וואָרף געטהאָן אַ באַמערקונג, כאָטש אַנדערע באַמערקונגען זיינע שטעלען די זאַך אַזוי פאָר, אַז זיין נייע ווענדונג איז געווען מעהר אַ רעזולטאַט פון אַן ערנסטען נאָכדענקען, ווי אַ פיזיאָלאָגי־שער פּראָדוקט. דאָך זיכער איז דאָס ניט געווען די פרומקייט פון אַ צובראָכענעם מענשען, פון אַ צוטומעלטען און דערשראָקענעם. ער איז מודה, אַז עס דאַרפען זיין פאַרשיעדענע רעליגיאָנען — פאַר קראַנקע באַזונדער און פאַר געזונדע באַזונדער. דער גלויבען איז איהם ניט די איינציגע מעגליכע, אונבאַשטרייטבאַרע אַנשויאונג װעגען דער וועלט, ווי דער גלויבען ביי פרומע. ער האָט זיך באַ־

װאוסטזיניג אַנגעכאַפּט אַן גלױבען, װי אַן אַ הײלמיטעל. ער האָט זײן גלױבען זיך אױסגעקליבען, ער איז אָבער ניט געװען באַ־הערשט פון איהם.

אין גרונד גענומען, איז זײן רעליגיעזע װענדונג אַ קומען צו זיך, דער לעצטער עטאַפּ צו זײן איך. אױף אַלע פּונקטען האָט אין פאַרלױף פון זײנע פּאַריזער יאָהרען זײן אײגענטימליכע נאַטור געקעמפּט מיט די אַלע פאַרשידענע אַנשױאונגען, װאָס ער האָט זיך אַרײנגענומען אין קאָפּ אַרײן. װען ער האָט געפיהרט דאָס װאָרט פאַר׳ן ליבעראַליזם, האָט אַלץ ענערגישער זיך געריסען צום שײן — עטװאָס, װאָס ער האָט אַלע מאָל אין זיך פאַרדעכ־טיגט — אַן אַריסטאָקראַטישער אינסטינקט. און באַקעמפּענדיג די ראָמאַנטישע שולע האָט ער ענטדעקט אין זיך גופא דעם „ענטהײליגטען ראָמאַנטיזם“. הײנע האָט פון שטענדיג פאַרמאָגט אַן אײדעלען חוש פאַר רעליגיעזע זאַכען און אין דער טיעפענים פון זײן האַרצען איז ער קײנמאָל קײן אַטעאיסט ניט געװען. אָבער ניט זײן אַטעאיזם און ניט זײן גלױבען אין אַ פּערזענליכען גאָט האָט ער דורכגעטראַכט ביז׳ן סוף. זײ האָבען געקענט בײדע צוזאַ־מען הױזען אין איהם. זײ זענען געבליבען געפיהלס־מעגליכקײ־טען, װאָס זענען בײדע אָפּען געװען פאַר׳ן דיכטער. און עס איז געװען אַן אײנפאַל פון אונגעהײער ליעבער, נאַאיװער אײנפאַכ־קײט, אַ זיסער שרעק, װאָס האָט איהם דורכגענומען ביז׳ן געבײן, װען ער האָט איצט, ליגענדיג אױף׳ן קראַנקען־בעט, געװאַגט אַ רוף צו טהאָן דעם גאָטעס־געפיהל, װאָס האָט גערוהט אין איהם פון שטענדיג. דאָס איז געװען אַ ליריקער־ערלעבניש, װאָס האָט דורכ־געצוקט זײן װעזען. „עס זענען גרױסע, ערהאַבענע, זיס־גרױליגע געדאַנקען געקומען איבער מיר...“ די מאַסע האָט איהם פאַר־מיאוסט דעם רעפּובליקאַניזם, די מאַסע האָט איהם פאַר׳מיאוסט דעם אַטהעאיזם אין דעם מאָמענט, װען דער אַטעאיזם איז פון אַ צענטראַלען געהײמניס אין דער העגעלשער פילאָזאָפיע געװאָרען אַ פּראָגראַם־פּונקט פון די פּראָסטע נפשות. מאַסען־אונגלױבען, אונגלױבען אָהן שום פיזיאָנאָמיע איז געװען איהם דערװידער. דאָס אונאױסשפּרעכליך אינדיװידועלע אין זײן פאַרהעלטניס צום

אונענדליכען האט פראטעסטירט. ווארים דאס אונענדליכע האט ער געשפירט, אלס מיסטיקער, אהן שום פארפליכטונג צו וועלכער עס איז דאגמא. דער גאט, צו וועמען ער האט זיך איצט איבער־געגעבען אין די הענד אריין, איז פון סאמע אנהויב געווען דער אלט־אידישער גאט, וועלכער איז מיטגעווען מיט איהם די גאנצע צייט — אין זיין פאנטאזיע און זיין שפאס. און מיינט איהר אז פון איצט אן רוהט ער זיכער אין גלויבען, און פיהלט זיך געשיצט און געבארגען? דאס ניט: ער האט נאך קיינמאל ניט אזעלכע בייזע און טונקעלע פראגען געפרעגט, ווי ער האט דאמאלס געפרעגט. און דאס שעהנסטע דערביי איז, אז זיין פרייער קאפ האט אויף א מאמענט ניט אבגעלאזען די איראניע. היינע נעמט זיך פון איהר צוערשט זיין אייגענעם גאט און דאן טיילט ער איין א חלק דעם רבונו של עולם. באזונדערס אין געשפרעך האט ער פאר׳ן ליעבען גאט געהאט די רייצענדסטע שטעך־ווערטלעך.

און פון אט דעם געווימעל פון זיין אינערן לעבען נעהרט זיך די פולע טונקעלע בלומען־בייט פון זיינע לעצטע ליעדער. דער „ראמאנצערא“, וועלכער איז ערשיענען אין 1851, נעמט ווייט ניט ארום אלץ, ער שלאגט שוין אבער אן אלע טענער. די ליעדער, וואס קומען אריין אין די „פערמישטע שריפטען“ פון 1854, פארענדיגען זיי. דעם ברייטסטען פלאץ טיילט איין דער „ראמאנצערא“ דער באלאדען־דיכטונג, אבער אין די „לאמענטאציאנען“ גיט ער שוין פראבען פון יענער לעצטער היינעשער ליריק, וואס זיין שטאף איז דאס גאנץ אינטימע, פערזענליכע. וואס שייך די באלאדען, האבען מיר דא אפילו אזא שטרענג אויסגעהאלטען שטיק, ווי „אזרא“, וואס איז קאמפאנירט דורך איין איינציגען געפיהל און געבויט לויט אלע רעגלען פון ווארט־ארכיטעקטור, אזוי אז מען קען א פינ־טעלע ניט ריהרען; אבער עס איבערוועגט אין צאהל יענע משפחה פון היינע׳שע פערז־עפאסען, וואס זייערע סטראפען שלענג־לען זיך אין פרעכטיג נאכלעסיגע ארנאמענטען און וואס זייער ערשטער מוסטער איז געווען „טאנהייזער“. היינע ווייזט דא א פארליעבע פאר טריל\u05d0גיען — דער שטאף ווערט פארטיילט אין דריי אבשניטען; ווייטע שטרעקען לויפען צווישען פלווידעריי און

געפיהלפולער פערזענ־פראזא; דער ריין לירישער אויסגוסט איז איינגעפאסט אין א באזונדערן אבשניט. דעם קראנקען, מידען, פאר׳סם׳טען דורך פארשידענע מעדיקאמענטען דיכטער איז אי־בעררדריסיג געווארען צו ארגאניזירען דעם שטאף; קוים וואס ער קען נאכהאלטען מיט א פארלארענעם בליק דעם שווישפיעל, וואס געהט אין איהם אן כסדר. ווען דאס גאנצע לעבען איז אבגעשפארט פאר איהם דורך דעם פארהאנגענעם קראנקען־צימער, פראדוצירט זיין געהירן, וואס האט פון פריהסטער קינדהייט זיך געשפייזט מיט ווירקליכקייטען, בילדער פון ברענענדער רעאליטעט, וואס אי־בעטרעפען די ווירקליכקייט. ער כאפט ארויס ניואנסען, וואס מיט איין ווענד מאהלען זיי א פאסירונג. קיינמאל פריהער האט ער ניט געוואוסט אזוי צו מישען זיינע פארבען, ווי צ. ב. ש. אין יענער אבפאהר־סצענע אין „בימיני“: דער גאלדשטראם, דער ברעג פון אינזעל קובא, דער בלויער הימעל, דער שימערירענדער עולם, דער פורפור־באלדאכין פון בישאף, גאלד־בראקאט, גאלדיג־געלע זונען־שירמס, ווי ריעזיגע שוואמען, דער אלטאר־געשטעל אונטער׳ן פרייען הימעל, מיט בלומען, הייליגע בילדער, פאלמען, בענדער, זילבערנע כלים, גאלדפליטער און לוסטיגפינקלענדע וואקסליכט. קיינמאל פריהער וואלט איהם ניט איינגעפאלען אזא דעטאל, ווי אין „וויצלי פוצלי“, אז די שפאנישע כלי־זין דריקען אב אין לאנג־זאמע רינגען אראבעסקען אויף די נאקעטע אינדיאנער ברוסטען. ער קען ניט צוזאמענברייגנגען א גאנצען געביי, די איינצעלהייטען פארפיהרען דעם קינסטלער, און עס שיינט. אז ער האט שוין גאר קיין חשק ניט און קיין עהרגייץ ניט צו שאפען אבגערונדערטע קונסטווערק. איהם געהט נאר אין דעם ארויסצוציבערן די פאר־געטערטע ווירקליכקייט, וועלכע האט זיך פאר איהם פארשלאסען.

אבער נעבען דעם באדערפניש צו שאפען זיך די אילוזיע פון ווירקליכקייט, זוכען זיך א וועג דורך זיינע לעצטע ווערק די נייע פערזענליכע אינהאלטען פון זיין נשמה. פון דעם באזונדערן גע־פיהל פון אונטערוואראפענקייט צום שיקזאל, פון דעם געפיהל פון איינעם, וואס זעהט זיין מפלה, פארמירט ער דאס שיקזאל פון זיינע העלדען, דיכטער און פרויען. עס געפעלט איהם, מיט זיין אייגענעם

אַרימען און צושעדיגטען לעבען אנצושטעקען דעם שעהנעם שלימזל'ניק פירדוס: און זיין ביטערן וועלטגעפיהל, וואָס די אומשטענדען האָבען אין איהם ארויסגערופען, קיהלט ער מיט דעם אונטערגאנג פון א פאָלק, פון א פאמיליע. אין די „העברעאישע מעלאַדיען" ווידער, וואָס שליעסען דעם „ראַמאַנצערא" הערען מיר פלוצלינג ארויסקלינגען פון א לאנגען, לאנגען שווייגען דעם פארשטיקטען צוזאמענהאנג פון דיכטער מיט זיין פאָלק. עס וואָלט ניט געהייסען פאר איהם קומען צו זיך, ווען ער זאָל ניט געווען אנטאָפען אין זיך דעם מוטערליכען באָדען. און ווען ער הויבט ארויס פון שטויב די טהאטען און אדעלקייט פון זיינע אבות, טהוט ער עס אויס א טיעפען באדערפניש זיך צו באהויפטען. וואָס עס האָט מיט יאָהרען צוריק, אין „ראבי פון באכעראך" געוואָלט לאָזען הערען פון זיך און איז פלוצלינג שטום געבליבען, ברעכט איצט אויס חנ'עוודיג, רייך, פול, גלענצענד — ענטציקענדע מתנות ווי פון א לאנג פארבאָרגענעם אויסגעבענקטען אוצר ארויס. צוזאמען מיט'ן גאָט פון ביבעל געפינט ער אויך צוריק דאָס פאָלק פון ביבעל, אבער אזוי ווי געגען גאָט, באהויפט ער אויך געגען פאָלק זיין פולסטע, מונטערסטע פרייהייט: סיי אידישע, סיי קריסטליכע גלויבענס־קנאה בלייבען פאר איהם טיעף אונטער דעם, וואָס ער גילט פאר איהם איצט אלס זיין אמת, און ער שליעסט די „העברעאישע מעלאַדיען" מיט א בורלעסק דריידעל, וואָס פארפליכטעט איהם צו קיין זאך ניט.

נעבען ראַמאַנסען און באלאדען, וואָס האלטען באשעפטיגט זיין פאנטאַזיע, שאפט דער פאָעט נאָך ליעדער, וואו זיין נשמה רעדט זיך אויס ניט פארשטעלטערהייד — ריינע ליריק. די „לאמענטאציינען", הויפטזעכליך דער אבשניט „לאַצארוס", רעפרעזענטירען דעם מין אין „ראַמאַנצערא". פאר דרייסיג יאָהרען האָט דער יונגער מאַן געגאַרט נאָך אַן „אינערליכער געשיכטע". האָט ער זיך געמוזט אביסעל אונטערהעלפען און האָט זיך איבער אנגעשטרענגט, איבערגעכאפט דעם טאָן. ד״ר שטארבענדער פאָעט איז פול מיט „אינערליכער געשיכטע", און דאָס איינפאכע, ערשטע בעסטע וואָרט איז גוט, ווען עס טרעפט נאָר אין קערן פון דער

איבערלעבונג. אנשטאט מעלאדיעז, אין וועלכע זיינע שמערצעז פלעגעז פריהער זיך מיט אזא הנאה אויסזינגעז, געברויכט ער איצט גערן דעם גרימיגעז הארטעז האמער־פערז; דער שפּראכלי־כער אויסדרוק פאַרמט זיך איצט ניט לויט דער מעטרישער מעלא־דיע: דער זאַץ ברעכט דורך די גרענעצעז פון מעטר און שטעלט זיין אייגענעם ריטם, לויט דעם געפיהל, וואָס פליסט אונטער איהם. עס רייסעז זיך דורך שניידענדע טאַנלאַזיגקייטען, אונמעלא־דיען: „...וואָס איז גוט און גרויס און שעהן, דאַס האָט א שלעכטען סוף". „איך וויין ווען איך געדענק אָן איהר"...; אין אַט די ליעדער מאכט זיך א וועג יענע פינסטערע גבורה, מיט וועל־כער דער שטאַרבענדער גראבט זיך אין זיין געדעכטנים — אין דעם דורכגעליטענעם, אין די חרפּות און בושות. דער ציניזם קומט צום ווארט. שאנעוועט זיך ניט און רופט אלע זאכען ביים נאָמען אָן, און פון צייט צו צייט, אָהן שום אבשיי פאר וועלכען עס איז מאַראַלישען פּרינציפּ, פּארקרימט זיך דער פערז מיט א ווילדער גרימאסע פון נקמה, יאמערט אוים א קללה. דאָס פּראוועט די לעבענסקראַפט איהר לעצטע פינסטערע ארגיע. און עס ווערט שטיל, און עס רעדט די געלאסענע ביטערקייט, אין וועלכער די אונהיילבארע קראנקהייט, דער נאָהענטער טויט פאַרבט די וועלט פון אינעווייניג און פון דרויסען.

אין 1854 איז ערשיענען היינעס לעצטע פּובליקאציע — די „פערמישטע שריפטען", וואָס האָבען ענטהאלטען נייע געדיכטע. די „געשטענדניסע", קלענערע פּראזא־שטיקער, צווישען וועלכע דאָס גלענצענד געשריבענע געדענקוואַרט אויף לודוויג מארקס און, דער עיקר, די צווייטע סעריע קאָרעספּאָנדענצען אין דער „אויגסבורגער אלגעמיינער צייטונג". אין די „געשטענדניסע" האָט ער געגעבען א שטיק זעלבסט־ביאגראפיע. דאָס באדערפניש איבער־צוזעהן זיין עקזיסטענץ אין א צוזאמענהאנג האָט ער שוין דער־שפּירט ביים סאמע שוועל פון זיין ליטעראַרישער קאריערע; איצט, ווען ער איז געשטאַנען נאָך אמאָל ביים שוועל, האָט דאָס באדערפ־ניש ווידער ערוואַכט אין איהם. זייט 1854 איז ער געווען באשעפ־טיגט מיט א נייער בעארבייטונג פון זיינע מעמוארען. אבער שוין

אין 1840 האבען עקזיסטירט פיער מאנוסקריפטען־בענדער, וועלכע ער האט צום גרעסטען טייל, אוים איינזעהעניש מיט דער האמבור־גער פאמיליע פארניכטעט. וואס צו אונז איז דערגאנגען פון דער נייער בעארבייטונג, וואס ער האט איצט אונטערגענומען, נעמט נאר ארום די געשיכטע פון דער קינדהייט; אהן ספק, עס איז געווען פיעל מעהר. א מעמוארען־ווערק וואלט געווען זיין אייגענטליכער גרויסער שעפפערישער אויסדרוק: ווארים זיין גאנצע שאפונג ציעלט אויף זעלבסט־שילדערונג, אויף דער אויסליפערונג פון זיין איך. ביז קורץ פאר זיין טויט האט מען איהם געזעהן באשעפטיגט דערמיט.

## זיבעטער קאַפּיטעל.

## היינעס לעצטע ליעבע — די „מוש“.

דעם טויט־קראַנקען דיכטער איז באַשערט געוועזן, שוין ביים שוועל פון קבר, זיך נאָך אַמאָל צו פאַרליעבען מיט אַ גליהענדער ליעבע אין אַ יונג מיידעל. די „מוש“—פליעג, ווי דער דיכטער האָט איהר אַ צונאָמען געגעבען — איז געווען די לעצטע פון די פיעלע שעהנע און גייסטפולע פרויענגעשטאַלטען, וואָס האָבען אַרומגע־רינגעלט, אָדער ריכטיגער: אַרומגעשוועבט אַרום דעם קראַנקען־בעט — די מאַטראַצען־גרוב — פון דיכטער. זי איז געשטאָרבען אַלס לעה־רערין פון דער דייטשער שפּראַך און ליטעראַטור אין הערבסט פון יאָהר 1896, אין דער אַלטער פראַנצויזישער שטאָדט וועזן, אין עלטער פון 62 יאָהר.

שוין ביים לעבען פון דער דאַמע, האָבען היינעס ביאָגראַפען און קאָמענטאַרען, איינער איבער'ן אַנדערן, געזוכט צו שילדערן איהר לעבען און פּערזאָן אַזוי ראָמאַנטיש, ווי נאַר מעגליך. איהר פאַרהעלטניס צו היינע איז ווירקליך געווען נאָך מעהר ווי ראָמאַנ־טיש. מען וועט אומזיסט זוכען אין דער גאַנצער ליטעראַטור־גע־שיכטע אַן עהנליכען ביישפּיעל, דאָס ערקלערט איבערגענוג דעם פליים פון די ביאָגראַפען.

עס איז טאַקע אַ שאָד צוצרייסען דעם שלייער פון ראָמאַנטיק, וואָס צאַרטע און צוגלייך שטאַרקע הענד האָבען אויסגעוועבט אַרום איהר, אָבער עס בלייבט נאָך גענוג מיסטישעס און מערקווירדי־געס אין איהר לעבענסגעשיכטע, אום צו קענען רייצען די נערוועז פון די פאַרצויגענע דאַמען, ווען אַפילו מען זאָל זאָגען דעם פולען אמת וועגען איהר.

עס איז געווען אין אַ שעהנעם אָקטאָבער פריהמאָרגען פון יאָהר 1855, ווען אַ יונגע דאַמע האָט פאַרלאַנגט אריינגעלאָזען צו

ווערען אין היינעס וואהנונג. זי האט געהאט דעם דיכטער אי־בערצוגעבען אייניגע קאמפאזיציעס אויף זיינע ליעדער פון אייר־נעם א פארעהרער זיינעם, באראן וועסקע פאן דיטלינגען אין וויען. די פריילין איז געווען נעט, שלאנק געבויט, פון מיטעלען וואוקס, העלברוינע לאקען האבען איינגעראמט איהר חנ'עוודיגען קלוגען געזיכט. איבער איהר צולאזען פאררימען נעזעל האבען בלויע אויגען געקוקט זים און שעלמיש. זי איז געוועזן ליעבעס־ווירדיג און האט פארשטאנען דעם דיכטער צו פארשיטען מיט א בלומען־רעגען פון קאמפלימענטען. און עס איז קיין וואונדער ניט, וואס זי איז דעם דיכטער געפעלען. ווי א זונען־שטראהל וואלט ארייננעדרונ־גען, אין זיין איינזאמען קראנקען־צימער. עס האט איהם געפרעהט צו זעהן א פערזאן ביי זיך, וואס איז געווען „דארט אונ־טען". ביי די ווערטער „דארט אונטען" האט זיך ביי איהם ארויס־געריסען א זיפץ, וואס האט אבגעקלונגען ווי אן עכא פון א גוט־באקאנטער, אבער שוין לאנג ניט געהערטער מעלאדיע. און אזוי איז ביים קראנקען־בעט פון דיכטער, אין אנגעזיכט פון טויט גע־שלאסען געווארען א פריינדשאפטס־בונד. און ווען די דאמע האט זיך אויפגעהויבען אוועקצוגעהן, האט היינע איהר געגעבען א בוך און דריגענד געבעטען ווידער צו קומען. זי האט געהאלטען די איינלאדונג בלויז פאר א העפליכקייט און זי איז מעהר ניט גע־גאנגען מורא האבענדיג צו בעאונרוהיגען דעם קראנקען. איז אבער די איינלאדונג איבערגע'חזר'ט געווארען שריפטליך, אין אזא שמיי־כעלהאפטער פארם פאר איהר, אז זי האט גלייך אויף מארגען זיך צוגעאיילט צו קומען.

פון דעם טאג אן האבען די באזוכען פון דער מוש ערשט אויפגעהערט, ווען היינריך היינע האט מיט פינף מאנאטען שפעטער, אין א גראהען פעברואר באגינען אויסגעהויכט זיין לעצ־טען אטעם. אזוי איז דאס דאזיגע פארהעלטניס, אהן צווייפעל, דאס אינטערעסאנטעסטע פון דעם דיכטערס לעצטע לעבענס־יאה־רען. אין א קליין ביכעלע האט זי אליין א מין רעכענשאפט אבגע־געבען איבער איהר פריינדשאפט־בונד מיט היינען. ווען מען זאל פון איהר באריכט אבציהען דאס, וואס איז אפען ניט ריכטיג, און

דאס, וואס האט מעגליך אין פארלויף פון יאהרען זיך פארמישט אין איהר זכרון און צולעצט וואס זי לאזט אבזיכטליך ערשייגען אין א צו ראזיגער באלייכטונג, בלייבט נאך גענוג אינטערעסאנטעס און מערקווירדיגעס.

„אונזערע גייסטער" — האט היינע צו איהר אמאל געזאגט— „זיינען נאהענט פארוואנדט, און דארום האב איך פון דיר גארנישט צו פארבארגען". יעדענפאלס זייערע באציהונגען זענען געווען באגרינדעט אויף פאלשטענדיגען געגענזייטיגען פארטרויען, וואס מיר האבען שוין געוואוסט, איידער זי האט אין 1884 פארעפענטליכט איהרע ערינערונגען, פון היינעס בריעף צו איהר — 23 אין צאהל — וואס זענען שוין פריהער ערשיענען. היינע האט די יונגע דאמע באלד נאכ'ן ערשטען באזוך געדוצט און דורך דעם געוועקט אין איהר א געפיהל פון פארטרויליכקייט. נאך דעם זיגעל, מיט וועלכען זי פלעגט געוועהנליך פארזיגלען איהרע בריעף, האט ער איהר דאס געגעבען דעם צונאמען: מוש (פליעג). זי האט פארשטאנען ווי זיך ניצליך צו מאכען דעם דיכטער. בעת זיין סעקרעטער איז קראנק געווארען, האט זי זיך אנגעבאטען צו זיין זיין שטעלפארטרעטערין. זי האט געלעזען די קארעקטורען פון זיינע שריפטען, באזארגט פאר'ן קראנקען אלערליי נויטיגקייטען. מאנכעס מאל איהם פארגעלעזען: דייטשע קלאסיקער, פראנצויזישע ראמאנען, פאליטישע צייטונגען. היינעס באמערקונגען, וואס זי דערצעהלט איבער אדער פון זכרון אדער פון איהר נאטיץ־ביכעל, זענען גייסטרייך און פאר דער לאגע פון דיכטער מאנכעס מאל זעהר כאראקטעריסטיש.

אבגעזעהן פון קליינינקייטען און אייניגע איבערטרייבונגען, וואס מען מוז דער דאמע ענטשולדיגען, זענען איהרע ערינערונגען ווערטפול און אינטערעסאנט, דען עס שטעהט אהן צווייפעל פעסט, אז היינע האט געפיהלט צו איהר דעם לעבעדיגסטען אינטערעס, וואס פלעגט אין די ליידענשאפטליכע מאמענטען זיך דערהויבען ביז צו ליעבע. ווען זי האט אין זומער צוליעב איהר געזונד געמוזט אברייזען נאך ווילדבאד, האט זי פון היינען באקומען די צערטליכסטע בריעף, איינער פון זיי הויבט זיך אן מיט די ווערטער:

„אלערליעבסטע זיסע מוש! אדער זאל איך דיך ניט רופען נאך דיין זיגעל, נאר נאך דעם פארפיום פון דיינע בריעף! דאן מוז איך דיר זאגען, מיין אלערליעבסטע מאשום קעצעל!" און צום שלום: „יא, איך פרעה מיך דיך צו קענען ווידערזעהן, דו מיין הארצענס ליעבסטע מוש! די רייצענדסטע מאשום קעצעל, וועלכע איז צוגלייך אזוי זאנפט, ווי אן אנגארא־קעצעל, דער סארט, וואס איך ליעב אם מעהרסטען. א צייט לאנג האב איך ליעב געהאט די טיגער־קאצען; דאך די זענען צו געפעהרליך, און די לעבעדיגע איינדרוקען, וואס זיי האבען מאנכעס מאל איבערגעלאזט אויף מיין פנים, האבען מיר גאר ניט געשמעקט. איך פיהל מיך זעהר שלעכט. בלויז שלאקענישען, אנפאלען פון ווילדעסטע שמערצען, וואוס געגען מיין צושטאנד, וואס איז האפנונגסלאז! א טויטער, וועלכער דארשט נאך דעם גליהענדסטען געניס פון לעבען. דאס איז שויד דערליך!".

ווען זי האט פון ווילדבאד ווידער זיך צוריקגעקעהרט קיין פאריז, איז זי נאטירליך ווייטער אנגעגאנגען מיט איהרע באזוכען ביי היינען. גלייכצייטיג האבען זיי אנגעהאלטען א לעבעדיגע פאטשט צווישען זיך. מעהרערע פון די צעטעלעך עקזיסטירען נאך. אונטער די מעהרסטע שרייבט ער זיך אונטער „נבוכדנצר 2", ווייל, ווי ער אליין ערקלערט, ער איז אזוי נאריש ווי דער קעניג פון בבל און עסט נאר קרייטיכער, וואס זיין קעכין רופט שפינאט. געשריבען אין די פארשידענסטע טענער, זענען די צעטעלעך מעהרס־טענס אויפפאדערונגען צו קומען: זיי איבערלויפען מיט צערט־ליכקייטען. ער רופט איהר זיין „אלערליעבסטע, רייצענדסטע קע־צעל", זיין „לאטאסבלום"; ער גארט נאך איהר אנבליק, דען זי איז „די לעצטע בלום פון זיין טרויעריגען הערבסט". איינער פון די בריעף לייענט זיך אזוי: „וואס אפטער דו זאלסט קומען, אלץ גליקליכער וועל איך זיין, מיין ליעבע קליינע, אלערדרייצענדסטע מוש, קום, זשום מיט דיינע קליינע פיסעלעך ארום מיך ארום! איך קען א ליעד פון מענדעלסזאהן, מיט א רעפרען: „קאממע באלד!". די מעלאדיע געהט מיר ניט פון קאפ ארויס! „קאממע באלד!" אן אנדערש מאל: „איך בין אזוי קראנק! נאך קיינמאל

איז א דיכטער עלענדער ניט געווען אין מיטען פון זיין פולען גליק, וואס ווי עס וואלט געשפאט פון איהם. איך קוש דיין גאנצע ליעבליכקייט — אבער נאר אין דער פאנטאזיע. איך האב דיר כישט מעהר אנצובאטען ווי נאר פאנטאזיע, ארימע מיידעל!״.

ווי האט זיך נייגיעריגע וועלען געווים שטעלען די פראגע: פרוי מאטהילדע פארהאלטען צו דער מאדנער איינברעכערין? איך גלויב, אז זי האט די דאמע איגנארירט, ווייל זי האט איהר קוים געקאנט ווערען געפעהרליך. אנדערע באהויפטען פארט, אז פרוי מאטהילדע האט אפילו ביי יענע אומשטענדען איהר ברע־נענדע אייפערזוכט ניט געקענט דערשטיקען און האט מעהר ווי איינמאל דייטליך ארויסגעוויזען איהר אנטיפאטיע צו דער פרעמ־דער. און די גוטע מוש האט זיך דערפאר מיט איהר אבגערעכענט. און האט אין איהרע ערינערונגען אנגעווארפען א זעהר אונ־גינסטיגען בילד פון פרוי מאטהילדע. בעסער האט די מוש זיך פארטראגען מיט דער שוועסטער פון דיכטער, פרוי שארלאטע עמבדען. דער אופן, ווי אזוי ער האט זיין געליעבטער שוועסטער פארגעשטעלט זיין פריינדין, איז זעהר כאראקטעריסטיש פאר׳ן דיכטער. ער האט אבגעדריקט א קוש אויף איהר שטערן און א זאג געטהאן: „דאס איז מיין מוש!״. ווי זי אליין דערצעהלט, האט זי נאך לאנג גערעדט אין דערבייאיגען צימער מיט דעם דיכטערס שוועסטער פון דעם, וועלכער איז ביידען טייער געווען, און דערביי איז קיין זאך ניט באריהרט געווארען, וואס זאל ארויסרו־פען א שלעכטען נאכ׳טעם״.

די פירסטין דעלא ראקא — היינעס פלימעניצע — דער־צעהלט אין איהרע ערינערונגען וועגען אן אינטערעסאנטען קווי־פרא־קווא ביים קראנקען־בעט פון דעם דיכטער, וואס זי האט נאר געקענט ערפאהרען פון איהר מוטער, היינעס שוועסטער. ווי פאר אנדערע, האט היינע אויך פאר זיין פריינד, דעם פראנצויזישען דיכטער בעראנזשע, אפט גערעדט מיט באגייסטערונג פון דער מוש. יענער, פון אלעמאל א גרויסער פארעהרער פון פרויען־שעהנ־הייט, האט אויסגעדריקט א שטארקען וואונש זיך צו באקענען מיט איהר. מען האט אבגערעדט א ראנדעוואו, אבער דער זכרון פון

אַלטען בעראַנזשע איז שוין געווען אָבגעשוואַכט און ער האָט פאַרגעסען דעם טאָג און די שטונדע. איז ער נאַטירליך געקומען אין אַ גאַנץ אַנדערער, ווי די אָבגערעדטע צייט, צו טרעפען מוש, און ער האָט ווירקליך געפונען אַ דאַמע זיצענדיג אויפ'ן ראַנד פון היינעס בעט און אין האַלבדונקעל פון קראַנקען־צימער האָט ער איהר אָנגענומען פאַר דער מוש. ערשט שפּעטער האָט ער זיך דער־וואוסט וועגען זיין טעות, דען די דאַמע איז געווען — פרוי שאַר־לאַטטע עמבדען. גאַלאַנט און ליעבענסווירדיג, ווי אַלע פראַנצויזען, האָט ער זיך קונציג אַרויסגעדרעהט פון דער פאַרלעגענהייט און זיך צושאָטען פאַר איהר מיט קאָמפּלימענטען.

אָבער אויך די אַנטיפּאַטיע אָדער גלייכגילטיגקייט פון פרוי מאַטהילדע האָט ניט געקענט שטערען דעם מערקווירדיגען ראָמאַן צווישען היינע און זיין יונגער פריינדין. זי האָט פאַרטגעזעצט איהרע באַזוכען, און ער איז פון טאָג צו טאָג געוואָרען פאַרטרוי־ליכער, יאַ — ליידענשאַפטליכער. איין טאָג האָט ער פאַר איהר איבערדערצעהלט אַ וואונדערליכען טרוים, וואָס ער האָט געהאַט און וואָס האָט איהם געזאָלט געבען דעם שטאָף צו זיין לעצטען גע־דיכט. ער איז געווען טויט און איז געלעגען שטייף און אונבאַוועגליך אין אַ הערליכען מאַוזאָליי, וואָס די האַנד פון אַ גרויסען קינסטלער האָט געשאַפען אין דער פאָלקאָמענסטער פאָרם פון קאָסטבאַרסטען מאַרמאָר. די וואונדערבאַרע רעליעפען האָבען פאַרגעשטעלט דאָ ער־האַבענע, דאָ קאָמישע סצענען; דאָ הייליגע, דאָ לעבערליכע ביל־דער. דאָס איז געווען אַ דענקמאָל, וואָס האָט ווייט איבערטראָפען אַלע איבריגע אין גרויס און פּראַכט. צופוסענס פון סאַרקאָפאָג האָט געבליהט פון דער ערד אַרויס אַ בלום פון טונקעלער פאַרב, מיט איינאַיינציגען בעכערל צווישען די שפּיזען־אַרטיג געשניטענע בלעטער. און אין דעם בלאַסען בעכערל האָט מען דייטליך געזעהן די מאַרטערגעצייג פון קריסטוס'עס יסורים־טעג. פּלוצלינג איז די בלום באַלעבט געוואָרען און האָט אָנגענומען אַ מענשליכע גע־שטאַלט. אַ זיסער, טרויעריגער פּנים האָט זיך מיט ליעבע אַרוי־בערגעבויגען איבער'ן טויטען, און דער טויטער האָט גלייך דער־קענט די געשטאַלט.

ווי האָט היינע זיך אויסגעלייגט דעם צויבערליכען טרוים? דאָס איז געווען דאָס ווייטע פאטערלאנד, אבער ניט געבערענט האָט עס מעהר מיט פינסטערן צארן, נאר זאנפט און מילד האָט עס געשמייכעלט צום דיכטער — צום מענשען, אין וועמעס לעבען די ליעבע צו זיין פאטערלאנד האָט זיך דורכגעצויגען אין פאר־שיעדענע זיך וועקסלענדע געשטאלטען. דער דאָזיגער טרוים־בילד פון דער שוועבעל־געלער ליידענסבלום איז געוואָרען די טעמא פון היינע'ס לעצטען געדיכט, וואָס איז געווידמעט צו מוש. עס קלינגט ווי אן אבשלום פון זיין פאָעטישע וועלט־אנשויאונג:

די געגענזעצע זינד היער גרעלל געפאארט,
דעם גריעכען לוסטזין און דער גאָטגעדאנקע
יודעאס! אונד איין אראבעסקענארט
אוםביידע שלינגט דער עפהעי זיינע ראנקע.
און דיזער שטרייט ווירד ענדען נימער מעהר,
סטעטס ווירד די וואהרהייט האדערן מיט דעם שעהנען.
סטעטס ווירד געשיעדען זיין דער מענשהייט העער
אין צוויי פארטיי'ן: בארבארען אונד העללענען!

דערווייל איז דער צושטאנד פון קראנקען דיכטער געוואָרען אלץ געפעהרליכער. ער האָט געשפירט דעם נאָהענטען סוף, אבער נאָך איינמאָל האָט די, ווי שוין פערלאָשענע, פלאם פון לעבענס־קראפט און לעבענסלוסט ווידער אויפגעפלאקערט אין די ערשטע וואָכען פון יאָהר 1856. באזונדערס גערן האָט ער אין יענע טעג גערעדט צו דער מוש וועגען זיין יוגענד; דער בלאָסער ווערא־ניקא, דעם קלויסטערגארטען, דעם רהיין און די בעדער פון לוקקאו און מיט א באזונדערן פארגעניגען האָט ער זיך צוגעהאָרכט, ווען זי איז געזעסען לעבען איהם און איהם פארגעלעזען מיט איהר מעלאָדישער שטימע. היינע'ן איז שטארק געווען געפעלען א ליעבליכע מעשה'לע, וואָס לאבולע האָט דאמאָלס געהאט פארעפענטליכט אין „זשורנאל־דע דעבא". די מוש האָט איהם יעדעס מאָל עס געמוזט פארלעזען. א ריהרענדע סצענע האָט זיך אָבגעשפיעלט ביי זייער לעצטען צוזאמענזיין. צוליעב א פארקיהלונג איז זי עטליכע טעג געווען ניט געקומען. און ווען זי איז ווידער אריינגעטרעטען אין קראנקען־

צימער, איז איהר אויפגעפאלען די טויטע בלאסקייט פון זיינע ליפען. ער האט אויסגעזעהן באזונדערס עלענד. „ענדליך ביזט דו דא!" האט ער איהר אנטקעגענגערופען. ער איז צו איהר ניט געווען אזוי ליעבליך ווי אלעמאל, און זי האט אויסגעבראכען אין א געוויין. האט ער איהר צוגערופען און זי האט זיך געמוזט אנידערזעצען אויפ'ן ראנד פון בעט. „נעהם דעם הוט אראב, איך זאל דיך בעסער קענען זעהן" — האט ער א זאג געטאן און מיט א לאס־צענדער באוועגונג א ציה געטאן דאס בענדעל פון הוט. טיעף גערירט, האט זי אראבגעווארפען דעם הוט און געפאלען פאר'ן בעט. אומזיסט האט זי געפרובט איינצוהאלטען איהר שלוכצען. קיין ווארט איז ניט ארויסגערעדט געווארען, אבער די האנד פון פריינד האט די גאנצע צייט גערוהט אויף איהר קאפ, ווי בענשענדיג איהר. דאן האט זי לאנגזאם געגומען ארויסגעהן פון צימער. זי האט שוין געהאט דעם שוועל איבערגעטרעטען, האט צו איהר אויער דערגרייכט דער קלאנג פון זיין שטימע — דייטליך, אבער ווי ציטערנדיג פון געהיימער אנגסט: „אויף מארגען, הערסטו, פארזאם זיך ניט". אויף מארגען איז היינע שוין געווען טויט.

פריה באגינען איז דער גרויסער טרייסטער און ערלעזער — דער טויט — צוגעטרעטען צו זיין בעט. ווען די מוש איז אריינגעקומען, האט זי נאר א בר מנן דערזעהן. ער איז געלעגען אין ארון. ווי א סטאטוע, מיט מאיעסטעטישער רוהיגקייט. „קיין שפור פון מענשליכע ליידען און ליידענשאפט איז ניט איבערגעבליבען אויפ'ן קאלטען ערדענעם קלייד; דער טויט, וועלכען ער האט אזוי געליעבט און באזונגען, האט געוואלט זיין גערעכט צו איהם און געשאפען א בלייבען מארמארגעזיכט, וואס מיט זיינע רעגעלמעסיגע שטריכען האט עס דערמאהנט די רייגסטע מייסטערווערק פון גריכישער קונסט".

מיט אט דעם טאן פון פרידען און פארגעבונג שליעסט די מוש איהרע ערינערונגען. אבער דער נייגיעריגער לעזער וועט זיך ניט וועלען בארוהיגען. ערשט רעכט וועט ער פרעגען: ווער איז דאס געווען די וואונדערליכע פרויען־געשטאלט? ווער איז געווען די מוש?

עס איז גענוג מערקווירדיג, וואס ביז צו איהר טויט האט זי פארשטאנענן זיך צו פארדעקען מיט א מיסטישען שלייער. זי האט איין איהרע יונגע יאהרען צוגערופען צו אלע איהרע פארעהרער: „דו זאלסט מיר קיינמאל קיין פראגען ניט שטעלען". אויף דער עלטער האט זי זיך צוריקגעצויגען אין א שטילען ווינקעל אום זיך אויסצובאהאלטען פון דער נייגיעריגקייט.

צוערשט איהר נאמען. אבער דא בלייבט מען שוין שטעהן. עס זענען באקאנט דריי נעמען, מיט וועלכע זי האט זיך גערופען אין פארשיעדענע צייטען. צום ערשטען מאל לאזט זי דערקענען פאר דער וועלט אלס פריילויין וואן־בעלגערן. מיט פינף יאהר שפע־טער שטעלט זי זיך פאר היינען מיט'ן נאמען עליזע קריניץ, און ווען איהרע ערינערונגען זענען ערשיענען, האט זי צו אלעמענס איבערראשונג שוין געהייסען קאמילא זעלדען, און אונטער דעם נאמען האט זי פארלאזען די וועלט; דעם אמת'ן נאמען וויים אבער קיינער ניט. אויך איהר אבשטאמונג איז איינגעהילט אין חושך, וואס איהרע ערינערונגען האבען אויף א האר ניט קלארער געמאכט. שיילט מען ארוים די פאקטען פון די פראזען, מיט וועלכע זי זוכט זיי צו פארוויקלען, דארף מען שליעסען, אז זי איז געוועזען אן אונ־געזעצליכע טאכטער פון אן גובערנאנטין און האט פארבראכט איהר יוגענד אונטער זעהר פארענדערליכע פארהעלטניסען.

אז זי איז א דייטשע געווען, איבער דעם לאזט זי קיין צוויי־פעל ניט, אבער איהר געבורטס־ארט האט זי ניט אנגערופען. זי זאל זיין אוים פראג אדער אוים זאקסען. יעדענפאלס, צווישען דרעזדען אין פראג איז איהר וויעגעלע געשטאנען.

מען זעהט פון אלץ, אז די דאמע האט געהאט פיעל צו פאר־בארגען; דען ניט וועניגער ראמאנטיש און מערקווירדיג ווי איהר קינדהייט, איז געווען איהר יוגענד. אין איהר 15טען לעבענס־יאהר איז זי געקומען מיט איהר מוטער קיין פאריז און זאל דארט מיט דריי יאהר שפעטער האבען געהייראט מיט א פראנצויז, וועלכער איז אבער נאכ'ן ערשטען רויש פון האניג־חודש שוין זאט געווען מיט איהר, און אזוי ווי זיין הארץ האט שוין געהערט צו אן אנדע־רער, האט ער געזוכט פון איהר פטור צו ווערען, און אויף א

מערקווירדיגען אופן. איין שעהנעם פריהמארגען באט ער זי אז צו באגלייטען איהם אויף א געשעפטסרייזע קיין לאנדאן. די יונגע פרוי האט מיט פרייד איינגעשטימט. אבער אין לאנדאן האט ער איהר גענומען באהאנדלען אויף דעם שענדליכסטען אופן. ניט גע־געבען גענוג צום עסען און איהר פארשלאסען אין צימער, ווען ער איז ארויסגעגאנגען. אייגמאל איז ער געקומען א היים אין בא־גלייטונג פון א דאקטאר, ועמען ער האט געבעטען זיין פרוי צו אונטערזוכען, וויל ער האלט איהר פאר קראנק. „איך בין אבער ניט קראנק!" — האט זיך זיך אבגערופען ערשטוינט. דער בראווער מאן האט איהר געהייסען שווייגען, וויל ער וויים בעסער. אין צוויי טעג ארום האט זיך א קארעט אבגעשטעלט פאר זייער טהיר און דער מאן האט אויפגעפאדערט מארגא — דען אזוי האט זי יע־מאלט געהייסען,—צו פאהרען מיט איהם שפאציערען. אבגעשטעלט האבען זיי זיך פאר א שעהנער ווילא, וואו זיי זענען אויפגענומען געווארען פון א פריינדליכען אלטען. יענער האט אריינגעפיהרט מאדאם מארגא אין א גארטען־צימער, דארט האט דער ליעבער מאן ארויפגעדריקט איהר א קוש אויפ'ן שטערן און מיט א מיט־ליידיגען „אדיע, ליעבעם קינד" האט ער פארלאזען דאם הויז.

דאס איז געווען א משוגעים־אנשטאלט. כמעט געלעהמט פון שרעק, האט זי צוערשט זיך גאר ניט געקענט פארשטענדיגען מיט'ן דאקטאר, אבער שפעטער האט יענער זיך איבערצייגט, אז זי איז ניט גייסטיג קראנק. אויך די איבריגע דאקטוירים זענען גע־קומען צו דערזעלביגער איבערצייגונג. מען האט איהר באפרייט פון משוגעים־הויז און איהר אריינגעבראכט אין א פאמיליע. נא־טירליך האט זי באלד דורכ'ן געריכט ארויסגעקראגען פון מאן א גט. און זי האט שוין געהאט באשלאסען קיינמאל זיך ניט צוריק צוקעהרען קיין פאריז, דאך ווען די שטארבענדע מוטער האט איהר גערופען צו זיך, האט זי ניט געקענט ווידערשטעהן דעם רוף און זי איילט צוריק קיין פאריז. איז זי שוין דארט פארבליבען.

אזוי דערצעהלט די פירסטין דעללא ראקא אין איהרע ערינע־רונגען וועגען היינען.

עס בלײבען געװיס רעטעניש אין דער געשיכטע פון דער דאַ־מע, אָבער דאָס הױפּטרעטעניש, װי מיר דוכט, איז איצט געלײזט. זי איז געװען דאָס אמת׳ע „מײדעל פון דער פרעמד". קײנער האָט ניט געװאוסט, פון װאַנען זי איז געקומען, װאוהין זי איז געגאַנגען, אָבער זי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך מתנות און פרוכט, און װאָס נאָך מעהר: זי איז געװען די לעצטע ליבע פון שטאַרבענ־דען דיכטער, און אַלס אַזעלכע פאַרדיענט זי דערמאָהנט צו װערען מיט דאַנקבאַרקײט פון די קומענדע דורות.

* * *

אין גראַהען פריהמאָרגען פון 17טען פעברואַר 1856, איז הײנ־ריך הײנע געשטאָרבען. זײן שװאַנען־ליעד איז געװען דאָס ליעד פון דער שװעבעל־געלער לײדענס־בלום, װאָס מיר האָבען פריהער דערמאָהנט. מעהרערע טעג כסדר האָבען איהם געמאַטערט אַנפאַ־לען פון חלשות, קרעמפּ, ברעכען. אָבער ביז זײן לעצטען לעבענס־מאָמענט איז ער געבליבען בײם פולען באַװאוסטזײן, און נאָך אין די שטונדען פאַר דער גסיסה האָבען די בליצען פון זײן גײסט באַ־לױכטען די פינסטערע מאַטראַצען־גרוב. באַזונדערס פײנליך איז געװען די לעצטע נאַכט. דער טױט איז געקומען פינף אַ זײגער אין דער פריה אין אַן אַנפאַל פון ברעכען.

דעם 20טען פעברואַר, אום 11 אַזײגער פאַרמיטאָג איז ער געבראַכט געװאָרען צו זײן לעצטער רוה, אויף מאָן־מאַרטר־בית־עולם, אָהן רעליגיעזע צערעמאָניעס, אָהן פּאַראַדען, לױט זײן אױסדריקליכען װאונש אין דער צװאה. צו דער לויה זענען געגאַנ־גען אַרום הונדערט מענשען, דײטשען און אַ טײל זײנע פרײנד צװישען די פראַנצױזישע שריפטשטעלער.

זײנע לעצטע פערזען זענען געװידמעט דער „מוש". ער האָט געליעבט פיעלײכט צום ערשטען מאָל אין האַרמאָניע מיט זיך גופא. דאָס איז געװען לײדענשאַפטליכער פאַרלאַנג, װאָס האָט אָבער ניט געשטיקט דאָס איבריגע מענשליכע אין איהם. דאַ איז צוגלײך אױך געװען דאָס גליק פון באַװאוסטזײן, אַז דאָס באַזונ־דערע, אינטימע אין איהם איז אָבגעפיהלט געװאָרען פון נאָך אַ װעזען. אַלע ניואַנסען, אַלע טענער פון זײן נשמה האָבען מיטגע־

שפיעלט, אבער ניט ווי אלע מאל יעדער באזונדער, נאר אלע זענען זיי ווי איינס געווארען. אין זיינע ליעדער צו דער „מוש" האט ער באזונגען — מיט שמייכעל, ביטערקייט און ציניזם — די משונהדיגע סיטואציע פון א שטארבענדען ליעבהאבער. אבער צוגלייך אויך הערט זיך דארט דער ריינסטער קלאנג פון ליעבע, ווי נאר קיינמאל פריהער.

* * *

ווער עס לויפט דורך היינעס געזאמעלטע שאפונגען, פיהלט, אז עס פעהלט א צענטראל־ווערק, וואו היינעס אייגענער איך, זיין פערזענליכקייט זאל פארפאעטיזירט ווערען: אזוי פיעל שעהנע איינצעלהייטען ליגען צוואווארפען: מען ווינשט זיך צו געפינען דעם מיטעלפונקט, צו וועלכען די אלע איינצעלהייטען האבען זייער באציהונג. איז דאס געווען דאס גרויסע מעמוארען־ווערק, וואס האט געדארפט אויספילען דעם לעדיגען ארט? מיר שיינט, אז ניין. היינט האט זיינע מעמוארען אנגעהויבען זעהר פריה, אין די צוואנציגער יאהרען, ווען דער שטאף, וואס ער האט געדארפט פארצייכנען איז נאך געלעגען פאר איהם. ווען ער וואלט אזוי אנגעאנגען מיט זיינע מעמוארען, וואלטען זיי ווי א לעבעדיגער שטראם זיין לעבען באגלייט, ניט ווי געטהעם „דיכטונג און וואהרהייט", וואס איז א צוריקבליק אין דער פארגענגענהייט, וואס פארוואנדעלט דאס לעבען אין א געדאנקען־בילד. אין היינעס מעמוארען וואלט די צייט זיך געשפיגעלט ווי א לויפענדער צוג פון וואלקענס אין וואסער. און אונז דוכט זיך, אז דאס איז געווען היינעס טיעפסטע אייגענשאפט: אבצושפיגלען, לאזען דאס לעבענדיגע דורכגעהן דורך זיך און דעמזעלבען אויגענבליק עס צו מאכען צו א בילד, ניט אויסצואווארטען ביז עס וועט זיך באשאפען א ניי, פארוואנדעלט בילד, פארוועבט מיט דעם געהיימניס פון זיין פערזענליכקייט.

ער האט איינמאל א מערקווירדיגע פראגע געשטעלט : „אין גרונד גענומען, וואס איז טיעף? איז דער תהום טיעפער, ווי דער פלאכסטער שפיעגעל, וואס שטראהלט אב צוריק זיין טיעפסטע טיעפעניש?" — ווי ער וואלט געוואלט אוועקמאכען

אן אויגענבליקליכען קאפּשווינדעל, וואָס ער האָט פּלוצ־לונג דערשפּירט, אז אונטער איהם איז קיין גרונד ניטאָ.
פון דאנען נעמט זיך דער באַזונדערער כאראקטער פון זיין פּאָעזיע, מיט איהר דייטליכען בויג צום עפּישען, מיט איהר העכסטען שפּיץ — דער באלאדע. זי בלאָנדזשעט ניט אין די טיעפע טהאלען פון געפיהל, איהר סובסטאנץ איז אין אן אונגע־וועהנליכען גראד דאָס אויסערליכע לעבען. דאָ ליגט זיין אייגענאר־טיגע פּאָזיציע צווישען דיכטער און זשורנאליסט: ער מוז זיך שטענדיג צופיהרען דעם שטאָף פון טאָג, ער מוז זיך מישען אין פּאָליטישען לעבען, — עס רעדט זיך מישען, דאָס איז געווען א טרוימערישעס מיטשפּיעלען. „איך ווייס ווי אייך איז געווען צו מוט, מיר איז אבער גאנץ אנדערש געווען צו מוט“ שרייבט ער אין א בריעף צו לעוואלדען. ער לעבט אין דער רגע, און די איצ־טיגע רגע קען ניט ניט די קינפטיגע און ניט די פערגאַנגענע; דאָס איז דער מקור פון זיינע ווידערשפּרוכען, דאָס הייסט פון דעם, וואָס קומען צו אונז פאר אלס ווידערשפּרוכען, און ווייל ער האָט געפיהרט א שטימונגסלעבען, א לעבען פון נערוועז, ווי זעלטען ווער, האָט ער זיך גענויטיגט צוצושלאָגען זיך צו אן אונבאדינגטען שטאנדפּונקט, צו א וועלט - אנשויאונג. און איינמאָל האָט עס אויסגעזעהן, אז ער האָט זיך באפעסטיגט אין סען־סימאָניזם: אז ער איז אריינגעטהאָן אין איהם מיט לייב און לעבען, אבער באלד — מיט א פּאר יאָהר שפּעטער — עפענט זיך ווידער פאר איהם אן אבגרונד, — און עס ציהט איהם צו „מאראלישער איינהייט“; ער ווייס ניט, אז אזוינס עקזיסטירט פאר איהם ניט. ער האָט דאָס רעליגיעזע, וואָס ער האָט אויפ'ן קראנקען־בעט אין זיך געפונען און נאָר מאָמענטענווייז געפונען, צוגעפיהרט צו דער פאָרמולע פון דעאיזם, צום גלויבען אין א פּערזענליכען גאָט, און גלייכצייטיג לאָזט ער זיך אריין אין גאָטעס לעסטערונג. אן אייגענארטיגע באַדערפניש אין פּאראייג־פּאכונג דורך באַגריפען, כמעט א באַנאלער ראציאָנאליזם, קעמפּט אין איהם זיין לעבען לאנג מיט זיין אונבאוואוסטען איך, וואָס זיין עצם איז וויבּרירונג.

און אין סך הכל דארף מען זאגן: זיין ווערק איז נאך לעבענ־
דיג; עס בעאונרוהיגט, ענטציקט, ווערט געליעבט און געהאסט,
ווי נאר לעבענדיגעס קען געהאסט און געליעבט ווערן. פיעלייכט
איז ער דוקא דערפאר פאפולער, וואס ער האלט זיך אין גאנצען
אין פאדערגרונד פון מענשענלעבען; ווייל אלץ, וואס געהט יעדען
אן — באציהונגען פון מענש צו מענש, פון מאן צו ווייב, פון איינ־
צעלנעם צו דער געזעלשאפט, אין זייער גליק, אבער נאך מעהר אין
זייערע טרויעריגקייטען, ענטטוישונגען און אומגעלומפערטקייטען—
אלע די זאכען פיהלט ער שטארק און רעדט ארויס, ניט איבערקלע־
רענדיג, טאמער דארף מען ניט. דא איז ער דער הארר פון יעדער
שאטירונג, וועלכער הערשט מיט טיעפער, פיינער פארשטענדניס,
אבער אלע מאל מיט א חוש פאר'ן לעבען; און דא ערלייזט ער אונז
מיט זיין פרייער פרעכער אפענקייט, וועלכע פארשטעלט זיך אזוי אי־
ראניש אין בירגערליכער מאראל און סענטימענטאליטעט. דאס איז
זיך אן אנדער פראגע, מיט וויפיעל באפלעקטען, פארבלוטיגטען
לעבען ער האט זיך געקויפט זיין לאכענדען וויסען, וויפיעל ער פער־
זענליך האט פארלארען דערביי; אבער דאס אייביגע, וואס לאזט
זיך ניט פארלירען, האבען מיר אין זיינע ווערק. און מיר ליעבען
איהם פאר דעם בייזער, הייליזאמער גראציע פון זיין לאכען, וואס
ער האט געקויפט מיט ערפאהרונג, אפשר נאך מעהר, ווי פאר דער
אויפרודערנדער געוואלט פון יענע ליעדער זיינע, וואס דערצעהלען
זיין איינענעם געהיימנים. מיר ליעבען איהם און ער בלייבט מיט
אונז אלס איינער, וועלכער שטימט אן און בעאיינפלוסט אונזער
הארץ און נשמה, צי מיר ווילען עס צי ניט, צי מיט גוטען צי מיט
בייזען.

אין דער אמת'ן, טייערע דאמע, האב איך געפרואווט צו פאר־ צייכענען דאס וואס איז ווערט צו געדענקען פון מיין צייט, אויף וויפיעל עס איז געקומען אין באריהרונג מיט מיין אייגענער פער־ זאן. אלס צוקוקער אדער אלס קרבן. אזוי אמת'דיגע און אזוי גע־ טריי ווי עס איז נאר מעגליך.

די דאזיגע פארצייכענונגען, וואס איך האב זיי אנגערופען מיט'ן טיטעל מעמוארען, ווייל אזוי איז מיר געפעלען, האב איך דאך געמוזט כמעט ביז א העלפט פארניכטען. אביסעל צוליעב אנ־ געצויגענע פאמיליען־אנגעלעגנהייטען, און אביסעל אויך צוליעב רעליגיעזע ספקות.

זינט דעמאלט האב איך זיך באמיהט אויסצופילען די לעכער, וואס זענען דורך דעם ענטשטאנען. דאך האב איך מורא די פליכ־ טען פון די לעבעדיגע צו א געשטארבענעם אדער א זעלבסט־ קוועלערישען געפיהל וועלען מיך צווינגען פאר מיין טויט איבער־ צוגעבען מיינע מעמוארען צו א נייעם אויטא־דע־פע. און דאס וואס די פלאמען האבען דעמאלט פארשווינט, וועט אפשר קיינמאל נים דערזעהן דאס טאגליכט פון דער עפענטליכקייט.

איך נעם זיך גוט אין אכט ניט אנצוגעבען די נעמען פון די פריינד אונטער וועמענס השגחה איך פארטרוי דאס מאנוסקריפט און וועמען איך פארטרוי די אויספיהרונג פון מיין לעצטען ווילען. וואס איז נוגע אט דעם מאנוסקריפט. איך וויל זיי ניט אויסשטע־ לען אקעגען דער צודרינגליכקייט פון א פובליקום, וואס האט ניט וואס צו טאן, און זאלען זיי ניט באשולדיגט ווערען, אז זיי זענען געווארען אומגעטריי צו זייער שליחות.

אזא אומגעטרייקייט האב איך קיינמאל ניט געקענט מוחל זיין. עס איז אן אונערלויבטע און אונזיטליכע האנדלונג צו פאר־ עפענטליכען אפילו איין איינציגע שורה פון א שריפטשטעלער,

וואס ער אליין האט ניט באשטימט פאר דעם גרויסען פובליקום. דאס גילט גאר באזונדערס וועגען בריעף, וואס זענען געשריבען צו פריוואטע פערזאנען. ווער עס לאזט זיי דרוקען אדער ווער עס גיט זיי ארויס, באגעהט א פארברעכען, וואס פארדיענט פאראכ־טונג.

נאך די דאזיגע אפענהערציגע ערקלעהרונגען, טייערע דאמע, וועט איהר לייכט איינזעהן, אז דאס וואס איהר ווינשט איך זאל אייך צושטעלען מיינע מעמוארען און פארשידענע בריעף, דאס קען איך ניט.

און דאך, א דיענער פון אייער ליעבענסווירדיגקייט, ווי איך בין תמיד געווען, קען איך אייך, קיין באגעהר אין גאנצען ניט אפ־זאגען, און כדי צו באווייזען מיין גוטען ווילען, בין איך גרייט אויף אן אנדערען אופן צופריעדען צו שטעלען אייער ליעבע נייגעריג־קייט, וואס קומט ארויס פון א ווארימען אנטיילנעמען אין מיינע שיקזאלען.

איך האב די קומענדיגע בלעטער געשריעבען מיט אט דער כונה. און די ביאגראפישע מיטטיילונגען, וואס האבען פאר אייך אן אינטערעס, וועט איהר דא געפינען איבער גענוג. אלץ וואס איז באדייטענד און אלץ וואס איז כאראקטעריסטיש איז דא איבער־געגעבען געטריי, און די געגענזייטיגע ווירקונג פון דרויסענדיגע ערשיינונגען און אינוועניגסטע זעעלען־עראייגנישען עפענען פאר אייך די סיגנאטורא פון מיין זיין אין מיין וועזען. די הילע פאלט אראפ פון מיין נשמה און דו קענסט זי באטראכטען אין איהר שענער נאקעטקייט. אויף איהר זיינען ניטא קיין פלעקען, נאר וואונדען. אוי! און נאר וואונדען, וועלכע עס זענען געמאכט געווארען מיט די הענד פון פריינד און ניט פון שונאים!

די נאכט איז שטום. נאר דרויסען פאטשט דער רעגען אויף די דעכער און עס קרעכצט אומעטיג דער הערבסט־ווינד.

אין אט דעם אויגענבליק איז דאס ארימע קראנקען צימער כמעט תאוה'דיג היימליך, און איך זיץ אינ'ם גרויסען שטוהל ניט פיהלענדיג קיין וועהטאג. דא קומט אריין דיין האלד בילד, כאטש די קליאמקע פון דער טיר באוועגט זיך ניט. און דו לעגסט דיך

אויפ'ן קישען מיר צופוסענס. לעג דיין שענעם קאפ אויף מיינע קניע און הארך, ניט אויפהויבענדיג די אויגען.

איך וויל דיר דערצעהלען דאס מעשה'לע פון מיין לעבען. טאמיר וועלען דיקע טראפענס פאלען אויף דיין לאקיגען קאפ, בלייב פון דעסטוועגען רוהיג; דאס איז ניט דער רעגען, וואס זייהט זיך אריין דורכ'ן דאך. וויין ניט און דריק מיר נאר שווייגענדיג די האנד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואס פאר א דערהויבען געפיהל מוז דאס דורכנעמען אזא קירכען־פירשט, ווען ער קוקט אראפ אויף דעם שוויבעלדיגען מארק, וואו טויזענדער מיט הוילע קעפ לאזען זיך מיט כונה אראפ אויף די קניע פאר איהם, און ערווארטען זיין ברכה!

אין דער איטאליענישער רייזע באשרייבונג פון דעם הויפראט מאריץ, האב איך אמאל געלייענט אזא סצענע. און א קליינקייט פון יענער סצענע איז מיר נאר וואס ארויף אויפ'ן זכרון.

צווישען דעם פויערים פאלק, דערצעהלט מאריץ, וואס ער האט דארט געזעהן ליגען קניהענדיג, האט באזונדערס צוגעצויגען זיין אויפמערקזאמקייט איינער פון יענע וואנדערנדיגע רויזענ־קרענץ־הענדלער פון די בערג, וואס שניצען פון א געוויסען מין ברוינעם האלץ די שענסטע רויזענקרענץ און פארקויפען זיי אין דער גאנצער ראמאנגא פיעל טייערער, דערפאר ווייל זיי ווייסען ווי אזוי ארויסצוקריגען זייער ברכה פון פאבסט אליין אין דעם דערמאנ־טען יום טוב.

מיט גרוים ציטער איז דער מאן געלעגען אויף זיינע קניה, נאר דעם ברייטען פילצענעם הוט, אין וועלכען עס האט זיך גע־פונען זיין סחורה, די רויזענקרענץ, האט ער געהאלטען אין דער הויך. און אין דער צייט ווען דער פאבסט האט געזאגט זיין ברכה מיט אויסגעשטרעקטע הענד, האט יענער אויפגעשאקעלט זיין הוט און אין איהם ארומגערודערט, ווי עס טוען די קאשטאנען פערקוי־פער, ווען זיי בראטען זייערע קאשטאנעס אויף דער בלעך; עס האט אויסגעזעהן ער האט געוויסענהאפט געזארגט דערפאר, אז א חלק פון פאבסטס ברכה זאל אויך פאלען אויף די רויזענקרענץ.

וואָס זענען געלעגן אונטען אין הויז. און זיין אַלע צוזאַמען זאָלען גלייך געהייליגט ווערען.

איך האָב ניט געקענט געהן ווייטער ביז איך האָב דאָ ניט אריינגעפלאָכטען אַט דעם ריהרענדען שטריך פון פרומער נאַאיווי־טעט, און איצטער נעם איך ווידער אָן דעם פאַדים פון מיינע באַ־קענטעניש ען, וואָס באַציהען זיך אַלע אויף דעם גייסטיגען פראָ־צעס, וואָס איך האָב שפּעטער געמוזט דורכמאַכען.

פון די ערשטע התחלות לאָזען זיך דערקלעהרען די שפּעטעסטע ערשיינונגען. עס האָט געוויס אַ סך צו זאָגען דאָס, וואָס שוין אויפ׳ן דרייצעהנטען יאָהר פון מיין לעבען, האָט מען מיך בעקאַנט געמאַכט מיט אַלע סיסטעמען פון די פרייע דענקער. און דאָס גראַד דורך אַן עהרווירדיגען גלח, וואָס האָט ניט פערנאַכלעסיגט אויף אַ האָר, זיינע הייליגע פליכטען. אַזוי איז שוין דעמאָלט האָב איך געזעהן, ווי אַהן צביעות קענען זיך רעליגיאָן און סקעפּטי־ציזם געהן איינס לעבען ס׳אַנדערע. אַ זאַך פון וועלכער ביי מיר איז ענטשטאַנען ניט בלויז דער ניט גלויבען נאָר אויך די טאָלעראַנטעסטע גלייכגילטיגקייט.

אָרט און צייט זענען אויך וויכטיגע מאָמענטען: איך בין געבוירען געוואָרען ביים סוף פון סקעפּטישען אַכצעהנטען יאָהר־הונדערט אין אַ שטאָדט, וואו אין דער צייט פון מיין קינדהייט האָבען געהערשט ניט נאָר די פראַנצויזען נאָר אויך דער פראַנצוי־זישער גייסט.

די פראַנצויזען, וואָס איך האָב זיך בעקענט מיט זיי, האָבען מיך בעקאַנט געמאַכט מיט ביכער, איך מוז עס מודה זיין, וואָס זענען געווען זעהר ניט זויבער און האָבען אין מיר איינגעפלאַנצט אַ פאָראורטייל אקעגען דער גאַנצער פראַנצויזישער ליטעראַטור.

אויך שפּעטער האָב איך זי קיינמאָל אַזוי ניט ליעב געהאַט, ווי זי פערדיענט עס. און צום אונגערעכטעסטען בין איך געבליע־בען אקעגען דער פראַנצויזישער פּאָעזיע, וואָס פון דער יוגענד אָן איז זי פאַר מיר געווען פאַטאַל.

צום ערשטען איז אין דעם שולדיג דער פאַרשאָלטענער אַבּע דאַנוא, וועלכער האָט אין ליצעאום פון דיסעלדאָרף געלערנט די

פראנצויזישע שפּראַך, און האָט מיך דוקא געוואָלט צווינגען איך זאָל מאכען פראנצויזישע פּערזען. עס האָט ווייניג געפּעהלט, און ער וואָלט מיר געווען פאר'מיאוס'ט ניט נאָר די פראנצויזישע פּאָעזיע, נאָר די פּאָעזיע בכלל.

דער הויפּט שולדיגער אין דעם איז דער פּערשאָלטענער אבע א פּארשווינדעל מיט די ריהרעוודיגסטע געזיכטס - מוסקעלן, און מיט א ברוינען פּאַרוק, וואָס יעדעס מאָל ווען דער אבע איז אריין אין כעס, האָט ער זיך געשטעלט אין דער קרום.

ער האָט געהאט אָנגעשריעבען מעהרערע פראנצויזישע גראַמאַטיקען און אויך כרעסטאָמאַטיעס, אין וועלכע עס האָבען זיך געפונען אויסציגע פון דייטשע און פראנצויזישע קלאַסיקער, און זענען געווען באשטימט פאר פארשיעדענע קלאַסען. פאר די העכערע קלאַסען האָט ער אויך געהאט ארויסגעגעבן „art oratoire" און אַן „art poetique", צוויי ביכלעך, פון וועלכע דאָס ערשטע האָט ענטהאַלטען שען-רעדעריי-רעצעפּטען פון קווינטיליאַן, צו-געפּאסט נאָך די ביישפּיעלען פון דרשות פון פלעשיע, מיעסיליאָן בורדאלו און ביוסעט, וואָס האָבען מיך ניט זעהר שטארק געלאַנג-ווייליגט. —

אָבער דאָס אַנדערע בוך, וואָס האָט ענטהאַלטען די דעפיני-ציאָנען פון דער פראנצויזישער פּאָעזיע: „L'art de peindre par les images" און איז געווען צוזאמענגעשטעלט לויט דער טעאָריע פון אלטער שולע פון באַטע, און האָט אויך ענט-האַלטען די פראנצויזישע פּראָזאָדיע און בכלל די גאַנצע מעטריק פון די פראנצויזען. — וואָס פאר א שרעקליכער קאָשמאַר דאָס איז געווען! אויך איצ-טער קען איך ניט עפּיס מעהר געשמאַקלאָזעס ווי דאָס מעטרישע סיסטעם פון דער פראנצויזישע פּאָעזיע, אָט די L'art de peindre par les images ווי די פראנצויזען דעפינירען זיי, וועמענס גענענגעזעצטער באַגריעף טראָגט דערצו אפשר ביי, אז זיי פאלען תמיד אריין אין א מאלערישער פּאַראַפראַזע.

זייער מעטריק האָט געווים פּראָקרוסטעס אויסגעטראַכט: דאָס איז אַן אמת צוואַנג-העמד פאר געדאַנקען, וואָס ביי זייער

געבינדענקייט נויטיגען זיי זיך געווים דעריין. פון דעם זעלביגען קוואל שפרינגט אויך ארויס דער לעבערליכער כלל: אז די שענ־קייט פון א געדיכט באשטעהט אין דעם בייקומען פון די מעטרישע שווערקייטען. דער פראנצויזישער העקזאמעטער, די דאזיגע געגראמ־טע גרעפּצען, (hauqut) איז פאר מיר אן אמתר אבשיי. די פראנצויזען האבען תמיד אליין געפיהלט אט די דאזיגע דערווי־דערדיגע ניט נאטירליכקייט, וואס איז פיעל זינדיגער ווי די זינד פון סדום און עמורה, און זייערע גוטע שוישפּיעלער ווערען גע־לערנט, אז זיי זאלען די פערזען אזוי ארויסריידען, ווי זיי וואלטען געווען פּראזא — צו וואס זשע ווידער די גאנצע איבעריגע מיה פון פערזיפיקאציאן?

אזוי דענק איך איצטער, און אזוי האב איך שוין געפיהלט אלס אינגעל, און מען קען זיך לייכט פארשטעלען, אז צווישען מיר און דעם ברוינעם פּארוק האט געמוזט קומען צו אן אפענער שנאה, ווען איך האב איהם דערקלעהרט, אז פאר מיר איז פשוט אונמעג־ליך צו מאכען פראנצויזישע פערזען. ער האט מיר אפּגעזאגט יעדען חוש פאר פּאעזיע און האט מיך אנגערופען בארבאר פון טויטא־בורגער וואלד.

איך דערמאן זיך נאך היינט מיט שרעק, ווי אזוי מען האט מיך געוואלט צווינגען צו איבערזעצען פון דעם פּראפעסארס כרעס־טאמאטיע קאפּהיאס רעדע צו די סנהדרין. און די העקזאמעטרען פון קלאפּשטאקס „מעסיאדע“ האב איך געזאלט איבערמאכען אין פראנצויזישע אלעקסאנדרינען, דאס איז געווען א מין אויסגעקלי־געלטע אכזריות, וואס האט איבערגעשטייגט אפילו די יסורים פון דעם משיח גופא. און אפילו ער וואלט זיי ניט געקענט רוהיג ארי־בערטראגען. גאט זאל מיר מוחל זיין. איך האב פארשאלטען די וועלט און די פרעמדע אונטערדריקער, וואס ווילען אויף אונז ארויפצווינגען זייער מעטריק און עס האט געהאלטען נאהענט דער־ביי, אז איך זאל ווערען א פראנצויזען פרעסער.

פאר פראנקרייך וואלט איך געקענט שטארבען. אבער מאכען פראנצויזישע פערזען — דאס קיינמאל ניט!

דער רעקטאר און מיין מוטער האבען געמאכט א סוף פונ׳ם

שטרייט. די מאמע איז בכלל ניט געווען צופריעדען וואס איך לערן זיך מאכען פערזען, און מעגען דאס אפילו זיין נאר פראנצויזישע. זי האט זיך דעמאלט געשראקען, אז איך קען נאך ווערען א דיכ־טער: דאס, פלעגט זי זאגען, וואלט געווען דאס ערגסטע וואס קען מיט מיר פאסירען.

די באגריפען וואס מען האט דעמאלט פארקניפט מיט'ן נא־מען דיכטער, זענען ניט געווען זעהר קיין בכבוד'ע. און א פאעט האט מיט זיך פארגעשטעלט אן אפגעריסענען ארימען טייוועל, וואס פאר א פאר טאלער שטעלט ער צו א געלעגענהייטס געדיכט און צום סוף שטארבט ער אין הקדש.

מיין מאמע אבער האט גע'חלומ'ט פון מיינעט וועגען גרויסע, הויכפליהענדיגע חלומות, און אלע ערציהונגס־פלענער האבען גע־ציעלט צו איהרע חלומות. זי האט געשפיעלט די הויפטראל אין מיין ענטוויקלונגס־געשיכטע, זי האט געמאכט די פראגראמען פון אלע מיינע סטודיען, און נאך איידער איך בין געבוירען געווארען הא־בען זיך שוין אנגעהויבען איהרע ערציהונגס־פלענער. איך האב געפאלגט אקוראט וואס זי האט פארלאנגט פון מיר. און דאך מוז איך צוגעבען, אז זי איז געווען שולדיג אין דער אונפרוכטבאר־קייט פון מיינע מעהרסטע פערזוכען און באשטרעבונגען אין בירגליכע שטעלען, ווארים אט די שטעלען זענען קיינמאל ניט גע־ווען צוגעפאסט צו מיין נאטור. דאס לעצטע האט פיעל מעהר בא־שטימט וואס עס זאל זיין מיין צוקונפט, ווי אלע וועלט־געשעהע־נישען.

אין אונז גופא ליגט דער שטערן פון אונזער גליק.

צוערשט איז געווען די פראכט פון דער קייזערליכער מלוכה. וואס האט פארבלענדט מיין מאמען. און אזוי ווי די טאכטער פון אן אייזענפאבריקאנט אין אונזער געגענד, וואס איז געווען זעהר בעפריינדעט מיט מיין מאמע, איז געווארען א הערצאגין, און אזוי ווי זי האט איהר דערצעהלט אמאל, אז איהר מאן האט געוואונען זעהר פיעל שלאכטען און באלד וועט ער זיך דערדיענען און ווערען א קעניג. — אך דא האט מיין מאמע גענומען חלומ'ען פאר מיי־נעט וועגען די גאלדענסטע עפאלעטען אדער די רייכסטע מונדירען

אינ׳ם הויף פון קייזער, אין ווענענם דיענסט זי האט געוואלט איך זאל זיך ווידמען אין גאנצען.

דערפאר האב איך דעמאלט געמוזט שטודירען דוקא יענע געגענשטאנדען, וואס עס זענען גויטיג צו אזא לעבענסוועג. און הגם אין ליצעאום האט מען זיך געגוג געזארגט וועגען דער מאטעמאטישער וויסענשאפט, און איך בין שוין דורך דעם ליעבענסווירדיגען פראפעסאר ברוער געווען גענוג אנגעשטאפט מיט געאמעטריע, סטאטיק, הידראסטאטיק, הידראליק און אזוי ווייטער און איך בין שוין ארומגעשוואומען אין לאגאריטמען און אין אלגעברא, האב איך פון דעסטוועגען נאך געמוזט נעמען פריוואטע לעקציעס אין אזעלכענע געגענשטאנדען, וועלכע זאלען מיך מעגליך מאכען, אז איך זאל קענען ווערען א גרויסער סטראטעגיקער. און אויב עס וועט נויטיג זיין, צו ווערען דער אדמיניסטראטאר פון די איינגענומענע פראווינצען.

מיט דעם פאל פון דער קייזערליכע מלוכה, האט זיך אויך מיין מאמע, פארשטעהט זיך, געמוזט אפזאגען פון דעם פראכטפולען לעבענס-וועג, וואס זי האט געהאט פאר מיר געחלומ׳ט; צו די שטודיען וואס האבען געציעלט אהין האט געגומען א סוף. און מאדנע! זיי האבען אין מיין גייסט אפילו קיין שפור ניט צוריקגעלאזען, אויף אזוי פיעל זענען זיי פאר מיר געווען פרעמד. דאס איז נאר געווען א מעכאנישע אויסגעלערנטקייט, וואס איך האב פון זיך אראפגעווארפען ווי א שמאטע, וואס טויג צו גאר ניט.

מיין מאמע האט איצטער אנגעהויבען צו חלומ׳ען פאר מיינעט וועגען א גלענצענדע צוקונפט אין אן אנדערע ריכטונג.

דאס ראטשילדישע הויז מיט וועמענס שעף מיין פאטער איז געווען בעקאנט, האט אין יענער צייט שוין אנגעהויבען צו קריגען זיין לעגענדארישען שלייער; לעבען אונז האבען זיך אויך געהאט דערהויבען אנדערע פירשטען פון באנק און אינדוסטריע, און מיין מאמע האט באהויפטעט, אז די שעה האט איצט געשלאגען, ווען א מענש מיט א גוטען קאפ זאל אין דער סוחרישער וועלט דערגרייכען דאס אונגעהיירסטע, און זיך דערהויבען צו דעם העכסטען שפיץ פון דער וועלטליכער מאכט. זי האט דארום איצטער באשלאסען

אז איך זאָל ווערן א געלדמאכער. און איצטער האָב איך געמוזט לערנען פרעמדע שפּראכען, באַזונדערס ענגליש, געאָגראַפיע, בוכ־האַלטעריע, קורץ אַלע וויסענשאַפטען, וואָס באַציהען זיך אויף דעם לאַנד־האַנדעל און ים האַנדעל און דאָס וואָס האָט צו טאָן מיט מסחר.

כדי עפּעס צו קענען פון וועקסעל־געשעפט און פון קאָלאָניאַל האַנדעל, האָב איך שפּעטער געמוזט באַזוכען דאָס קאַנטאָר פון מיין טאַטענס א באַנקיער, און דאָס געוועלב פון א גרויסען בשמים־הענדלער; מיין לעהר אין דער קאַנטאָר האָט אין גאַנצען געדויערט דריי וואָכען, אין בשמים געוועלב אַרום פיער וואָכען, דאָך האָב איך ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט זיך אויסגעלערנט ווי אַזוי מען שטעלט אויס א וועקסעל, און ווי עס זעהט אויס מושקאַט ניס.

א בעריהמטער סוחר, צו וועמען איך האָב געזאָלט אַנקומען אַלס אַן pprenti milionaire האָט געזאָגט, אז איך האָב ניט קיין טאַלענט צום פאַרדיענען. און לאַכענדיג האָב איך איהם צו־געגעבען, אז ער מוז זיין גערעכט.

און אַזוי ווי באַלד נאָכדעם האָט מיין טאַטע פאַרלוירען זיין פאַרמעגען, ווי א סך פון אונזערע פריינד, האָט דער סוחרישער זייפען־בלאָז געפּלאַצט נאָך שנעלער און קלאָגענדיגער ווי דער אימפּעריאַלער זייפענבלאַז, און מיין מאַמע האָט איצטער געמוזט אָנהויבען צו חלומ'ען פאַר מיר אַן אַנדער תכלית.

איצטער האָט זי געמיינט, אז איך מוז דוקא שטודירען יוריס־פּרודענץ.

זי האָט נעמליך געהאַט באַמערקט, אז אין ענגלאַנד איז דער יוריסטענשטאַנד אַלמעכטיג. דאָס זעלביגע אויך אין פראַנקרייך און אין קאָנסטיטוציאָנעלען דייטשלאַנד. און באַזונדערס שפּיעלען די אַדוואָקאַטען דורך דער געוואָהנהייט פון רעדען אין דער עפענט־ליכקייט די הויפּט ראָלען פון די פּלאַפּלערס און דורך דעם דער־גרייכען זיי צו די העכסטע מלוכה עמטער. מיין מאַמע האָט גאַנץ ריכטיג געזעהן.

און אַזוי ווי עס האָט זיך געראַד געהאַט געעפענט די נייע אוניווערזיטעט אין באָן, וואו די יוריסטישע פאַקולטעט איז גע־

ווען באזוכט פון די באריהמטסטע פראפעסארען, האט מיך מיין מאמע געשיקט קיין באן, וואו איך בין באלד געזעסען ביי די פיס פון מאקעלדעי און וועלקער און געשלונגען דעם מן פון זייער וויסען.

פון די זיעבען יאהר, וואס איך האב צוגעבראכט אויף דייטשע אוניווערזיטעטען, האב איך גע'פטר'ט דריי שענע בליהענדיגע יאהרען פון מיין לעבען ביי דעם שטודיום פון רוימישע קאזואיס־טיק, דער יוריספרודענץ, אט די אי־ליבעראלסטע פון אלע וויסענ־שאפטען.

וואס פאר א מורא'דיג בוך איז דאס קארפוס יוריס, די בי־בעל פון עגאאיזמוס.

ווי די רוימער אליין איז מיר אויף אייביג געבליבען פאר־האסט זייער יורידישער קאדעקס. אט די רויבער האבען געוואלט זייער רויב פארזיכערן און דאס וואס זיי האבען אנגערויבט מיט'ן שווערד, האבען זיי געזוכט צו שיצען דורכ'ן געזעץ; דערפאר איז אט דער רויבער געווען אין דער זעלביגער צייט אי סאלדאט און אי אדוואקאט און עס איז ארויסגעקומען א מישונג פון דעם ערגס־טען סארט.

אמת, יענע רוימישע גנבים האבען מיר צו פארדאנקען די טע־אריע פון אייגענטום, וואס איז פריהער נאר בעשטאנען אלס א טאטזאך, און די אויסבילדונג פון דער דאזיגער לעהרע און איהרע פאראכטענדסטע קאנסעקווענצען, איז דאס געלויבטע רוימישע רעכט, וואס איז דער יסוד פון אלע אונזערע לעגיסלאציאנען, יא, פון אלע מאדערנע שטאאט־אינסטיטוטען, הגם ער שטעהט אין דעם שארפסטען ווידערשפרוך מיט דער רעליגיאן, דער מאראל, דעם מענשליכען געפיהל און דער פערנונפט.

איך האב דורכגעמאכט ביז צום סוף יענעם גאט פערשאל־טענעם שטודיום, איך האב זיך אבער קיינמאל ניט געקענט ענט־שליסען, צו באנוצען זיך מיט אט דעם שטודיום, און אפשר האב איך געפיהלט, אז אין דער אדוואקאטעריי און אין דער שלויקייט פון רויב, וועלען מיך אנדערע לייכט איבערפליגלען, האב

איך דערפאר מיין יוריסטישען דאָקטאָר־הוט אויפגעהאנגען אויפ'ן נאָגעל.

מיין מאמע האָט געמאכט נאָך אַן ערנסטערע מיענע ווי גע־וועהנליך. אָבער איך בין שוין דערוויילּ געוואָרען אַ זעהר דער־וואקסענער מענש, וואָס איז געשטאנען אין יענעם עלטער, ווען ער קען זיך באגעהן אָהן דער מאמעס השגחה.

די גוטע פרוי איז שוין אויך געהאט עלטער געוואָרען און נאָכדעם ווי זי האָט נאָך ניט איין פּיאסקאַ אויפגעגעבען איהר השגחה איבער מיין לעבען, האָט זי, ווי מיר האָבען דאָס שוין אויס־בען געזעהן, חרטה געהאט, וואָס זי האָט מיך ניט געווידמעט צו דעם גייסטליכען שטאַנד.

זי איז איצטער אַ מאטראָנע פון 87 יאָהר, און איהר גייסט האָט דורך דעם עלטער ניט געליטען. איבער מיין ווירקליכען ארט פון דענקען, האָט זי זיך קיינמאָל ניט פארמאָסטען צו הערשען און איז פאר מיר תמיד געווען די שוינונג און די ליעבע אליין.

איהר אמונה איז געווען אַ שטרענגער דייאיזמוס, וואָס האָט זיך זעהר צוגעפּאסט צו איהר פערוואלטענידגער פערנונפטס־ריכ־טונג. זי איז געווען אַ שילעריין פון רוסאָ, האָט געלייענט זיין „עמיל“. האָט אליין געזייגט איהרע קינדער, און די ערציהונג איז געווען איהר גרעסטער פארגעניגען. זי האָט אליין באקומען אַ גע־לערנטע ערציהונג, און האָט געלערנט צוזאמען מיט'ן ברודער, וואָס איז געוואָרען אַן אויסגעצייכענטער דאָקטאָר, און וועלכער איז אָבער פריה געשטאָרבען. שוין אלס גאנץ יונג מיידעל האָט זי פאר איהר פאָטער געמוזט פאָרלייענען די לאטיינישע דיסערטאַציאָ־נען און אנדערע געלערנטע שריפטען, ביי וועלכען זי האָט ניט איינמאָל דורך איהרע פראגען געבראכט דעם אלטען צום שטוינען.

איהר שכל און איהר עמפּפינדונג איז געווען די געזונדהייט אליין. און ניט פון איהר האָב איך גע'ירש'ט דעם חוש פאר דעם פאנטאַסטישען און דער ראָמאנטיק. ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט זי מורא געהאט פאר דער פּאָעזיע, און זי פלעגט ביי מיר צוגע־מען יעדען ראָמאן, וואָס זי האָט געפונען אין מיין האנד. האָט מיט ניט געלאָזט באזוכען קיין טעאטער, האָט מיר פערזאָגט אנטייל צו נע־

מען אין פאלקס־שפיעלען, האט אכטונג געגעבען מיט וועמען איך האב זיך גע׳חבר׳ט און האט געזידעלט די דיענסטען, וואס האבען אין מיין געגענווארט דערצעהלט מעשיות פון שדים. קורץ, זי האט געטאן אלץ וואס איז נאר געווען מעגליך, כדי פון מיר צו האלטען ווייט יעדען אבערגלויבען און פאעזיע.

זי איז געווען קארג, אבער נאר ווען ס׳איז געווען נוגע איהר איינענע פערזאן. פאר דעם פארגעניגען פון אנדערע האט זי גע־קענט זיין פארשווענדעריש, און ווייל זי האט דאס געלד ניט ליעב געהאט נאר בלויז געשעצט, פלעגט זי געבען גדבות מיט א בריי־טער האנד, און דורך איהר וואוילטעטיקייט און פרייגיביקייט האט זי מיך ניט איינמאל געמאכט צו שטוינען.

און וואס פאר אן אויפאפפערונג האט זי ארויסגעוויזען צו איהר זוהן, וועמען זי האט אין די שווערע צייטען צוגעשטעלט ניט נאר דאס פראגראם פון זיין שטודיום נאר אויך די מיטלען דערצו! ווען איך בין אריינגעטראטען אין אוניווערזיטעט, זענען די געשעפ־טען געווען אין זעהר א טרויעריגען צושטאנד, האט מיין מאמע פער־קויפט איהר ציערונג, א האלזבאנד און אויערינגען פון גרויסען ווערט, כדי מיר צו פארזיכערען די הוצאות פאר די ערשטע פיער אוניווערזיטעטס יאהרען.

איבעריגענס בין איך ניט געווען דער ערשטער אין אונזער משפחה, וואס האט אויף דער אוניווערזיטעט אויפגעגעסען עדעל־שטיינער און איינגעשלונגען פעריל. דער פאטער פון מיין מאמע, האט, ווי זי האט עס מיר אמאל דערצעהלט, באוויזען דאס זעלביגע קונץ־שטיק. די יואוועלען וואס האבען באציערט דעם סדור פון זיין פארשטארבענער מוטער האבען געמוזט דעקען די הוצאות פון זיין אויפהאלטען זיך אויף דער אוניווערזיטעט. ווארים זיין פאטער, דער אלטער לאזארוס דע געלדערן איז דורך א ירושה פראצעס, וואס ער האט געהאט מיט זיינער א פארהייראטער שוועסטער, אריינגעפאלען אין גרויס ארימקייט. ער, וואס האט פון זיין פאטער געהאט גע׳ירשה׳ט א פארמעגען, וועגען וועמענס גרויסקייט מיין עלטער מוהמע פלעגט מיר דערצעהלען אזוי פיעל נסים ונפלאות.

דאס פלעגט דעם אינגעל אלעמאל קלינגען ווי א מעשה׳לע פון טויזענד איין נאכט, ווען די אלטע פלעגט דערצעהלען פון די גרויסע פאלאצען און די פערזישע טאפעטען און דעם מאסי־ווען געשיער פון גאלד און זילבער, וואס דער גוטער מאן, ווען מען האט צוגעטיילט אזוי פיעל כבוד אינ׳ם הויף פון דעם קור־פירשט און דער קורפירשטין, האט אויף אזא טרויעריגען אופן געמוזט פערלירען. זיין הויז אין דער שטאדט איז געווען דאס גרוי־סע האטעל אין דער רהיין־גאס; דאס איצטיגע קראנקענהויז אין דער נייע שטאדט האט אויך געהערט צו איהם. אזוי האט אויך באלאנגט צו איהם א שלאס לעבען גראווענבערג, און צום סוף האט ער קוים געהאט אן ארט, וואו ער האט געקענט זיין קאפ אוועק־לעגען.

איך וויל דא אריינוועבען א מעשה, וואס האט מיט דער אויבער־שטער געשיכטע גאר ניט צו טאן. ווארים איך וויל ריינוואשען פאר דער עפענטליכער מיינונג א פארלוימדעטע מוטער פון איינעם פון מיינע קאלעגען. איך האב נעמליך אמאל געלייענט אין דער ביאגרא־פיע פון דעם ארימען ד י ע ט ר י ך ג ר א ב ע, אז די קללה פון שכרות, אונטער וועלכער ער איז צו גרונד געגאנגען, האט איהם זיין אייגענע מוטער איינגעפלאנצט אין זיין יוגענד, מיט דעם וואס זי האט דעם אינגעל, אדער נאך בעסער דעם קינד געגעבען צו טרינקען בראנפען. אט די באשולדיגונג, וואס דער ארויסגעבער פון דער ביאגראפיע האט זיך דערוואוסט אויס דעם מויל פון פיינדליך־געשטימטע קרובים, זעהט אויס צו זיין גרונדפאלש, ווען איך דערמאן זיך, ווי דער פארשטארבענער גראבע האט מיט מיר פיעל מאל גערעדט וועגען זיין מוטער, וואס פלעגט איהם אפט ווארענען מיט די שטארקסטע ווערטער פאר „דאט זופפען.“

זי איז געווען א רויהע דאמע, די פרוי פון א געפענגעניש־וועכטער. און ס׳איז גאנץ מעגליך, אז ווען זי האט איהר יונגען וואלף־דיעטריך געלאשצעט, האט זי איהם געוויס ניט איינמאל מיט די לאפקעס פון א וואלפין אויך א מאל געקראצט. אבער זי האט דאך געהאט אן אמת׳דיג הארץ פון א מאמע, און האט דאס

ארויסגעוויזען ווען איהר זוהן איז אפגעפאהרען קיין בערלין, כדי דארטען צו שטודירען.

ביים געזעגנען, האט מיר גראבע דערצעהלט, האט זי איהם געשטופט אין האנד אריין א פעקיל, אין וועלכען עס איז געווען ווייך ארומגעוויקעלט מיט באנוועל, א האלב טוץ זילבערנע לעפעל, זעקס קליינע קאווע לעפעלעך און א גרויסער זופ - לעפיל, דאס איז א שטאלצער הויז־אוצר, מיט וועלכען די פרויען פון פאלק שיידען זיך ניט אהן דעם בלוט פון הארצען. ווארים אט די זאכען זענען גלייכצייטיג א זילבערנע ציערונג, דורך וועלכע זיי גלויבען, אז דאס אונטערשיידט זיי פון דעם פראסטען צינערנעם המון עם. ווען איך האב זיך בעקענט מיט גראבע, האט ער שוין געהאט אויפגעגעסען דעם זופ־לעפיל, דעם גלית, ווי ער פלעגט איהם רופען. און פלעג איך איהם אמאל פרעגען ווי עס געהט איהם, פלעגט ער מיט א פארוואלקענטען שטערן עטנפערן לאקאניש: איך האלט שוין ביי מיין דריטען לעפיל, אדער, איך האלט שוין ביי מיין פערטען לעפיל. די גרויסע געהען אוועק, האט ער זיך אמאל גזעשאלעוועט, און עס וועלען זיין זעהר קליינע ביסענס, ווען אויף דער רייה וועלען קומען די קליינע, די קאווע לעפעליך. און ווען די וועלען זיין אוועק, וועט שוין גאר ניט זיין וואס צו עסען.

— ליידער האט ער געהאט רעכט. און וואס וועניגער ער האט געהאט צו עסען, אלץ מעהר האט ער זיך פארלעגט אויפ'ן טרינקען, און ער איז געווארען א שכור. לכתחילה דער דלות און שפעטער אנדערע יסורים, האבען דעם אומגליקליכען געטריעבען צו זוכען אויפהייטערונג אדער פארגעסענהייט אין שכרות, און צום סוף האט ער זיך שוין געווים א ווארף געטאן צו דער פלאש, ווי אנדערע טוען עס צו דעם פיסטויל, כדי צו מאכען א סוף פון אלע צרות. גלויבט מיר, האט מיר אמאל געזאגט א נאאיווער וועסטפאלישער לאנדסמאן גראבע'ס, אז ער האט געקענט א סך פארטראגען, און ער איז ניט געשטארבען, ווייל ער האט געטרונקען, נאר ער האט געטרונקען ווייל ער האט געוואלט שטארבען: ער איז געשטארבען דורך זעלבסט טרונק.

דאס רייגוואשען דעם כבוד פון א מאמע, איז געווים אלע מאל אויפ'ן ריכטיגען פלאץ: איך האב עס פארזאמט צו טאן ביז איצטער, ווייל איך האב עס געוואלט פארצייכענען אין א כא־ראקטעריסטיק פון גראבע: דאס איז קיינמאל ניט אויסגעפיהרט גע־ווארען. און אפילו אין מיין בוך de L'allemagne האב איך אויך גראבע'ן נאר געקענט דערמאנען פארבייגעהענדיג.

די אויבערשטע נאטיץ איז מעהר געמיינט פאר דעם דייטשען לעזער ווי פאר דעם פראנצויזישען. און פאר דעם לעצטען וויל איך דא, נאר באמערקען, אז אט דער דיעטריך גראבע איז געווען איינער פון די גרעסטע דייטשע דיכטער און פון אלע אונזערע דרא־מאטישע דיכטער מעג ער גערעכענט ווערען אלס דער יעניגער, וואס האט די מייסטע פארוואנדשאפט מיט שעקספיער. מעג זיך זיין, אז ער האט ווייניגער סטרונעס אויף זיין לירע ווי אנדערע, וואס איבערשטייגען איהם דורך דעם. אבער די סטרונעס, וואס ער פארמאגט האבען א קלאנג, וואס מען האט איהם נאר געפונען ביי דעם גרויסען ענגלענדער. ער האט דיזעלביגע פלוצלינקייטען, די זעל־ביגע נאטור טענער, מיט וועלכע א שעקספיער דערשרעקט אונז, רודערט אונז אויף און ענטציקט.

אבער אלע זיינע מעלות ווערען פארטונקעלט דורך א גע־שמאקלאזיגקייט, א ציניזם און אן אויסגעלאסענקייט, וואס אי־בערטרעפען דאס ווילדעסטע און אבשייליכסטע, וואס א געהירן האט ווען אויסגעקלעהרט. דאס איז אבער ניט קיין קראנקהייט, ווי למשל פיעבער אדער שגעון, וואס האט ארויס־געבראכט, נאר א גייסטיגע פאר'שכור'ינג פון דעם געניע. פונקט אזוי ווי פלאטא האט זעהר ריכטיג אנגערופען דיאגענעס, א משוגע־נער סאקראטעס, אזוי וואלט מען ליידער געקענט אונזער גראבע מיט א טאפעלטען רעכט אנרופען א שכור'ן שעקספיער.

אין זיינע געדרוקטע דראמען זענען יענע מאנסטראזאטעטען זעהר געמילדערט. זיי זענען אבער געווען שרעקליך שרייענ־דיגע אין דעם מאנוסקריפט פון זיין „גאטהלאנד", א טראגע־דיע, וואס ער האט מיר אמאל, ווען ער איז מיר נאך געווען אין גאנצען אונבעקאנט, דערלאנגט, אדער בעסער געזאגט צוגעוואר־

פען פאר די פיס, מיט די ווערטער: איך וואלט וועלען וויסען,
וואס אין מיר איז. איך האב דעם מאנוסקריפט געוויזען צו פראפע־
סאר גוביץ, האט ער געשאקעלט מיט'ן קאפ. און וועלענדיג פון מיר
פטור ווערען, האט ער מיך אפגעשיקט צו אייך, וואס טראגט איז
קאפ פונקט אזעלכענע ווילדע גרילען ווי איך. — ער וועט אייך
דארום בעסער פארשטעהן — און אט האט איהר דעם כלאם.

נאך די דאזינע ווערטער, ניטווארטענדיג אויף קיין ענטפער,
האט דער נארישער מאדנער מענש זיך אפגעטראגען. און ווייל איך
בין גראד געגאנגען צו פרוי פאן ווארנהאגען, האב איך מיטגענו־
מען דאס מאנוסקריפט, כדי איהר צו פארשאפען די ערשטע שא־
פונג פון א דיכטער; ווארים אין די עטליכע שטעלען וואס איך
האב געלייענט, האב איך שוין באמערקט, אז דא איז געוועזן א
דיכטער.

מיר דערקענען דאס פאעטישע בילד שוין אין דעם ריח. אבער
דער ריח איז דאס מאל געוועזן צו שטארק פאר וויבערשע נער־
ווען און שפעט שוין ארום האלבע נאכט, האט מיך די פרוי פאן
ווארנהאגען געלאזט רופען און האט מיך באשווארען ביי גאט,
איך זאל דאס שרעקליכע מאנוסקריפט גלייך צוריקנעמען,
ווייל זי וועט ניט קענען שלאפען אזוי לאנג ווי דאס בוך וועט זיך
נאך געפינען ביי איהר אין הויז. אזא איינדרוק האבען געמאכט
גראבע'ס פראדוקציאנען און זייער אורשפרינגליכער געשטאלט.

ריינוואשען דעם כבוד פון א מאמע איז אומעטום אויפ'ן פלאץ.
און דער פיהלענדיגער לעזער וועט די אויבען מיטגעטיילטע בא־
הויפטונגען פון גראבע וועגען זיין ארימער, פערלוימדעטער מוטער,
וואס האט איהם אויף דער וועלט געבראכט, ניט באטראכטען פאר
קיין איבעריגע זאך.

איצטער אבער, נאכדעם ווי איך האב אפגעטאן מיין פליכט
פון פיעטעט צו אן אומגליקליכען דיכטער, וועל איך זיך ווידער אומ־
קעהרען צו מיין אייגענער מאמע און צו איהר משפחה, און וועל

ווייטער ארומרעדען דעם איינפלוס וואס איז פון דער זייט אויס־גענאיבט געווארען אויף מיין גייסטיגער בילדונג.

נאך מיין מאמע האט זיך מיט מיין בילדונג גאר באזונדערס באשעפטיגט איהר ברודער, מיין פעטער שמעון דע געלדערן. ער איז שוין טויט זינט צוואנציג יאהר. ער איז געווען א מאדנער, מיט א נארישען אויסזעהן. א קליינע פיגור, מיט א בלאסליכען שטרענגען פנים, זיין נאז איז אפילו געווען גריכיש מיט גלייכע ליניען, אבער געוויס מיט איין דריטעל לענגער ווי די גריכען פלע־גען טראגען זייערע נעזער.

אין זיין יוגענד, האט מען געזאגט, איז זיין נאז געווען פון דער געוועהנליכער גרויס. און נאר דורך דער שלעכטער געוועהנהייט, וואס ער האט זי שטענדיג געהאלטען אין איין צופען, דעריבער האט זי זיך אויסגעצויגען אזוי אויסטערליש לאנג. און אז מיר קינ־דער האבען געפרעגט דעם פעטער צי דאס איז אמת, האט ער אונז דערלאנגט א מוסר דרשה, א שרעק. און דערביי זיך ווידער גע־צופט די נאז.

אנגעטאן איז ער געגאנגען גאנץ אלט פרענקיש. האט געטרא־גען קורצע הויזען, ווייסע זיידענע זאקען, שיך מיט זענגלעך, און ווערליג דער אלטער מאדע, א היבש לאנגען צאפ. ווען דאס קליינע מענשעלע פלעגט שטעלען פיסלעך אין גאס, פלי־הען פון איין פלייצע צו דער צווייטער, פלעגט מאכען קאמישע באוועגונגען און ס'האט אויסגעזעהן ווי הינטער דעם רוקען מאכט עס חוזק פון זיין אייגענעם באלעבאס.

אפטמאל ווען דער גוטער אנקעל איז געזעסען פארטיעפט אין געדאנקען, אדער ווען ער האט געלייענט די צייטונג, פלעגט מיך באפאלען דער זינדיגער חשק, שטילערהייד א נעם צו טאן דאס צעפעל און דאס ציהען, ווי עס וואלט געווען דאס הויז גלעקיל. דער פעטער פלעגט געוועהנליך בייז ווערען און ער פלעגט ברעכען די הענד און זיך קלאגען אויף דעם יונגווארג, וואס האט שוין פאר גאר ניט קיין רעספעקט, און קיין אויטאריטעט, ניט קיין מענשלי־כע און ניט קיין געטליכע קען זיי שוין ניט האלטען אין צוים. און

דער סוף וועט זיין, זיי וועלן זיך נאך פארמעסטן אויף דעם היי־ליגסטן.

און איז דאס אויסערליכע פונ׳ם מאן ניט געווען אזא, וואס עס זאל ארויסרופן רעספעקט. דערפאר איז זיין אינווייניגסטעס, זיין הארץ געווען שוין גאר רעספעקטאבעל, און דאס איז געווען דאס בראווסטע און עדעלמוטיגסטע הארץ, וואס איך האב געקענט דא אויף דער וועלט. אין דעם מאן איז געווען אן עהרענהאפטיגקייט, וואס האט דערמאנט אן דעם ריגאריזמוס פון דער עהרע אין די אלט שפאנישע דראמען. און אויך אין זיין געטרייקייט איז ער געווען גלייך צו די העלדען פון יענע דראמען. ער האט קיינמאל ניט געהאט די געלעגנהייט צו ווערען דער „ארצט פון זיין עהרע". דאך א „שטאנדהאפטיגער פרינץ" איז ער געווען אין זיין ריטער־ליכער גרויס. הגם ער האט ניט דעקלאמירט אין פיער פיסיגע טרא־כעיען, האט גאר ניט געלעכצט נאך דער פאלמע פון טויט און אנשטאט דעם גלאנצענדען ריטער מאנטעל האט ער געטראגען אן אבגעטראגען רעקעלע מיט א פויגעלשען עק.

קיין אסקעט וואס האט פיינט תענוגים איז ער ניט געווען. ער האט ליעב געהאט הוליאנקעס, און די וויין שטוב פון דעם שענ־קער ראזיא, וואו ער האט זעהר ליעב געהאט זיצען און צו עסען קרא־מעטס פייגעל מיט וואכהאלדער בעערען. אבער ער האט מקריב גע־ווען אלע קראמעטס פייגעל פון דער וועלט מיט אלע לעבענס תענוגים, אזוי שנעל ווי עס האט זיך געהאנדעלט וועגען אן אידעע, וואס ער האט דערקענט פאר אמת און גוט ; און ער פלעגט דאס טאן מיט אזוי ווייניג אויפזעהן. יא זאגאר מיט פארשעהמקייט, אזוי אז וואס ער האט דערקענט פאר אמת און גוט. און ער פלעגט דאס טאן קיינער האט גאר ניט באמערקט, אז אייגענטליך שטעקט אין אם דער קאמישער בריאה א באהאלטענער מארטירער.

לויט די וועלטליכע באגריפען איז זיין לעבען ניט געווען קיין לעבען. שמעון דע געלדערן האט אין דעם קאלעגיום פון די יעזואיטען געמאכט זיינע אזוי גערופענע הומאניסטישע שטו־דיען, הומאניארא. דאך ווען דער טויט פון זיינע עלטערן האט איהם איבערגעלאזט פולשטענדיג פריי און ער האט זיך געקענט אויסקלייבען זיין אייגענעם תכלית, האט ער זיך ניט אויסגעקליבען

קיין איינציגען אויסלענדישען אוניווערזיטעט און איז ליעבער געבליבען אין דער היים אין דיסעלדארף, אין „נח'ס תבה", ווי עס האט געהייסען דאס קליינע הויז, וואס זיין פאטער האט איהם אי־בערגעלאזט, און איבער וועמענס טיר עס איז געווען אויסגעהאקט א היבש בילד פון נח'ס תבה און איז געווען געפארבט מיט בונטע קאליערען.

מיט אן אויסערגעוועהנליכער התמדה האט ער זיך איבערגע־געבען צו אלע זיינע געלעהרנטע ליעבהאבערייען און חכמה'לעך, צו זיין ביבליאמאניע, און באזונדערס צו זיין געשרייבעכץ, וואס ער האט אפגעזעצט אין פאליטישע טאגבלעטער און אין ווינקעל צייט־שריפטען.

אגם אורחא האט איהם ניט נאר דאס שרייבען נאר אויך דאס דענקען געקאסט די גרעסטע אנשטרענגונג.

איז דער חשק צום שרייבען ענטשטאנען דורך דעם דראנג ניצליך צו ווערען פאר'ן כלל? ער האט אנטייל גענומען אין אלע טאג־פראגען און דאס לייענען פון צייטונגען און בראשורען האט ער געטריעבען ביז צו מאניע. אבער ניט אייגענטליך צוליעב זיין וואוילקענעוודיגקייט, נאר ווייל זיין פאטער און זיין ברודער זענען געווען דאקטוירים פון מעדיצין. און די אלטע ווייבער האבען זיך בשום אופן ניט געלאזט איינריידען, אז דער זוהן פון דעם אלטען דאקטאר, וואס פלעגט אזוי אפט אויסהיילען, זאל אויך ניט האבען געירשה'ט די היילמיטלען פון זיין פאטער, פלעגען זיי קומען צו איהם צו לויפען מיט זייערע אורין־פלעשער און פלעגען וויינען און בעטען, ער זאל זיי איבערקוקען, און זיי זאגען, וואס זיי פעהלט. ווען דער ארימער פעטער פלעגט אויף אזא אופן געשטערט ווערען אין זיינע שטודיען, האט ער געקענט ווערען אין כעס און ארויסיאגען די אלטע ווייבער מיט א כללה און זיי זאלען געהן צום טייוועל.

אט דער דאזיגער פעטער איז דאס געווען דער וואס האט אויף מיין גייסטיגער בילדונג געהאט א גרויסען איינפלוס, און איהם האב איך אין דער באציהונג זעהר פיעל צו פערדאנקען. ווי שטארק פארשיעדען עס זענען געווען אונזערע אנזיכטען, און ווי נישטדיג

עס זענען ניט געווען זיינע ליטעראַרישע באַשטרעבונגען. האָבען זיי דאָך אפשר אין מיר אויפגעוועקט דעם חשק צו ווערען אַ שרייבער.

דער פעטער האָט געשריבען מיט אַן אַלטען, הילצערנעם קאַנצעלייר־סטיל, ווי ער ווערט געלעהרנט אין די יעזואיטען־שולען, וואו לאַטיין איז דער עיקר, און איהם איז בשום אופן ניט געפעלען די אַרט און ווייזע ווי איך פלעג זיך אויסדריקען. ווייל דאָס איז איהם פאַרגעקומען צו לייכט, צו שפּיעלעווּדיג, צו אירעווערענציעז. אָבער זיין איבערגעבענקייט מיט וועלכער ער האָט מיר אַנגעוויזען די הילפסמיטלען פו דעם גייסטיגען פאָרטשריט, האָט פאַר מיר געהאַט די גרעסטע נוצען.

נאָך אַלם איננגעל פלעגט ער מיר שענקען די שענסטע און טייערסטע ווערק; ער האָט פאַר מיר געעפענט זיין אייגענע ביבליאָטעק, וואָס איז געווען אַזוי רייך אין קלאַסישע ביכער און וויכטיגע טאָג־בראָשורען, און ער האָט מיר אפילו ערלויבט אויפ'ן בוידים פון נח'ס תיבה ארומצונישטערען אין די קאַסטענעס, וואו עס האָבען זיך געפונען די אַלטע ביכער און כתבים פון דעם עלטער זיידען, עליו השלום.

וואָס פאַר אַ געהיימניספּולע פרייד פלעגט אויפלעבען אין דעם הארץ פונ'ם אינגעל, ווען ער האָט געקענט פאַרברענגען גאַנצע טעג אויפ'ן בוידים, וואָס איז אייגענטליך געווען אַ גרויסע דאַך־שטוב.

קיין שענער פּלאַץ, וואו זיך אויפצוהאַלטען, איז עס שוין גאָר ניט געווען. און די איינציגע באַוואוינערין פון אַט דער דאַך־שטוב, אַ דיקע אַנגאָריאַ קאַץ, האָט ניט באַזונדערס געהאַלטען פון זויבערקייט, און נאָר זעלטען פלעגט זי אַמאָל מיט איהר עק אָבקעהרען דעם שטויב און דאָס שפּינוועב פון די אַלטע לאַכעס, וואָס זענען דאָרטען געלעגען אָנגעהויפט גאַנצע הויפענס.

אָבער מיין הארץ איז געווען אַזוי בליהענדיג יונג און די זון האָט אַזוי הייטער אריינגעשיינט דורך דעם קליינעם בוידים פענסטעריל, אַז פאַר מיר איז דאָס אַלץ געווען באַגאָסען ווי מיט אַ פאַנטאַסטישען ליכט. און די אַלטע קאַץ אַליין איז מיר פאַרגעקומען ווי אַ פאַרשאָלטענע פּרינצעסין, וואָס וועט זיך פּלוצלונג באַ־

פרייען פון איהר חיה'שער געשטאלט און זיך קענען ווידער ווייזען אין איהר פריהערדיגער שענקייט און הערליכקייט, און די דאך־קאמער וועט זיך פארוואנדלען אין א פראכטפולען פאלאץ, ווי עס פלעגט אמאל געשעהן אין די אלטע כשוף־מעשה'לעך.

דאך די אלטע גוטע מערכען־צייט איז פארשוואונדען. די קעץ בלייבען קעץ. און די דאך־שטוב פון נח'ס תבה איז פארבליבען א שטויביגער קאמער פאר אלטווארג. א האספיטאל פאר אונקורירבארע הויז־כלים, א מושב זקנים פאר אלטע מעבעל, וואס האבען שוין דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון ניט טויג־ליכקייט צוליעב אלטער שוואכקייט, און וועלכע מען קען פארט ניט ארויסווארפען אין דרויסען צוליעב סענטימענטאלע טראדיציעס און צוליעב איינזעהעניש מיט פרומע זכרונות, וואס קניפען זיך אן אן זיי.

דא איז געשטאנען א צופוילטע, צובראכענע וויעג, אין וועל־כער מיין מאמע איז אמאל געוויגט געווארען; איצטער איז אין איהר געלעגען מיין זיידענס שטאאטס־פארוק, וואס איז שוין געווען אין גאנצען אפגעבלאקירט און האט פון עלטער אויס־געזעהן צו האבען געווארען קינדיש.

דעם זיידענס גאלאנטעריע זעבעל און א פייער־צוואנג, וואס האט נאר געהאט איין ארעם האט געהאנגען אויף דער וואנד. דער־נעבען אויף א וואקעלדיגען ברעט איז געשטאנען דער באבעס אויסגעשטאפטער פאפאגאי, וואס איז איצטער שוין געווען אין גאנצען אהן פעדערן און איז ניט מעהר געווען גרין נאר אש גרוי. און מיט דעם איין איינציגען גלעזענערנעם אויג, וואס איהם איז געבליבען, האט ער אויסגעזעהן זעהר אונהיימליך.

דא איז אויך געשטאנען א גרויסער, גרויער מאפס, פון פארצעלאן, וואס איז אינוויייניג געווען הויל; א שטיק פון דעם הינטערטייל איז געווען אפגעבראכען, און ווי עס ווייזט אויס האט די קאץ פאר אט דעם כינעזישען צי יאפאנעזישען בילד געמוזט האבען גרויס רעספעקט; ווארים זי פלעגט פאר איהם מאכען אלער־ליי אינטערטעניגע בוקערייען און האט עס אפשר געהאלטען פאר א געטליך וועזען; די קעץ זענען אבערגלויביש.

אין א װינקעל איז געלעגען אן אלטע פּליים. װעלכע האָט אמאָל געהערט צו מײן מאמע. זי פלעגט אויף איהר שפּיע־לען, װען זי איז נאָך געװען א יונג מײדעל. און טאקי אָט יענע דאָך־שטוב פלעגט זי אויסקלײבען פאר איהר קאָנצערט־זאַאַל, כדי דער אלטער הער, איהר פאָטער זאָל ניט געשטערט װערען אין זײן ארבײט. די קאץ האָט זיך איצטער אָט די פּלײט אויסגעקלי־בען פאר איהר ליעבסטען שפּיעלצײג, און בײ דעם אָפּגעבלאקירטען ראָזא באנד, װאָס איז באפעסטיגט ארום דער פּלײט, האלט זי זי אין אײן ארומקאָלערן אויפ'ן דיל אהין און צוריק.

צו די אנטיקעטען פון דער דאָך־קאמער האָבען אויך געהערט װעלט קוגלען. די װאונדערליכסטע פּלאנעטען־בילדער און קאָלבען און רעטארטען, װאָס האָבען דערמאָנט אָן אסטראלאָגישע און אלכימישע שטודיען.

אין די קאסטענס אונטער דעם זײדענס ביכער, האָבען זיך נאָך געפונען פיעל כתבים, װאָס האָבען געהאט צו טוען מיט אזעל־כענע געהײמע װיסענשאפטען. די מײסטע ביכער זענען פארשטעהט זיך געװען מעדיצינישע ביכער. עס האָבען אויך ניט געפעהלט קײן פילאָזאָפישע. דאָך לעבען דעם ארצפארנונפטיגען קארטעזיוס האָ־בען זיך אויך געפונען פאנטאסטען אזעלכענע װי פּראצעלזוס, װאן העלמאָנט אָדער גאָר אגריפּא פאָן רעטעסהײם, װעמענס "Philosophia occulta" איך האָב דאָ צום ערשטען מאָל באַ־קומען צו זעהן. דעם אינגעל האָט שױן אמוזירט די דעדיקאציאָנס־עפּיסטעל פון דעם טריטהערקן, און יענעמס ענטפער, װאָס איז געדרוקט דערנעבען, אין װעלכער אײן שארלאטאן צאהלט אָפּ דעם אנדערען זײנע באמבאסטישע קאָמפּלימענטען מיט צינזען.

דאָך דער בעסטער און טײערסטער אוצר, װאָס איך האָב גע־פונען אין יענע שטויביגע קאסטענס, איז געװען א נאָטיץ־בוך גע־שריעבען פון דער האנד פון מײן זײדענס א ברודער, װעמען מען האָט גערופען שעװאליער אָדער דער מזרח־לענדישער. און פון װעל־כען די אלטע מוהמעס פלעגען אלע מאָל האָבען אזוי פיעל צו זינ־גען און צו זאָגען.

אַט דער דאַזיגער עלטערפעטער, וואָס האָט טאַקי אויך גע־הייסען שמעון דע געלדערן, האָט געמוזט זיין אַ מאָדנער הייליגער. דעם צונאָמען דער „מזרח־לענדישער" האָט ער געקראָגען, ווייל ער האָט געמאַכט גרויסע רייזען אין אָריענט. און ווען ער איז צוריק געקומען פלעגט ער זיך אַלע מאָל קליידען אין אָריענטאַלישער טראַכט.

צום לענגסטען, ווייזט אויס, האָט ער זיך אויפגעהאַלטען ביי די פאַרשטעדט פון אפריקא, נעמליך אין די מאַראָקאַנישע שטאָטען, וואו ער האָט ביי אַ פּאָרטוגעזער זיך אויסגעלערנט די מלאכה פון שמיעדען כלי זיין. ביי וועלכער ער האָט געהאַט הצלחה.

ער איז עולה רגל געווען קיין ירושלים, וואו ער האָט ביי אַ שטאַרקען כונה'דיגען דאַווענען אויף דעם בארג מוריה געזעהען אַ זעהונג. וואָס האָט ער געזעהן? דאָס האָט ער קיינמאָל ניט אַנט־פּלעקט.

אַן אונאַבהענגיגער בעדואינער־שבט, וואָס האָט ניט גע־גלויבט אין איסלאַם נאָר אין אַ סאָרט תורת משה, און וועלכער האָט געהאַט זיין קוואַרטיר אויף איינעם פון די אָאַזען אין דעם גאַרד אפריקאַנישען זאַמ־־מ־בר, האָט איהם אויסגעקליבען פאַר זיין אַנפיהרער אָדער שעיך. אַט דאָס קריגערישע פאָלקעלע האָט געהאַל־טען אין איין אָרומשלאָגען זיך מיט אַלע שכנ'ישע שבטים און איז געווען דער שרעק פון די קאַראַוואַנען. צו רעדען אויף אייראָפּע־איש: מיין זעליגער עלטער פעטער, דער פרומער וויזיאָנער פון היילינגען בארג מוריה, איז געוואָרען אַ רויבער הויפּטמאַן. אין יענער שענער געגענד האָט ער זיך אויך ערוואָרבען יענע קענטעניש־שען פון פערד־צוכט, אין יענע רייטער־קונצען, מיט וועלכע ער האָט שפּעטער, צוריקקומענדיג אין מערב־לאַנד, אַרויסגערופען אַזוי פיעל באַוואונדערונג.

אין די פאַרשיעדענע הויפען, וואו ער האָט זיך לאַנג אויפגע־האַלטען, האָט ער אויך געגלאַנצט דורך זיין פערזענליכער שענקייט און שטאַטליכקייט, און אויך דורך דער פּראַכט פון זיין אָריענטאַ־לישער קליידונג, וואָס האָט באַזונדער געווירקט ווי אַ כשוף אויף די פרויען. צום מייסטען אָבער האָט ער אימפּאָנירט מיט זיינע גע־

היימע וויסענשאפטען און קיינער האט ניט געוואגט, אט דעם אל־מעכטיגען נעקראמאט, צו פאר׳מיאוס׳ען ביי זיינע געגנער אין די אויגען. דער גייסט פון דער אינטריגע האט מורא געהאט פאר די גייסטער פון דער קבלה.

נאר זיין אייגענער איבערמוט האט איהם געקענט ברענגען צו זיין פאלען. און מאדנע געהיימניספול פלעגען די אלטע מוהמעס שאקלען מיט זייערע גרייז גרויע קעפלעך, ווען זיי פלעגען מיט א האלב מויל דערצעהלען פון דער גאלאנטער פארהעלטניש, אין וועלכער דער „מזרח־לענדישער" איז געשטאנען מיט עפּיס א זעהר הויכער דאמע, און ווען דאס איז אויפגעדעקט געווארען, האט ער געמוזט ווי צום שנעלסטען פארלאזען דאס הויף און דאס לאנד. און נאר דורך אנטלויפען און איבערלאזען אלץ, וואס ער האט פאר־מאגט, האט ער געקענט אנטרינען פון א זיכערען טויט. און טאקע נאר זיינע גרויסע קונצען אין רייטען האט ער געהאט צו פערדאנ־קען זיין רעטונג.

נאך דער דאזיגער אווענטורע, האט ער, ווי עס ווייזט אויס, געפונען א מקום מנוחה אין ענגלאנד, וואו עס איז איהם אבער געגאנגען ניט זעהר גוט. איך שליס דאס פון דעם פעטערס א בראשורע, וואס איז געדרוקט געווארען אין לאנדאן, און וועלכע איך האב אמאל, ארויפקלעטערענדיג ביז צו דער העכסטער פאליצע פון דער דיסעלדארפער ביבליאטעק, צופעליג ענטדעקט. דאס איז געווען אן אראטאריע אין פראנצויזישע פערזען, וואס האט גע־הייסען „משה אויף דעם בארג חורב". זי האט אפשר זיך באצויגען אויף דער דערמאהנטער זעהונג. די הקדמה איז אבער געווען גע־שריעבען אין ענגליש און איז געווען דאטירט פון לאנדאן; די פער־זען, ווי אלע פראנצויזישע פערזען, געגראמט לעבליך־ווארים וואַ־סער, אבער די ענגלישע פראזא פון דער הקדמה האט געוויזען דעם אומעט פון א שטאלצען מאן, וואס געפינט זיך אין א נויטבאַ־דירפטיגער לאגע.

אוים דעם עלטערפעטער גאטיץ־בוך, האב איך ניט געקענט א סך ארויסקריגען; ווארים עס איז געווען, אפשר אוים פארזיכ־טיגקייט, געשריעבען צומייסטענס מיט אראבישע, סירישע און

קאַפּטישע אותיות, צווישען וועלכע עס האָבען זיך, מאָדנע, אויך אויסגעמישט פראַנצויזישע פערזען. אַזוי למשל זעהר אָפט דער פערז:

**Ou l'innocence perit, c'est un crime de vivre.**

מיר האָבען זיך אויך געוואָרפען אין די אויגען עטליכע באַמערקונגען, וואָס זענען אויך געווען געשריעבען אין דער פראַנצויזישער שפראַך; ווי עס ווייזט אויס איז דאָס פראַנצויזישע געווען דער געוועהנליך אידיאָם פון דעם שרייבער.

אַט דער דאָזיגער עלטער־פעטער איז געווען אַ רעטזעלהאַפטע ערשיינונג שווער צו באַגרייפען. ער האָט געפיהרט איינעם פון יענע וואונדערליכע לעבענס, וואָס איז נאָר מעגליך געווען ביים אָנהויב און אין מיטען פון אכצעהנטען יאהרהונדערט; ער איז געווען אַ האַלבער שווערמער, וואָס האָט געמאַכט פּראָפּאָגאַנדע פאַר קאָסמאָפּאָליטישע, וועלט־באַגליקענדיגע אוטאָפּיען, און אַ האַלבער אוואַנטוריסט, וועלכער פיהלענדיג זיין אינדיווידועלע קראַפט, ברעכט ער דורך אָדער שפּרינגט אריבער די צופוילטע שראַנקען פון אַ צופוילטער געזעלשאַפט. אַלענפאַלס איז ער געווען אין גאַנצען אַ מענש.

זיין שאַרלאַטאַניזמוס, וועלכען מיר ווילען ניט פאַרלייקענען, איז ניט געווען פון דעם געמיינעם סאָרט. ער איז ניט געווען קיין געוועהנליכער שאַרלאַטאַן, וואָס אויף די יארידים רייסט ער ביי די פויערים אויס די ציינער, נאָר ער האָט זיך מוטיג אריינגעכאַפּט אין די פּאַלאַצען פון די גרויסע, ווען ער האָט ארויסגעריסען דעם שטאַרקסטען באַק־צאָהן, ווי דער הייליגער ריטער היאָן פון באָרדאָ האָט עס געטהאָן צו דעם סולטאַן פון בבל. דאָס קלאַפּען געהערט צו דער מלאכה, זאָגט אַ שפּריך וואָרט, און דאָס לעבען איז אַ מלאכה פּונקט ווי אַנדערע מלאכות.

און וועלכער בעדייטענדער מענש איז ניט אַביסעל אַ שאַרלאַטאַן? די שאַרלאַטאַנען פון דער באַשיידענקייט זענען די ערגסטע מיט זייערע הכנעה'דיגע מעשים אין דער פינסטער. ווער עס וויל ווירקען אויף די מאַסען, מוז האָבען אַ שאַרלאַטאַנישען עפעקט.

דער צוועק הייליגט די מיטלען. האָט דאָך דער ליעבער גאָט אליין, ווען ער האָט געגעבען זיין תורה אויף דעם בארג סיני, ניט אָפּגעזאָגט זיך ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט צו בליצען און דונערן. הגם די תורה איז געווען אזוי פאַרטרעפליך און אזוי געטליך, אז זי האָט זיך זיכער געקענט באַגעהן אָהן יעדען עפעקט פון לייבטענדיגען קאָלאָפאָניום און דונערענדיגע פויקערייען. אבער דער הער גאָט האָט געקענט זיין פובליקום, וואָס איז זיך געשטאַנען אונטער'ן בארג מיט זיינע אָקסען און שאָף און מיט צועפּענטע מיילער, און ביי וועמען די פיזיקאַלישע קונצען האָבען זיכער ארויסגערופען מעהר באוואונדערונג ווי אלע נסים פון דעם אייביגען געדאַנק.

ווי עס זאָל ניט זיין, דער דאָזיגער עלטער־פעטער האָט אויסערגעוועהנליך געווירקט אויף דער פאַנטאַזיע פון דעם אינגעל, אלץ וואָס מען האָט פון איהם דערצעהלט, האָט געמאַכט א ניט פארגעסליכען איינדרוק אויף דעם יונגען געמיט, און איך האָב זיך געפלעגט אימער פאָרטיעפען אין זיינע וועגען און שיקזאַלען, און טיילמאָל פלעגט מיך אין מיטען העלען טאָג באַהערשען אן אונהיימליך געפיהל, און איך בין מיר פארגעקומען ווי איך וואָלט דאָס אליין געווען מיין פארשטאָרבענער עלטער פעטער, און ווי איך וואָלט דאָס געלעבט א פאָרטזעצונג פון דעם לעבען פון יענעם שוין לאנג פארשטאָרבענעם.

ביי נאכט פלעגט זיך דאָס זעלביגע רעטראָספעקטיוו אָפּשפּיגלען אין מיינע חלומות. מיין לעבען איז דעמאָלט געווען גלייך צו א גרויסען זשורנאַל, וואו די אויבערשטע אָפּטיילונג איז פארנומען מיט דער געגענוואַרט, דעם טאָג, די באַריכטען פון טאָג און די דעבאַטען פון טאָג, בעת אין דער אונטערשטער אָפּטיילונג ווערט פאַנטאַסטיש איבערגעגעבען די פּאָעטישע פארגאנגענהייט אין נאכט־חלומות, וואָס האַלטען כסדר אין איין קומען, ווי א רייה ראָמאַן־פעליטאָנען.

אין די דאָזיגע חלומות האָב איך זיך אין גאנצען אידענטיפיצירט מיט מיין עלטער פעטער, און מיט א גרויל פלעג איך אין דערזעלביגער צייט פיהלען, אז איך בין דאָך אן אנדערער, און געהער

צו גאַר אַן אַנדערער צייט. דאָ זענען געווען אַזעלכענע ערטער, וואָס איך האָב פריהער קיינמאָל ניט אַנגעזעהן, דאָ זענען געווען פאַרהעלטנישען, פון וועלכע איך האָב פריהער קיינמאָל קיין אהנונג ניט געהאַט. און דאָך האָב איך דאָרט ארומגעוואַנדעלט מיט אַ זי־כערן טראַט און געפיהלט זיך זיכער.

דאָרטען פלעג איך באַגעגנען מענשען מיט ברענענידגע, בונ־טע און מאָדנע טראַכטען. און מיט אויסטערלישע וויסטע פיזיאָ־נאָמיען. ווענען איך פלעג פון דעסטוועגען דריקען די הענד, ווי אַלטע באַקאַנטע; איך האָב פאַרשטאַנען זייערע ווילד פרעמדע, קיינמאָל ניט געהערטע שפּראַכען. צו מיין פאַרוואונדערונג האָב איך זיי אפילו געענטפערט אין דיזעלביגע שפּראַכען, און איך פלעג געסטיקולירען מיט די הענד מיט אַזאַ שנעלקייט, וואָס איז קיינ־מאָל ניט געווען מיין טבע. און איך פלעג זאָגען אַזעלכענע זאַכען, וואָס מיר איז געווען דערווידער און וואָס זענען געווען פונקט דער היפוך מיט מיין געוועהנליכען אַרט דענקען.

אַט דער וואונדערליכער צושטאַנד האָט געמוזט געדויערן אודאי אַ יאָהר. און הגם איך בין ווידער געקומען צו דער איינהייט פון מיין זעלבסט־באַוואוסטזיין זענען דאָך איבערגעבליבען גע־היימע שפּורען אין מיין נשמה. ניט איין אודיאָסינקראַזיע, ניט איינע פון מיינע פּאַטאַלע סימפּאַטיען און אַנטיפּאַטיען, וואָס פּאַ־סען גאַר ניט צו מיין טבע. יאָ, אפילו אַסך פון מיינע האַנדלונגען וואָס שטעהן אין ווידערשפּרוך מיט מיין אַרט דענקען, ערקלעהר איך מיר אַלס נאָכווירקונגען פון יענער חלומות־צייט, אין וועלכער איך בין געווען מיין עלטער־פעטער.

ווען איך באַגעה פעהלערן, וועלכע איך קען אַליין ניט באַ־גרייפען ווי אַזוי זיי זענען ענטשטאַנען, וואַרף איך זיי גערן אַרויף אויף דעם חשבון פון מיין מזרח־לענדישען דאָפּעל גענגער. ווען איך האָב אַמאָל פאַר מיין טאַטען פאַרגעלעגט אַט אַזאַ השערה, כדי צו פאַרשטעלען עפּיס אַ קליין עברה׳לע, האָט ער שאַלקהאַפטיג באַ־מערקט: ער האָפט, אַז מיין פּעטער האָט קיינמאָל ניט אונטערגע־שריבען קיין וועקסעל, פאַר וועלכען מען זאָל אַמאָל קענען קומען מיך מאַהנען.

מען איז מיך ניט געקומען מאהנען קיין אריענטאלישע וועקס־לען, און איך האב געהאט גענוג צרות מיט מיינע אייגענע אקסי־דענטאלע וועקסלען.

אבער עס זענען געווים פאראנען ערגערע חובות ווי געלד חובות, וואס די אבות לאזען אונז איבער צו באצאהלען. יעדער דור איז א פארטזעצונג פון דעם אנדערן און ער איז ערב פאר יענעמס מעשים. די תורה שרייבט: „די עלטערן האבען געגעסען אומצייטיגע וויינטרויבען און די קינדערס ציינער זענען האיליג געווארען.“

עס הערשט א סאלידאריטעט צווישען די דורות, וואס קומען איינער נאכ'ן אנדערן. יא, אפילו די פעלקער, וואס קומען אויף דער ארענא, איינס נאכ'ן צווייטען, איבערנעמען אזא סאלידארי־טעט, און די גאנצע מענשהייט ליקווידירט סוף כל סוף די גרויסע ירושה פון דער פארגאנגענהייט. אין דעם עמק יהושפט וועט דאס גרויסע בוך מיט שולדען פארניכטעט ווערען, אדער אפשר וועט דאס געשעהן נאך פריהער דורך אן אוניווערזאל־באנקראט.

דער געזעץ־געבער פון די אידען האט די דאזיגע סאלידארי־טעט טיעף דערקענט. און באזונדערס דאס סאנקציאנירט אין זיינע געזעצען וועגען ירושה. פאר איהם האט אפשר ניט עקזיסטירט קיין אינדיווידועל וייטער לעבען נאכ'ן טויט, און ער האט נאר געגלויבט אין דער אונשטערבליכקייט פון דער משפחה; אלע גיטער זענען געווען דאס אייגענטום פון דער משפחה, און קיינער האט זיי ניט געקענט אזוי פאלשטענדיג אפקויפען, אז אין א געוויסער צייט זאלען זיי ניט קענען מעהר צוריק קעהרען צו דער משפחה.

א שטארקען געגענזאץ צו יענער מענשענפריינדליכער אידעע פון תורת משה, שטעלט מיט זיך פאר דאס רוימישע געזעץ, וואס אפילו אין ירושה רעכט ווייזט עס ארוים דעם עגאאיזם פון דעם רוימישען כאראקטער.

איך וויל מיך דא ניט אריינלאזען אין אונטערזוכונגען, אין פארפאלגענדיג מיינע פערזענליכע באקענטנישען, וויל איך דא גי־כער אויסנוצען די געלעגענהייט, וואס מאכט זיך מיר ווידער צו ווייזען דורך א ביישפיעל ווי די אונשענדליכסטע טאטזאכען זענען אפטמאל פון מיינע שונאים באנוצט געווארען צו די בייזוויליגע

בלבולים. די לעצטע האָבען דאָס געזאָלט האָבען געמאכט די ענטדעקונג, אַז אין די ביאָגראַפישע מיטטיילונגען רעד איך זעהר פיעל פון מיין מאַמעס משפחה, אָבער גאָר ניט פון מיין טאַטענס משפחה, און זיי באַצייכנען דאָס אַלס אַ זאַך, וואָס איך פאַרשווייג מיט אַ כונה און באַשולדיגען מיך מיט די זעלביגע אייטעלע הינטערגע־דאַנקען, וואָס מען פלעגט אויף פאַרוואַרפען מיין פאַרשטאָרבענעם קאָלעגע וואַלפאַנג געטהע.

עס איז ווירקליך אמת, אַז אין זיינע מעמואַרען רעדט זיך מיט אַ באַזונדערער הנאה וועגען דעם זיידען פון זיין פאַטערס צד, וועלכער האָט אַלס שטרענגער הער שולטהייס פּרעזידענטירט אויף דעם רוימער פון פראַנקפורט, אין דער צייט וואָס פון זיידען פון דער מוטערס צד, וועלכער אַלס עהרליך שניידעריל פלעגט ער אויף דער באַקענהיימער גאַס זיצען אויפ'ן ווערקטיש און פאַרלאַטען די אַלטע הויזען פון דעם רעפּובליק, וועגען איהם ווערט ניט דערמאָנט קיין איינציג וואָרט.

איך דאַרף דאָ ניט פאַרענטפערן געטהע'ן בנוגע אָט דעם דאָ־זיגען איגנאָרירען. דאָך וואָס אַנבעלאַנגט מיר אַליין, וואָלט איך וועלען יענע בייזוויליגע און אָפּט אויסגעגנוצטע אינטערפּרעטאַ־ציאָנען און אינסונאַציאָנען, פאַרענטפערען, אַז עס איז ניט מיין שולד, ווען אין מיינע שריפטען ווערט קיינמאָל גאָר ניט גערעדט פון דעם זיידען פון טאַטענס צד. די סבה איז אַ פּשוט'ע. איך האָב קיינמאָל פון איהם קיין סך ניט געוואוסט וואָס צו זאָ־גען. מיין טאַטע עליו השלום איז אַלס פרעמדער מאַן געקומען אין אונזער שטאָדט אריין קיין דיסעלדאָרף, און האָט דאָ ניט געהאַט קיין קרובים, קיינע פון יענע אַלטע מוהמעס, וואָס זענען די וויי־בערשע באַרדען, וועלכע זינגען טאָג טעגליך פאַר פאַר דעם יונגען אינגעל יענע אַלטע פאַמיליען־לעגענדען, מיט אַן עפּישער מאָנאָטאָנ־קייט, דער חילוק איז נאָר, וואָס די שטאָטישע באַרדען באַלייטען זיי־ערע לעגענדען מיט דעם דודעלזאַק, און זיי טוען דאָס דורך דעם שנאָר־כען פון זייערע נעזער. אָט די ווייבערשע באַרדען האָבען נאָר דער־צעהלט פון די מעשים וואָס עס האָבען אויפגעטאָן די קלאַנס פון דער מאַמעס משפחה. פון דער דאָזיגער זייט האָט מיין יונג געמיט

געקראַגען פריהע איינדריקען, און איך פלעג האַרכען אַ פּאַרגאַפּטער ווען די אַלטע ברײנעלע אַדער ברינהילדים, פלעגט דערצעהלען.

מיין טאַטע אַליין איז געווען זעהר קאַרג אויף ווערטער. האָט ניט ליעב געהאַט צו רעדען. און איינמאָל אַלס קליין אינגעל, אין דער צייט, ווען איך פלעג אין די וואָכענטעג צוברענגען אין דער פראַנציסקאַנער קלויסטערשול, און די זונטאַגס אין דער היים. האָב איך זיך אַמאָל באַנוצט מיט דער געלעגענהייט מיין טאַטען צו פרע־ גען, ווער עס איז געווען מיין זיידע. אויף דער דאָזיגער פראַגע האָט ער געענטפערט האַלב לאַכענדיג, און האַלב אונצופריעדען: „דיין זיידע איז געווען אַ קליין אידעלע און האָט געהאַט אַ גרויסע באָרד.“

דעם אנדערן טאָג, ווען איך בין אריינגעקומען אין שולזאַל, וואו איך האָב שוין געפונען פאַרזאַמעלט מיינע קליינע חברים, האָב איך זיך געאיילט זיי צו דערצעהלען די וויכטיגע נייאיגקייט, אז מיין זיידע איז געווען אַ קליין אידעל, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע באָרד.

קוים האָב איך דאָס ארויסגעזאָגט, האָט דאָס גענומען פלי־ הען פון איין מויל צום צווייטען, און איז געוואָרען איבערגע־ חזר'ט אין אַלערליי קולות, און מען האָט דאָס נאָך באַלייט מיט נאָכמאַכען די קולות פון חיות. דאָס קליינוואַרג האָט גענומען שפּרינגען איבער טישען און בענק, האָבען פון די ווענט ארונטער־ געריסען די רעכען טאָוולען, וואָס זיי האָבען דערנאָך ארומגעוואָרפען אויפ'ן דיל צוזאַמען מיט די טינטערס און דערביי האָט מען גע־ לאַכט, געמעקערט, געקוויטשעט, געבילען, געקרעהט — אַן אמת'ר גיהנום־שפּיעל, וועמענס רעפריין איז אַלע מאָל געווען דער זיידע, וואָס איז געווען אַ קליין אידעל און האָט געהאַט אַ גרויסע באָרד.

דער לעהרער צו וועמען עס האָט געהערט דער קלאַס, האָט דערהערט דעם ליאַרעם און ער איז אריינגעקומען אין זאַל מיט אַ פּנים, וואָס האָט געגליהט פון צאָרן און ער האָט גלייך געפרעגט, ווער עס האָט אַנגעהויבען אַט דעם ליאַרעם. ווי עס געשעהט אַלע מאָל אין אַזעלכענע פאַלען, האָט יעדער געזוכט זיך ארויסצו־

דרעהען, ביז ביים סוף פון דער אונטערזוכונג האט זיך ארויסגע־וויזען, אז איך, דער ארימסטער האב דאס ארויסגערופען דעם גאנצען ליארעם, מיט דעם וואס איך האב דערצעהלט, פון מיין זיידען, און איך האב געמוזט אפקומען פאר מיין עברה מיט א היבשע צאל שמיץ.

דאס זענען געווען די ערשטע שמיץ, וואס איך האב אויף דער וועלט באקומען. און ביי דער דאזיגער געלעגענהייט האב איך שוין געמאכט די פילאזאפישע באטראכטונג, אז דער ליעבער גאט, וואס האט באשאפען שמיץ, האט מיט זיין גוטסקייט און חכמה אויך דערפאר געזארגט, אז דער וואס גיט זיי, ווערט סוף כל סוף מיעד, ווארים אז ניט וואלטען שמיץ זיכער געווען אונערטרעגליך.

דער שטעקען מיט וועלכען מען האט מיך געשמיסען, איז גע־ווען א דין שטעקעלע מיט א געלער פארב. דאך די פאסען, וואס דאס האט איבערגעלאזט אויף מיין רוקען זענען געווען טונקעל־בלוי. איך האב זיי ניט פארגעסען.

אויך דעם נאמען פון לעהרער, וואס האט מיך אזוי אונ־בארמהערציג געשלאגען, האב איך ניט פארגעסען: דאס איז געווען דער פאטער דיקערשייט, מען האט איהם באלד ארויסגעיאגט פון דער שול, צוליעב א געוויסער זאך, וואס איך וועל אויך קיינמאל ניט פארגעסען, אבער וועלכע איך וויל ניט דערצעהלען.

דער ליבעראליזם האט דעם פריסטערשטאנד אפט גענוג פארלוימדעט מיט אונרעכט. און איצטער קען מען איהם שוין פארגינען אביסעל שוינונג, ווען אן אומווירדיג מיטגליעד באר נעהט א פארברעכען, וואס סוף כל סוף דארף מען דאס דאך צורעכ־נען צו דער מענשליכער נאטור, אדער צו דער מענשליכער אומנא־טור.

פונקט ווי דער נאמען פון דעם מאן, וואס האט מיר דער־לאנגט די ערשטע שמיץ, איז מיר אויך געבליבען אין זכרון. דאס וואס האט געבראכט צו די שמיץ. דאס איז מיין אומגליקליכע גע־נעאלאגישע מיטטיילונג. און די נאכווירקונג פון יענע פריהע יוגענד־איינדרוקען איז אזוי גרויס, אז יעדעס מאל ווען מען פלעגט רעדען פון קליינע אידען מיט גרויסע בערד, איז מיר אן אונהיימליכער

עראינערונג דורכגעלאָפּען ווי אַ שווידער דורכ'ן רוקען. „אַן אָפּגע־בריהטע קאַץ האָט מורא פאַר דעם קאַכענדיגען קעסעל", זאָגט דאָס שפּריך־וואָרט. און יעדער וועט ליכט באַגרייפען, אַז זינט דעמאָלט האָב איך ניט געהאַט קיין גרויסע נייגונג, צו וועלען מעהר געוואָהר ווערען וועגען יענעם זיידען אין זיין יחוס־בוים; אָדער גאָר דעם דערוואַקסענעם פּובליקום, ווי אַמאָל דעם קליינעם, עפּיס צו דער־צעהלען וועגען דעם.

מיין באָבע פון טאַטענס צד, פון וועלכער איך ווייס אויך ווע־ניג וואָס צו זאָגען, וויל איך פון דעסטוועגען ניט לאָזען ניט דער־מאָנט. זי איז געווען אַן אויסערגעוועהנליך שענע פרוי און די איינ־ציגע טאָכטער פון אַ באַנקיער אין האַמבורג, וואָס איז צוליעב זיין עשירות געווען באַריהמט ווייט און ברייט. אָט דער אומשטאַנד מאַכט מיך גלויבען, אַז דער קליינער איד, וואָס האָט דעם שענעם פּאַרשוין געקענט אַרויסקריגען פון דעם רייכען עלטערן הויז און זי פיהרען צו זיך אהיים קיין האַנאָווער, האָט אַ חוץ זיין גרויסער באָרד געמוזט האָבען זעהר גוטע אייגענשאַפטען און האָט געמוזט זיין זעהר אַ בכבוד'ר.

ער איז פריה געשטאָרבען און איבערגעלאָזט אַן אלמנה מיט זעקס קינדער. אַלע אינגלעך אין די צאַרטעסטע יאָהרען. זי האָט זיך אומגעקעהרט קיין האַמבורג און איז דאָרט געשטאָרבען אויך ניט זעהר קיין אַלטע.

אין דעם שלאָף־צימער פון מיין פעטער סאַלאָמאָן היינע אין האַמבורג, האָב איך אַמאָל געזעהן דאָס פּאָרטרעט פון מיין באָבען. דער מאַלער, וועלכער האָט זיך באַמיהט צו אַרבייטען לויט דעם רעמבראַנדישען מאַניער פון ליכט און שאָטען־עפּעקטען, האָט דעם בילד צוגעגעבען אַ שוואַרצע, קלויסטערשע קאָפּ־באַדעקונג, און פּונקט אַזאַ שטרענגען טונקעלען מאַנטעל און אַ פּעך פינסטערען הינ־טערגרונד, אַזוי אַז דאָס פולבאַקיגע מיט אַ גוידער פאַרזעהענעם גע־זיכט, האָט אַרויסגעשימערט ווי אַ פולע לבנה פון שוואַרצע נאַכט־וואָלקענס.

איהר געזיכט האָט נאָך געהאַט שפּורען פון גרויסער שענקייט. זי איז געווען אי מילד און אי ערנסט, און באַזונדערס די צאַרט־

קייט פון דער הויט פארב האט דעם גאנצען געזיכט געגעבען דעם אויסדרוק פון פארנעהמקייט פון דער אייגענטימליכסטער ארט. וואלט דער מאלער געווען דער דאמע געמאלען מיט א גרויסען קרייץ פון דימענטען פאר דער ברוסט, אזוי וואלט מען זיכער געגלויבט, אז דאס זעהט מען דאס פארטרעט פון עפּיס א פירשטערליכער אבטיסין פון א פראטעסטאנטישען אדעליגען מאנאסטיר.

פון דער באבעס קינדער האבען, אויף וויפיעל איך ווייס, בלויז צוויי גע'ירשה'ט איהר שענקייט, און די זענען געווען מיין טאטע און מיין פעטער סאלאמאן היינע, דער פארשטארבענער שעף פון דעם האמבורגער באנקיער הויז מיט אט דעם נאמען.

די שענקייט פון מיין טאטען האט געהאט, עפּיס צו ווייבעס, כאראקטערלאזעס, ווייבערשעס. זיין ברודער האט שוין געהאט פיעל מעהר מענערשע שענקייט און איז בכלל געווען א מאן, וועמענס כאראקטער שטארקייט האט זיך אויך אנטפּלעקט אין זיינע עדעל־געמאסטענע, רעגעלמעסיגע שטריכען, אימפּאזאנט און טיילמאל זאגאר איינדרוקספאל.

זיינע קינדער זענען אלע, אהן אן אויסנאהם, געווען גרויסע שענהייטען. דאך האט זיי דער טויט אפּגעשניטען אין זייער בליהונג. און פון אט דעם שענעם מענשען־בלומענבוקעט, לעבען איצטער נאר צוויי, דער איצטיגער שעף פון דעם באנקיערהויז און זיין שוועסטער, א זעלטענע ערשיינונג מיט — — — *)

איך האב אט די אלע קינדער אזוי ליעב געהאט, און איך האב אויך ליעב געהאט זייער מוטער, וואס איז אויך געווען פונקט אזוי שען און איז אויך געשטארבען. און אלע האבען זיי מיר גע־

---

*) אין דעם אורשפּרינגליכען מאנוסקריפּט זענען אויף דעם ארט צוגעקומען נאך דריי שורות אונטען אויף דעם בלאט און אויבען אויף דעם נעקסטען בלאט, וועלכע זענען געווארען אפּגעשניטען מיט א שער. שווער צו גלויבען, אז דאס האט געטאן היינריך היינע. וואהרשיינליך זיין ברודער מאקסימיליאן, וועלכער האט געוויס ניט געוואלט, אז זיי זאלען פארעפענטליכט ווערען צוליב משפּחה אנגעלעגענהייטען.

קאסט א סך טרעהרען. איך מוז אין אט דעם אויגנבליק ווירקליך שאקלען מיט דעם נארענהיטעלע, כדי צו פארקלינגען מיינע וויי־נענדיגע געדאנקען.

איך האב אויבען געזאגט, אז די שענקייט פון מיין טאטען האט געהאט עפּיס ווייבערשעס אין זיך. איך וויל מיט דעם בשום אופן ניט אנדייטען, אז איהם האט געפעהלט מענליכקייט. דאס לעצטע האט ער אין זיין יוגענד ניט איינמאל באוויזען. דאס זאל ניט אויסגעטייטש ווערען אויף קיין שלעכטען אופן. אין זין האב איך געהאט נאר די פארמען פון זיין קערפּערליכער ערשיינונג, וואס זענען ניט געווען געשפּאנט און שטייף, נאר גיכער מעהר ווייך און צערטליך אפּגערונדעט. די קאנטורען פון זיינע געזיכטסצוגען האט געפעהלט דאס פעסטע, און זיי זענען זיך צושוואומען אין אונ־באשטימטען. אין זיינע שפּעטערע יאהרען איז ער געווארען פעט, אבער ווי עס ווייזט אויס, איז ער אין זיין יוגענד אויך ניט געווען קיין מאגערער.

אין דער השערה האט מיר באשטעטיגט א פּארטרעט, וועל־כעס איז שפּעטער ביי מיין מאמען פארלוירען געווארען אין א שרפה. אט דאס פּארטרעט האט איהם פארגעשטעלט, אלס א יונ־גען מאן פון ארום אכצעהן אדער נייצעהן יאהר, אין א רויטען אוניפארם, די האר געפּודערט און פארזארגט מיט א בייטעל.

דאס דאזיגע פּארטרעט איז גליקליכערווייז געווען געמאלט מיט פּאסטעל־פארב, איך זאג גליקליכערווייז, ווייל אט די פארם קען בעסער איבערגעבען יענעם בליהונגס־שטויב, וואס מיר בא־מערקען אויף מענשען, וועלכע טראגען פּודער, ווי אויל־פארב מיט דעם גלאנציגען פירניס. זי האט נאך א מעלה, וואס זי פארשליי־ערט די אונבאשטימטקייט פון די געזיכטסצוגען. נאכדעם ווי דער מאלער האט אויף דעם דערמאנטען פּארטרעט מיט די קריידווייסע געפּודערטע האר און דעם ווייסען האלזטוך אריינגע־מאלט דאס ראזאווע פּנים, האט ער דורך דעם קאנטראסט איהם געגעבען א שטארקערען קאלאריט, און עס איז ארויסגעקומען קרעפטיגער.

אויף די שארלאך־רויטע פארב פון דעם ראָק, וואָס אויף אייל־בילדער, מאכט זי אויף אונז אזא שוידערהאפטען איינדרוק, האָט דאָ פארקעהרט געמאכט א גוטען עפעקט, וואָרים דורך דעם איז די ראָזאָווע פארב פון געזיכט געוואָרען אנגענעהם מילדער.

דער טיף פון שענקייט, וואָס האָט זיך ארויסגעוויזען אין זיי־נע געזיכטס־צוגען, האָט ניט דערמאָנט, ניט די צנועה׳דיגע אידע־אליטעט פון די גריכישע קונסטווערק, אויך ניט די ספּירימואַליס־טיש־שווערמערישע אָבער מיט היידנישער געזונדקייט טראָגענדי־גער קונסט פון דער רענעסאנס צייט: ניין, דאָס דערמאָנטע פּאָרט־רעט האָט גיכער געטראָגען דעם כאראקטער פון זיין אייגענער צייט, וועלכע האָט טאקע גאָר קיין כאראקטער ניט געהאט. וואָס האָט ווייניגער ליעב געהאט די שענהייט, ווי דאָס נעטע קאָ־קעט ־ ציערליכעס: א צייט וועלכע איז אין דער אָפּגע־שמאקטקייט דערגאנגען ביז פאָעזיע. יענע זיסע, געציקעלטע צייט פון דעם ראָקאָקאָ, וועלכע מען האָט אויך גערופען די צייט פון די האָרבייטלען, און וועלכע האָט ווירקליך אלס א סמן געטראָגען דעם האָר־בייטעל, ניט אויפ׳ן שטערן נאָר אויפ׳ן הינטערשטען טייל פון קאָפּ. וואָלט דאָס בילד פון מיין פאָטער אויף דעם דערמאָנטען פּאָרטרעט געווען אביסעל מעהר מיניאטור, אזוי וואָלט מען זיכער געקענט זאגען, אז דער פּאָרטרעפּליכער וואטאָ האָט עס געמאָלען כדי איינגעראמט אין פאנטאסטישע אראבעסקען פון בונטע עדעל־שטיינער און גאָלדפליטערלעך, אויך דאָס צו פּאראדירען אויף א פּאָ־כער פון דער פרוי פון פּאמפּאדור.

באמערקענסווערט איז אפשר אויך דאָס, אז מיין טאָטע איז אפילו אין די עלטערע יאָהרען געבליבען געטריי דער אלט־פרענקישער מאָדע פון פודער. און ער האָט זיך געלאָזט פודערן ביז אין די לעצטע טעג פון זיין לעבען. הגם ער האָט פארמאָגט די שענסטע האָר, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלען. זיי זענען געווען בלאָנד, כמעט גאָלדיג און זיי האָבען געהאט אזא ווייכקייט, ווי איך האָב זי נאָר געפונען ביי געוויסע סאָרטען כינעזישע זייד.

ער וואָלט געווים אויך געווען געבליבען ביי דעם האָרבייטעל, נאָר ער האָט ניט געקענט ביישטעהן דעם פאָרטגעשריטענען גייסט

פון דער צייט. אין דער דאָזיגער פאַרלעגנהייט איז מיין טאַטע געפאַלען אויף אַ גוטער המצאה. ער האָט נאָר געאַפּפּערט די פאָרם, דאָס שוואַרצע זעקעלע (sachet) דעם בייטעל; די לאַנגע האָר גופא האָט ער פון דעסטוועגן זינט דעמאָלט געטראָגן ווי אַ ברייט געפלאָכטענעם שיניאָן, וואָס איז געווען באַפעסטיגט צום קאָפּ מיט קליינע קעמעלעך. אָט דעם צאָפּ איז צוליעב דער ווייכקייט פון די האָר און צוליעב דעם פּודער כמעט גאָר ניט געווען צו דערקענען. און אויף אַזאַ אופן איז מיין טאַטע אין דער אמת'ן דאָך ניט געווען קיין אַפּטריניגער פון דעם אַלטען האָר בייטעלטום, און ער האָט זיך נאָר, פּונקט ווי אַנדערע קריפּטאָ־אָרטאָדאָקסען, פון דרויסען צוגעפּאַסט צו דעם גרויזאַמען צייט־גייסט.

דער רויטער אוניפאָרם, אין וועלכען מיין פאָטער איז געווען אָפּגעמאָהלען אויף דעם דערמאַנטען פּאָרטרעט, האָט אָנגעוויזען אַז ער האָט געהאַט צו טאָן מיט דעם האַנאָווערשען דיענסט. מיין טאַטע האָט זיך געפונען אין דעם חיל פון פּראַנץ ערנסט פאָן קימפּערלאַנד אין אָנהויב פון פראַנצויזישען קריעג און האָט מיטגעמאַכט דעם מאַרש אין פלאַנדערן און בראַבאַנט, אַלס פּראָוויאַנטמייסטער אָדער קאָמיסאַריוס, אָדער ווי די פראַנצויזען רופען עס אָן officier de bouche די פּרייסען רופען אַזאַ איינעם „מעהלוואָרם.“

דער אמת'ר אמט פון אָט דעם בלוט יונגען מענשען איז אָבער געווען דער אמט פון איינעם וואָס האָט נושא חן געווען ביים פּרינץ. אַ מין ברומעל au petit pied און אַהן אַ געשטייפטען קראַוואַט און ביים ענד האָט ער געהאַט אַזאַ סוף ווי אַלע אַזעלכע שפּיעלצייגען, וואָס זענען נושא חן ביי פירשטען אין די אויגען. מיין טאַטע איז אפילו אויף זיין גאַנץ לעבען געווען איבערצייגט, אַז דער פּרינץ, וואָס איז שפּעטער געוואָרען דער קעניג פון האַנאָווער, האָט איהם קיינמאָל ניט פאַרגעסען. דאָך האָט ער זיך ניט געקענט ערקלעהרען, פאַר וואָס דער פּרינץ שיקט קיינמאָל ניט נאָך איהם. און פרעגט זיך גאָר קיינמאָל אויף איהם ניט נאָך, ווארים ער קען דאָך ניט וויסען; צו זיין אַמאָליגער ליעבלינג לעבט ניט אין

אזעלכענע פארהעלטנישען אין וועלכע ער קען איהם זעהר נויטיג באדארפען.

פון יענער מלחמה פעריאדע שטאמען עטליכע שוואכ־קייטען פון מיין טאטען, פון וועלכע מיין מאמע האט איהם קוים איינציגוויין געקענט אבגעוועהנען. אזוי למשל פלעגט ער זיך גערן לאזען צורעדען צום הויכען שפיעל, פלעגט פראטעזשירען די דאמאלסדיגע קונסט, אדער בעסער געזאגט איהרע פריעסטערינס, און ער האט גאר געהאט א ליידענשאפט פאר פערד און הינט. ביי זיין אנקומען קיין דיסעלדארף, וואו ער האט זיך באזעצט אלס סוחר אוים ליעבע צו מיין מאמע, האט ער געהאט מיטגע־בראכט צוועלף פון די שענסטע פערד. ער האט זיך אבער פון דעם באפרייט, ווייל אזוי האט אויסדריקליך געוואלט זיין יונגע פרוי, וועלכע האט איהם פארגעשטעלט אז אט דער פיערפיסיגע קאפיטאל פרעסט צופיעל האבער און ברענגט גאר ניט איין.

שווערער איז שוין אנגעקומען מיין מאמען אוועק צו שיקען אויף דעם שטאלמייסטער, דאס איז געווען א קורצער און א גראבער חאם, וואס איז תמיד געלעגען אין שטאל מיט עפים א לומפ און פלעגט שפיעלען אין קארטען. סוף כל סוף איז ער אליין אוועק נעגאנגען. און מיט איהם איז אויך מיטגעגאנגען דעם טאטענס א גאלדענער רעפעטי זייגער און עטליכע אנדערע ווערטפולע ציערונגען.

נאכדעם ווי מיין טאטע איז פטור געווארען פון דעם יטויגע־ניכטס, האט זי אויך באפרייט דעם טאטענס יאגד הינט מיט דעם אויסנאהם פון איין איינציגען, וואס האט געהייסען דזשאלי, און איז געווען שרעקליך מיאוס. ער האט געפונען גנאד אין איהרע אויגען. טאקי דערפאר ווייל ער האט אין זיך גאר ניט געהאט פון די אייגענשאפטען פון א יאגד הונד, און האט געקענט ווערען א באלעבאטיש געטרייער און טוגענדהאפטער הויז־הונד. ער האט אין דער שטאל באוואוינט דעם טאטענס אלטע קאליאס, און ווען מיין טאטע פלעגט זיך דא מיט איהם צוזאמענטרעפען, פלעגען זיי זיך איינס דאס אנדערע צוווארפען באדייטענדע בליקען. יא, דזשאלי

— פלענט דאן מיין טאטע זיפצען און דזשאלי פלעגט אומעטיג דרעהען מיט'ן וויידעל.

איך גלויב, דער הונד איז געווען א חונף, און אמאל אין א שלעכטער שטימונג, ווען זיין ליעבלינג האט צוליעב א טראט אויף זיין פוס שוין צו יעמערליך געקוויטשעט, האט מיין טאטע צוגעגעבען אז די קאנאליע מאכט זיך נאר אזוי. צום סוף איז דזשא־לי געווארען זעהר קרעציג און אזוי ווי ער איז געווארען א וואנ־דערנדיגע קאזארמע מיט פליי, האט ער געמוזט דערטרונקען ווע־רען. א זאך וואס מיין טאטע האט געלאזט געשעהן און האט גאר ניט געהאט דאגעגען. — די מענשען זענען מקריב זייערע פיער־פיסיגע ליעבלינגע מיט דער זעלביגער אינדיפערענץ, ווי די פירש־טען זייערע צוויי פיסיגע.

פון מיין טאטענס מיליטערישע צייטען, האט געווים אויך געשטאמט זיין גרעניצלאזע ליעבע פאר דעם סאלדאטען שטאנד, אדער בעסער געזאגט, פאר דעם סאלדאטען שפיעל. דער חשק צו יענעם לוסטיגען, גאר ניט טוענדיגען לעבען, וואו גאלדענע פליי־טערלעך אין שארלאך רויטע פאסען פארהילען די אינווייניגסטע ליי־דיקייט, און בארוישטע נארישע גאוה, קען זיך ארויסגעבען פאר מוט.

אין זיין יונקערישע סביבה איז ניט געווען ניט קיין מילי־טערישער ערנסט און ניט קיין אמת'ר פערלאנג נאך רוהם; פון העראאיזם קען גאר קיין רעד ניט זיין. אין זיינע אויגען איז געווען דער עיקר די וואך־פאראד, דאס קלינגענדיגע געוועהר דער גע־פאסטער אוניפארם, וואס פאסט אזוי פאר שענע מענער.

ווי גליקליך איז דארום געווען מיין טאטע, ווען אין דיסעל־דארף איז געווארען די בירגער־גווארדיע, און ער האט געקענט אלס אן אפיציער פון אט דער גווארדיע פארביימארשירען פארביי אונ־זער הויז אין דעם טונקעל־בלויען אוניפארם מיט די הימעלבלויע סאמעט קלאפען, אן דער שפיץ פון זיינע קאלאנען. פאר מיין מא־מע, וואס איז דעמאלט א געריוטעלטע געשטאנען ביים פענס־טער, פלעגט ער סאלוטירען מיט דער ליעבליכסטער העפליכקייט; דער בינט פעדערן אויף זיין דרייעקיגען הוט פלעגט דאן שטאלץ

פלאטערן, און אין דעם שיין פון דער זון פלעגען פריידיג בלי־צען די עפּאלעטען.

נאך גליקליכער פלעגט זיין מיין טאטע, ווען עס פלעגט קו־מען זיין רייה זיך צו שטעלען אויף דער הויפּטוואך אלס דער קאמאנדירענדיגער אפיציער, און ער פלעגט האבען צו זארגען פאר דער זיכערקייט פון דער שטאדט. אין אזעלכענע טעג פלעגט אויף דער הויפּטוואך זיך גיסען לויטער רידעסהיימער און אסמאנס־הייזער פון די בעסטע יאהרען, און אלץ אויף דעם חשבון פון דעם קאמאנדירענדיגען אפיציער, מיט וועמענס פּרייגעביגקייט זיינע בירגער גווארדיסטען, זיין כרתי און פלתי, האבען זיך גאר ניט גע־קענט אנלויבען.

מיין פאטער איז ביי זיי געווען זעהר פּאפּולער. זייער באַ־גייסטערונג פאר איהם איז זיכער געווען אזוי גרויס, ווי די באגייסטערונג מיט וועלכע די אלטע גווארדיע פלעגט ארומיובלען דעם קייזער נאפּאלעאן. יענער האט גע־ווים פארשטאנען זיינע לייט אויף אן אנדערן אופן צו פאר׳שכור׳ן. די גווארדיסטען פון מיין פאטער האט אויך ניט געפעהלט א געוויסע מוטיגקייט, ווען אפילו עס פלעגט זיך האנדלען וועגען איינעמען מיט שטורעם א באטעריע פון וויינפלאַ־שען, וועמענס העלזער עס זענען געווען פון דעם גרויסען קאליבער. אבער דער העלדענמוט איז דאך געווען פון אן אנדערן סארט, ווי יענער העלדענמוט, וואס מען פלעגט געפינען ביי דער אלטער קייזער גווארדיע. די לעצטע זענען געשטארבען און האבען זיך ניט איבערגעגעבען, אין דער צייט וואס די גווארדיסטען פון מיין טאטען זענען אלע מאל געבליבען ביים לעבען און האבען זיך אפּט איבערגעגעבען.

וואס אנבעלאנגען די זיכערקייט פון דער שטאדט דיסעל־דארף, האט זי געמוזט אויסזעהן זעהר ניט פויגעלדיג אין די נעכט ווען מיין טאטע פלעגט קאמאנדירען אויף דער הויפּטוואך. אמת, ער פלעגט זארגען דערפאר אז עס זאלען ארויסגעשיקט ווערען פאטרולען, וועלכע פלעגען זינגענדיג און קלינגענדיג דורכציהען דורך פארשיעדענע געגענדען פון שטאדט. אמאל האט זיך געטראפען

אז אזעלכענע צוויי פּאטראָלען האָבען זיך באַגעגענט און אין דער פינסטערניש האָט איינער דעם צווייטען געוואָלט אַרעסטירען, אלס שכורים און שטערער פון דער רוה. צום גליק זענען מיינע לאַנדס־לייט אַן אומשעדליך פרעהליך פאָלקעל, און ווען זיי זענען שכור זע־נען זיי גוטמוטיג, ils ont le vin bon און עס איז ניט גע־שעהן קיין אומגליק. זיי האָבען זיך אונטערגעגעבען איינער צום אנדערען.

איינער פון די הויפּטשטריכען אין מיין טאַטענס כאַראַקטער איז געווען א גרעניצלאָזער לעבענס לוסט. אין זיין געמיט איז תמיד געווען יום טוב. און ווען אפילו די טאַנץ מוזיק איז ניט אלע מאָל געווען רוישיג, האָבען דאָך תמיד געשפּיעלט די פידלען. תמיד נאָר הימעלבלויע הייטערקייט און טראָמפּייטען פון דעם לייכטזין. א זאָרגלאָזיגקייט, וואָס האָט אלעמאָל פארגעסען אַן דעם נעכטיגען טאָג און האָט קיינמאָל ניט געוואָלט טראַכטען וועגען דעם קומענדיגען מאָרגען.

אָט די דאָזיגע טבע זיינע, איז געשטאַנען אין דעם וואונ־דערליכסטען ווידערשפּרוך מיט דער ערענסטקייט, וואָס איז גע־לעגען אויף זיין שטרענג־רוהיגען פּנים און האָט זיך ארויסגעוויזען אין זיין האַלטונג און אין יעדער באַוועגונג פון קערפּער. ווער עס האָט איהם ניט געקענט און האָט צום ערשטען מאָל דערזעהן אָט די ערענסטע, געפּודערטע געשטאַלט און אָט די וויכטיגע מיע־נען, וואָלט געקענט גלויבען, אז דאָס זעהט ער פאַר זיך איינעם פון גריכענלאַנד׳ס זיעבען חכמים. ביי א נעהענטערער באַקאַנט־שאַפט האָט מען אָבער געקענט באַמערקען, אז ער איז ניט געווען ניט קיין טהאַלעס און ניט קיין לאַמפּזאַקוס, וואָס גריבעלט זיך וועגען קאָסמאָגאָנישע פּראָבלעמען. יענע ערנסטקייט איז אמת ניט געווען קיין געמאַכטע, אָבער זי פלעגט דאָך דערמאָנען יענע פאַר־צייטיגע באַר רעליעפס, אויף וועלכע א פרעהליך קינד האַלט פאַר די אויגען א גרויסע טראַגישע מאַסקע.

ער איז ווירקליך געווען א גרויס קינד, מיט א קינדערשער נאַיוויטעט, וואָס ביי פלאַכע פאַרשטאַנדס ווירטואָזען האָט עס געקענט גילטען פאַר נאַרישקייט, אָבער וואָס אין דער אמת׳ן פלעגט

ער אמאל קענען ארויסווייזען דורך עפּים א טיפּזיניגען אויס־דרוק, אז ער פאַרמאַגט דעם אמת׳ן בליק אויף זאכען. (איג־טואיציאָן).

ער פלעגט דערשמעקען מיט זיינע גייסטיגע פיהל הערנער דאָס, וואָס די קלוגע האָבען באגריפען פאמעליך ערשט דורך רעפ־לעקסיאָן. ער פלעגט וועניגער טראכטען מיט׳ן קאָפּ, ווי מיט׳ן הארץ און ער האָט געהאט דאָס ליעבענסווירדיגסטע הארץ, וואָס מען קען זיך נאָר דענקען. דאָס שמייכעלע, וואָס פלעגט טיילמאל שפּיעלען ארום זיינע ליפּען, און וואָס איז געווען א מאָדענער היפוך צו דער דערמאָנטער ערענסטקייט, דאָס איז געווען דער זיסער ווי־דערשיין פון דער גוטסקייט פון זיין נשמה.

אויך זיין קול, הגם מענערש, און מיט א פולען קלאנג, האָט אין זיך אויך געהאט עפּים קינדערשעס. איך וואָלט כמעט זאגען, אז עס האָט דערמאָנט אַן וואלד טענער, עפּים ענגליכעס צו די קלאנגען פון דעם רויט־קעהלכען; ווען ער פלעגט רעדען, פלעגט זיין שטים ארייגדרינגען אזוי דירעקט אין הארצען אריין, ווי זי וואָלט גאָר ניט באדארפט נעמען דעם וועג דורך די אויערען.

ער פלעגט רעדען דעם האַנאָוונישען דיאלעקט, וואו דאָס דייטשע, פּונקט ווי אין דער דרום׳דיגער סביבה פון אַט דער שטאָדט, ווערט ארויסגערעדט צום בעסטען. פאר מיר איז דאָס געווען א גרויסער געווינס. וואָרים אויף אזא אופן האָט זיך מיין אויער שוין אין מיין קינדהייט צוגעוועהנט צו א גוטער אויס־שפּראך פון דער דייטשער שפּראך, בעת וואָס אין אונזער שטאָדט אליין ווערט גערעדט אַט יענער פאטאלער קוידערוועלש פון דעם אונטערשטען רהיין, וואָס אין דיסעלדאָרף קען מען איהם נאָך ווי ניט איז פארטראָגען. אבער אין דעם שכנישען קעלן ווערט ער שוין אמת׳דיג עקעלהאפט. קעלן איז דאָס טאסקאנא פון א קלאסיש שלעכטער אויסשפּראך פון דייטשען און קאבעס רעדט מיט מאריצעביל אין אזא אויסשפּראך, וואָס קלינגט ווי פוילע אייער, עס שמעקט כמעט.

אין דער שפּראך פון דיסעלדאָרף באמערקט מען שוין אן איבערגאַנג אין דעם קוואקען פון זשאבעס פון די האָלענדישע

זומפּען. איך װיל בשום אופן ניט אַפּלײקענען די אײגנטימליכע שענקײט פון דער האָלענדישער שפּראַך, איך בין זיך נאָר מודה, אַז איך האָב פאַר איהר קײן אױערען ניט. עס מעג זיך אפילו זײן אמת, אַז אונזער אײגענע דײטשע שפּראַך, װי דאָס װילען האָבען נידערלענדיש פּאַטריאָטישע לינגװיסטען, איז נאָר אַ פאַרדאָרבענע האָלענדיש. דאָס איז מעגליך.

דאָס דערמאָנט מיך אָן דער באַהױפּטונג פון אַ קאָסמאָפּאָליטישען זאָאָלאָג, װעלכער ערקלעהרט אַז די אַפּען זענען די אורעלטערן פון דעם מענשליכען געשלעכט; לױט זײן מײנונג זענען די מענשען נאָר אױסגעבילדעטע, אָדער בעסער איבערגעבילדעטע אַפּען. װען די אַפּען זאָלען קענען רעדען, װאָלטען זײ װאָהרשײנליך באַהױפּטען, אַז די מענשען זענען נאָר דעגענערירטע אַפּען. אַז די מענשהײט איז אַ קאַליע געװאָרען אַפּענטום, פּונקט װי לױט דער מײנונג פון די האָלענדער איז די דײטשע שפּראַך אַ פאַרדאָרבען האָלענדיש.

איך זאָג: װען די אַפּען זאָלען קענען רעדען. הגם איך בין ניט איבערצײגט אַז זײ קענען ניט רעדען. די נעגערן בײם סענעגאַל פאַרזיכערן שטײף און פעסט, אַז די אַפּען זענען מענשען פּונקט אַזױ װי מיר, און זענען נאָך קליגער, דערמיט װאָס זײ האַלטען זיך אָפּ פון רעדען און װערען דארום ניט אַנערקענט פאַר קײן מענשען און װערען ניט געצװאונגען צו אַרבײטען. זײערע כיטרע אַפּען קונצען זענען נאָר אַ מין שלויקײט, דורך װעלכע זײ װילען ערשײנען בײ די מאַכטהאָבער פון דער ערד פאַר אַזעלכענע, װאָס טױגען ניט װי מיר צו װערען אױסגענוצט.

אַז באַפרײאונג פון יעדער כבוד זוכערײ, װעט בײ מיר אַרױסרופען אַ הױכע מײנונג װעגען אָט די מענשען, װאָס פאַרשטעלען זיך אין אַ שטומען אינקאָגניטאָ, און מאַכען נאָך אפשר חוזק פון אונזער פלאַטשיגקײט. זײ בלײבען פרײ אין זײערע װעלדער און זאָגען זיך קײנמאָל ניט אָפּ פון זײער נאַטור-צושטאַנד. זײ װאָלטען אמת׳דיג מיט רעכט געקענט באַהױפּטען, אַז דער מענש איז אַ דעגענערירטער אַף.

אפשר האָבען אונזערע עלטערזײדעס אין אַכצעהנטען יאהר-

הונדערט שוין עפּיס עהנליכעס פאַראויסגעזעהן. און דערפאַר ווייל זיי האָבען אינסטינקטיוו געפיהלט, ווי אונזער גלאַטע איבערציוויליזאַציאָן איז נאָר א געלאַקירטע פּוילעניש, און ווי נויטיג עס איז צוריק זיך אומצוקעהרען צו דער נאַטור, האָבען זיי דאָס געזוכט זיך צו דערנעהנטערן צו אונזער אורטיפּוס, דעם נאַטירליכען אפּענטום. זיי האָבען געטאָן, וואָס ס'איז נאָר געווען מעגליך, און אזוי ווי סוף כל סוף, כדי צו ווערען אין גאַנצען אַפּען האָט זיי שוין מעהר ניט געפעהלט ווי אַן עק, האָבען זיי אָט דעם חסרון אויסגעפילט מיט דעם צאָפּ. אויף אזא אופן איז די מאָדע פון צאָפּ א באַדייטענדער סימפּטאָם פון אַן ערענסט באַדערפעניש, און ניט נאָר א שפּיעל פון פּריוואַליטעט — דאָך אומזיסט פּרואוו איך אַלץ מיט דעם קלינגען פון מיין נאַרען מיצעל איבערצוקלינגען דעם אומעט, וואָס נעמט מיך ארום יעדעס מאָל, ווען איך טראַכט פון מיין פאַרשטאָרבענעם טאַטען.

פון אלע מענשען איז ער געווען דער יעניגער, וועמען איך האָב צומייסטען ליעב געהאַט אויף דער וועלט. ער איז איצטער טויט שוין לענגער פון 25 יאָהר. איך האָב מיר קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אז איך וועל איהם אמאָל פאַרלירען. און אפילו איצטער קען איך קוים גלויבען, אז איך האָב איהם ווירקליך פאַרלוירען. עס איז שווער זיך איבערצוצייגען אין דעם טויט פון די מענשען, וועלכע מיר האָבען שטאַרק ליעב. אבער זיי זענען טאַקי ניט טויט. זיי לעבען ווייטער אין אונז און וואוינען אין אונזער נשמה.

זינט דעמאָלט איז ניט פאַרבייגעגאַנגען איין נאַכט אין וועלכער איך האָב ניט געמוזט טראַכטען וועגען מיין טאַטען עליו השלום. און ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין דער פריה, פלעג איך אָפט גלויבען איך הער נאָך דעם קלאַנג פון זיין קול, ווי דעם עכאָ פון א חלום. אָפט פלעגט זיך מיר דאַכטען: אָט מוז איך מיך געשווינדט אָנטאָן און שנעל ארונטערלויפען צו מיין טאַטען אין דער גרויסער שטוב אריין. ווי איך פלעג דאָס טאָן אינגעלוויין.

מיין טאַטע פלעגט פריה אויפשטעהן און זיך נעהמען צו זיינע

נעשעפטען סאי זומער סאי ווינטער. און איך פלעג איהם שוין געוועהנליך געפינען ביים שרייבטיש, וואו ער פלעגט, זיך ניט אומקוקענדיג, מיר דערלאנגען די האנד צום קושען. א שענע, פיינ־געשניטענע, פארנעהמע האנד, וואס ער פלעגט וואשען מיט מאנ־דעלעהל. איך זעה זי נאך פאר מיר. איך זעה נאך יעדעם בלויע אדערל, וואס איז דורכגעלאפען אט דער בלענענדיגער ווייסער מאר־מאר־האנד, מיר דאכט, ווי אט דער מאנדעל דופט וואלט מיר נאך דורכגעצופט דורך מיין נאז, און דאס אויג ווערט פייכט.

טיילמאל פלעגט עס ניט בלייבען ביי דעם בלויזען קוש. און מיין טאטע פלעגט מיך נעמען צווישען זיינע קניה און מיך קושען אויפ'ן שטערן. איין פריהמארגען האט ער מיך ארומגענומען מיט אן אויסערגעוועהנליכער צערטליכקייט און האט געזאגט: היינטי־גע נאכט האב איך פון דיר גע'חלום'ט עפיס שענעס און איך בין זעהר צופריעדען מיט דיר, מיין ליעבער הארי. ווען ער האט געזאגט אט די ווערטער, האט זיך א שמייכעלע פארצויגען אויף זיינע ליפען, ווי ער וואלט וועלען זאגען: מעג זיך הארי אין דער ווירקליכקייט נאך ווי ניט שען אויפפיהרען, איך וועל דאך, כדי איך זאל איהם ליעב האבען, תמיד פון איהם עפיס שענעס חלומ'ן.

הארי איז אין ענגלאנד דער פאמיליערער נאמען פון די יע־ניגע, וואס הייסען העברי, און מיינט אין גאנצען דאסזעלביגע ווי מיין דייטשער טויף נאמען „היינריך". דער בעקאנטער אופן ווי מען רופט דעם לעצטען נאמען אין דעם דיאלעקט פון מיין היים, קלינגט אויסערגעוועהנליך שלעכט. כמעט וואולגאר. למשל היינץ, היינצכען, הינץ. הינצכען ווערען אפט אנגערופען די קליינע הויז לצים און דער קאטער אין שטיוועל אין ליאלקע שפיעל, און דער קאטער ווערט בכלל אין דער פאלקס פאבעל אנגערופען „הינצע."

אבער ניט דערפאר איז מיין נאמען פון מיין טאטען אנגלי־זירט געווארען. נאר ווייל ער האט געוואלט עהרען איינעם פון זיי־נע בעסטע פריינד אין ענגלאנד. מר. הארי איז געווען מיין טא־טענס געשעפטס־פיהרער (קארעספאנדענט) אין ליווערפול; ער האט דארטען געקענט די בעסטע פאבריקען, וואו עס איז פאבריצירט געווארען וועלוועטין, א האנדעלס ארטיקעל, וואס איז מיין טא־

מען זעהר געווען צום הארצען, מעהר אויס אמביציאן ווי צוליעב פארדיענסט. ווארים הגם ער פלעגט באהויפטען, אז אין יענעם אר־טיקעל פארדיענט ער פיעל געלד, בלייבט דאס אבער נאך א גרוי־סער ספק. און מיין טאטע וואלט אפשר נאך געווען צוגעצאהלט פיעל געלד, אבי ער זאל נאר קענען פארקויפען וועלוועטין פון א בסערער קוואליטעט און פון א גרעסערער קוואנטיטעט ווי זיינע קאנקורענטען. מיין טאטע האט בכלל ניט געהאט קיין בארעכענדען סוחרישען גייסט, הגם ער פלעגט תמיד רעכענען, און דער האנדעל איז פאר איהם געווען פיעל מעהר א שפיעל. פונקט ווי די קינדער שפיעלען זיך אין זעלנער אדער אין קאכען.

זיין טעטיקייט איז אייגענטליך נאר געווען אן אונאויפהער־ליך ארומפארען זיך. דער וועלוועטין איז געווען זיין שפיגעלע. און ער איז געווען גליקליך ווען די גרויסע פראכטוועגען זענען געווארען אויסגעלאדענט און שוין ביים אויספאקען איז די שטוב געווען פול מיט אלע שכני׳שע סוחר׳ישע אידען; ווארים די לעצטע זענען געווען זיינע בעסטע קונים, און ביי זיי האט דער וועלווע־טין געפונען ניט נאר דעם גרעסטען אפזאץ נאר אויך די גרעסטע אנערקענונג.

און אזוי ווי דו, טייערער לעזער, ווייסט אפשר ניט, וואס „וועלוועטין" איז, וועל איך מיר ערלויבען דיר צו ערקלעהרען, אז דאס איז אן ענגליש ווארט, וואס מיינט סאמעטארטיג, און דערמיט רופט מען אן א געוויסען סארט סאמעט געמאכט פון באנוועל, פון וועלכען עס ווערט געמאכט זעהר שענע הויזען, וועסטען און אפילו קאמיזעלען. אט דער קליידער־שטאף הייסט אויך „מאנטשעסטער" נאך דעם נאמען פון דער שטאדט, וואו ער איז צום ערשטען מאל פאבריצירט געווארען.

יוזייל דעם טאטענס פריינד, וואס האט זיך אם בעסטען פאר־שטאנען אויף איינקויפען וועלוועטין האט געהייסען הארי, האב איך אויך באקומען דעם דאזיגען נאמען, און הארי האט מען מיך גערופען אין דער משפחה און אזוי האבען מיך גערופען די הויז־פריינד און די שכנים.

איך האב נאך איצטער ליעב צו הערען ווי מען רופט מיך

ביי דעם דאַזיגען נאָמען .הגם איך האָב איהם צו פאַרדאַנקען גע־נוג פאַרדראָס, און אפשר דעם עמפּפינדליכסטען פאַרדראָס פון מיין יוגענד. ערשט איצטער ווען איך לעב ניט מעהר צווישען די לעבעדיגע, און פאַלגליך לעשט זיך אויס אין מיין נשמה יעדע גע־זעלשאַפטליכע נאַרישע גאוה, קען איך דערפון רעדען אהן יעדער פאַרלעגענהייט.

דאָ אין פראַנקרייך איז, גלייך ווי איך בין נאָר אָנגעקומען קיין פּאַריז, מיין דייטשער נאָמען „היינריך" איבערגעזעצט געוואָרען אין „הענרי". און איך האָב זיך געמוזט צוגעוועהנען און דאָ אין דעם לאַנד זיך אליין אזוי רופען. ווארים דאָס ווארט היינריך קען דאָס פראַנצויזישע אויער ניט פאַרנעהמען. און די פראַנצויזען ווע־לען זיך בכלל יעדע זאַך אין דער וועלט מאַכען רעכט באַקוועם. אויך דעם נאָמען „הענרי היינע" האָבען זיי קיינמאָל ניט געקענט גוט אַרויסרעדען. און ביי די מעהרסטע הייס איך „מר. ענר ענן", פון פיעל ווערט דאָס אין איין „ענריען" צוזאַמענגעצויגען און עטליכע האָבען מיך גערופען „מר. אַן ריען."

דאָס שאַדט מיר אין געוויסע ליטעראַרישע באַציהונגען, פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט דאָס פאַר מיר אויך אַ מעלה. אזוי למשל, צווישען מיינע עדעלע לאַנדסלייט, וואָס קומען קיין פּאַריז זענען פאַראַן עטליכע, וואָס וואָלטען מיך דאָ גערן וועלען באַרע־דען, נאָר אזוי ווי זיי רעדען אַלע מאָל אַרויס מיין נאָמען דייטש, קומט די פראַנצויזען גאָר ניט אויפ'ן זין, אז אָט דער רשע און אָט דער ברונען פאַרגיפטער, אויף וועמען מען דערצעהלט אזעלכענע שלעכטע מעשיות, איז ניט קיין אַנדערער ווי זייער פריינד Monsieur Enrienne און יענע עדעלע נשמות האָבען נעביך אומזיסט אויסגעשאָסען זייערע טוגענדהאַפטע פּיילען: די פראַנצויזען ווייסען ניט, אז דאָס מיינט מען מיך. און די גוטע און פרומע לייט האָבען נעביך אומזיסט אויסגעשאָסען זייערע פּיילען פון רכילות.

עס איז אָבער דערין פאַראַן עפּיס ניט אַנגענעהמעס ווען מען רעדט אונזער נאָמען שלעכט אַרויס. עס זענען פאַראַן מענשען וואָס ווייזען ביי אזעלכענע געלעגענהייטען אַרויס אַ זעהר גרויסע

עמפפינדליכקייט. איך האב מיר אמאל געמאכט א שפאס און געפרעגט דעם אלטען קערוביני צי ס׳איז אמת, אז דער קייזער נאפאלעאן פלעגט אלע מאל ארויסרעדען זיין נאמען ניט קערוביני נאר שערוביני. הגם דער קייזער האט געקענט גענוג איטאליעניש כדי צו וויסען, אז אין איטאליענישען ווערט .Ch ארויסגערעדט ווי „קיו“ אדער ווי א „ק“. ביי דער דאזיגער פראגע האט זיך דער אלטער מאעסטרא גענומען בייזערן אויף א העכסט קאמישען אופן.

איך האב קיינמאל געפיהלט עפּיס ענגליכעס.

הײנריך, האַרי, הענרי — אט די אלע נעמען קלינגען גוט, ווען זיי גליטשען זיך אראפ פון שענע ליפען. אמת, צום בעסטען קלינגט „סעניאר ענריקא“. אזוי האב איך געהייסען אין יענע העל בלויע, מיט גרויסע זילבערנע שטערען געשטיקטע זומערנעכט פון יענעם עדעלען און אומגליקליכען לאנד, וואס איז די היים פון דער שענהייט, און וואס האט ארויסגעבראכט ראפאעל סאנציא פון ארבינא, דזשאאקינא ראסיני און די פרינצעסין בעלדזשואווע.

אזוי ווי דער קערפערליכער צושטאנד רויבט ביי מיר יעדע האפנונג ווען עס איז נאך אמאל צו לעבען אין דער געזעלשאפט, און אזוי ווי די לעצטע עקזיסטירט שוין ווירקליך ניט פאר מיר, האב איך אויך פון זיך אראפגעווארפען די בענדער פון יענער פערזענליכער כבוד זוכעריי, וואס ליגט אויף יעדערען, וועלכער דארף זיך ארומטרייבען צווישען די מענשען, אין דער אזוי גערופענער וועלט.

איך קען דארום איצטער מיט א ריינעם זין רעדען פון דעם שלים־מזל, וואס איז געווען פארבונדען מיט דעם נאמען „הארי“ און וואס האט מיר פארביטערט און פאר׳סמ׳ט מיינע בעסטע פריהלינגס יאהערן פון לעבען.

געווען איז דאס אזוי. אין מיין פאטער־שטאדט האט געוואוינט א מאן, וואס האט געהייסען „דער דרעק מיכעל,“ ווייל ער פלעגט יעדען אין דער פריה ארומפאהרען איבער די גאסען מיט א וואגען אין וועלכען עס איז געווען איינגעשפאנט אן עזעל, און פאר יעדען הויז פלעגט ער זיך אפשטעלען כדי צו צו נעמען דאס מיסט,

וואס די מיידלעך האבען צונויפגעקעהרט אין היבשע הויפענס, עם אויפלאדענען אויפ'ן וואגען און עם אוועקפיהרען צום מיסט־פעלד. אט דער מאן האט אויסגעזעהן ווי זיין באשעפטיגונג. און דער עזעל, וואס האט ווידער פון זיין זייט אויסגעזעהן ווי זיין באלעבאס, פלעגט זיך אפשטעלען ביי יעדען הויז אדער זיך לאזען לויפען, לויט נאכדעם, ווי אזוי מיכעל האט אויסגערופען דאס ווארט „האאריה!"

צי דאס איז געווען זיין אמת'ר נאמען, צי נאר אזא אויסרוף? איך וויים דאס נים. דאך, אויף אזוי פיעל איז געוויס, אז צוליעב דער עהנליכקיים פון יענעם ווארט מיט מיין נאמען הארי, האב איך געהאט אויסצושטעהן אהן א שיעור צרות פון מיינע שול־חברים און פון די שכנישע קינדער. כדי זיך צו רייצען מיט מיר, פלעגען זיי איהם אזוי ארויסרעדען, אקוראט ווי דער דרעקמיכעל פלעגט אויסרופען צו זיין עזעל, און ווען איך פלעג בייז ווערען, פלעגען אט די ווייסע חברה טיילמאל אנשטעלען א גאנץ אונשול־דיגע מיענע און האבען פארלאנגט, אז כדי זיי זאלען קענען אויס־מיידען פארבייטונגען, זאל איך אדרבא זיי אויסלערנען, ווי אזוי מיין נאמען און דעם עזעלס נאמען דארפען ארויסגערעדט ווערען. דערביי האבען זיי אבער געמאכט אן אנשטעל ווי זיי וואלטען בשום איפן נים געקענט אויסלערנען דעם חילוק. זיי האבען גע־זאגט, אז דער מיכעל פלעגט די ערשטע זילבע תמיד אויסציהען לאנג, בעת די צווייטע זילבע האט ער פארקעהרט א זאג געטאן זעהר שנעל; און אנדערש מאל איז געשעהן דאס פארקעהרטע. דורך וועלכען דער אויסרוף האט ווידער געקלונגען אין גאנצען ווי מיין אייגענער נאמען. און נאכדעם ווי די יונגען האבען אויף דעם אונזיניגסטען אופן פארביטען אלע באגריפען; און מיך אויף דעם עזעל און דעם עזעל אויף מיך, פלעגט ווערען א ווילדער געלעכ־טער, ביי וועלכען אלע האבען געלאכט און איך אליין האב גע־מוזט וויינען.

ווען איך האב זיך אמאל אויף דעם באקלאגט פאר מיין מא־מען, האט זי געזאגט אז איך זאל נאר זעהן א סך לערנען און ווערען א קלוגער, וועט מען מיך דעמאלט קיינמאל נים קענען פאר־

בייטען מיט קיין עזעל.

אָבער מיין האַמאַנימיטעט מיט דעם אויסגעקראַכענעם לאַנג׳ אויערינען, איז געבליבען מיין קאַשמאַר. די גרויסע יונגען פלעגען פאַרבייגעהן און מיך גריסען „האַאריה!״ די קלענערע פלעגען מיך אויך אזוי באַגריסען, אבער אביסעל פון דער ווייטענס. אין דער שול איז דאַס זעלביגע אויסגענוצט געוואָרען מיט א ראַפינירטער גרויזאַמקייט; ווען עס האָט זיך נאָר ערגיץ געהאַנדעלט וועגען אַן עזעל, האָט מען אָנגעוויזען אויף מיר און איך פלעג ווערען רויט. און עס איז אומגלויבליך ווי שול־אינגלעך קענען אומעטום ארויסזוכען אָדער ענטדעקען וועגען ווי אַזוי צו באַליידיגען.

אזוי למשל האָט איינער געפרעגט דעם אַנדערן: וואָס איז דער חילוק צווישען א זעברא און בלעם בן בעור׳ס עזעל? דער ענטפער איז געווען: דער רעדט זעבראַאיש און יענער האָט גערעדט העברעאיש — דערנאָך איז געקומען די פראַגע: וואָס איז אבער דער חילוק צווישען דעם דרעקמיכעלס עזעל און דעם וואָס האָט אזא נאָמען ווי ער? און דער גראָבער ענטפער איז געווען: דעם חילוק ווייסען מיר נים. איך האָב זיך דעמאָלט געוואָלט וואַרפען שלאָגען, נאָר מען האָט מיך איינגעשטילט און מיין פריינד דיעטריך, וואָס האָט געקענט מאָהלען אויסערגעוועהנליך שענע הייליגע בילדער, און וועלכער איז טאַקי שפּעטער געוואָרען א באַריהמטער מאלער, האָט מיך געזוכט צו טרויסטען, מיט דעם, וואָס ער האָט מיר צוגעזאָגט א בילד. ער האָט פאַר מיר געמאָהלט א הייליגען מכאל — אבער דער רשע האָט מיך שענדליך אויסגעלאַכט. דער הייליגער מלאך האָט געהאַט דיזעלביגע געזיכטסצוגען וואָס דער דרעק מיכעל, און זיין פערד האָט אין גאַנצען אויסגעזעהן ווי יענעם׳ס עזעל, און אַנשטאָט א דראַקאָן האָט זיין שפּיז דורכגעשטאָכען די נבלה פון א טויטער קאַץ.

אפילו דער בלאָנדלאָקיגער, זאַנפטער, מעדעלשער פראַנץ, וועמען איך האָב זעהר ליעב געהאַט, האָט מיך אויך אַמאָל פאַראַטען. ער האָט מיך ארומגענומען מיט זיינע אָרעמס, האָט צערטליך אָנגעשפּאַרט זיין באַק צו דער מייניגער, איז א לאַנגע ווילע געבליבען שטעהן סענטימענטאַל ביי מיין ברוסט — און מיט אַמאָל

האָט ער מיר לאַכענדיג אַ געשריי געטאָן אין אויער אַריין: „הארריה!“ און ווען ער איז אַנטלאָפֿן, האָט ער דאָס פֿאַר־אַכטענדיגע וואָרט כסדר איבערגע׳חזר׳ט, אַזוי, אַז עס האָט אָפּ־געקלונגען איבער די קאָרידאָרען פֿון קלויסטער.

נאָך דרייהער האָבען מיך באַהאַנדעלט די שכנישע קינדער. גאַ־סען יונגען פֿון יענעם נידעריגען סאָרט, וואָס מיר אין דיסעל־דאָרף, פֿלעגען זיי רופֿען „האַלוטען“, אַ וואָרט, וואָס די עטי־מאָלאָגעניעגער וועלען געווים צושרייבען צו די העלאָטען פֿון די שפּאַרטאַנער.

איינער אַזאַ האַלוט איז געווען דער קליינער יופּ, וועלכער האָט געהייסען יאָזעף. און ווען איך וויל אויך אָנרופֿען מיט זיין טאַטענס נאָמען פֿלאַדער, כדי ער זאָל חלילה ניט פֿאַרביטען ווערען מיט יופּ רערש, וואָס איז געווען אַ גאַנץ פֿיין שכנ׳יש קינד, און וועגען וועלכען איך האָב צופֿעליג זיך דערוואוסט, אַז ער לעבט איצטער אַלס פּאָסט בעאַמטער אין באָן. יופּ פֿלאַדער פֿלעגט תמיד מיט זיך טראָגען אַ פֿישער־שטעקען, מיט וועלכען ער פֿלעגט מיך שלאָגען ווען ער האָט מיך באַגעגענט. ער פֿלעגט אויך האָלד האָבען מיר צו וואַרפֿען אין קאָפּ אַריין פֿערד־עפּעל, וועלכע ער פֿלעגט אויפֿהייבען פֿון וועג, וואַרימע, ווי זיי זענען אַרויס פֿון דעם באַקאָויוועון פֿון דער נאַטור. אָבער קיינמאָל האָט ער דערביי אויך ניט פֿאַרגעסען אויסצורופֿען דאָס פֿאַטאַלע האַריה! און דאָס אויף אַלערליי אופנים.

אָט דער שלעכטער יונג איז געווען דאָס איינציקעל פֿון דער אַלטער פֿרוי פֿלאַדער, וועלכע איז געווען איינע פֿון מיין טאַטענס קליענ־טען. שלעכט ווי עס איז געווען דער יונג אַזוי גוטמוטיג איז געווען זיין מאַמע. אַ בילד פֿון אָרימקייט און פֿון עלענד, אָבער ניט אָפּשטויסענד, נאָר רייסענדיג דאָס האַרץ. זי איז שוין אודאי אַלט געווען אַריבער אַכציג יאָהר. אַ גרויסע, וואַקלענדיגע פֿיגור, אַ ווייס לעדערן געזיכט מיט בלאַסע אויגען פֿון גויט. אַ ווייכע, כאַרכעלדיגע, וויינענדיגע שטים, און פֿלעגט בעטלען אין גאַנ־צען אָהן אַ פּראָזע, וואָס קלינגט תמיד מורא׳דיג.

מיין טאַטע פלעגט איהר אַלע מאָל געבען אַ שטוהל, ווען זי פלעגט קומען אָפּנעהמען איהר חודש־געלד אין די טעג, ווען ער פלעגט האַלטען זיינע זיצונגען אַלס צדקה גבאי.

פון אַט די זיצונגען אַלס צדקה גבאי זענען מיר פאַרבליבען אין זכרון נאָר יענע, וואָס זענען פאַרגעקומען אין ווינטער, אין דער פריה ווען ס'איז נאָך געווען טונקעל. מיין טאַטע פלעגט דעמאָלט זיצען ביי אַ גרויסען טיש, וואָס איז געווען באַדעקט מיט פעקעלעך געלד פון יעדער גרויס; אַנשטאָט די זילבערנע לייכטער מיט די וואַקסענע ליכט, וואָס מיין טאַטע פלעגט געוועהנליך באַנוצען, און וועלכע האָבען מיט זייער גלאַנץ געקענט זיין אַ לויג לרש, אַ זאַך פאַר וועלכער זיין האַרץ האָט געהאַט צו פיעל טאַקט, זענען איצטער געשטאַנען אויפ'ן טיש צוויי קופּערנע לייכטער מיט חלב'נע ליכט, וועלכע האָבען מיט דעם רויטען פלאַם פון דעם דיקען, שוואַרץ אָפּגעברענטען קנויט, טרויעריג באַלויכטען די אָנ־ווזענדע געזעלשאַפט.

דאָס זענען געווען אָרימע לייט פון יעדען עלטער, וואָס זע־נען געשטאַנען אויסגעשטעלט ביז צו דעם פאָדערזאַל. איינער נאָכ'ן אַנדערען פלעגען זיי קומען און צונעמען זייער פעקעלע, און אַ טייל פלעגען קריגען צוויי. דאָס גרויסע פעקעלע פלעגט ענט־האַלטען די פריוואַטע נדבה פון מיין טאַטען. די קליינע דאָס געלד פון דער צדקה קאַסע.

איך פלעג זיצען אויף אַ הויך בענקעלע לעבען מיין טאַטען און איהם דערלאַנגען די פעקלעך. מיין טאַטע האָט דאָס געוואָלט אַז איך זאָל זיך אויסלערנען, ווי אַזוי מען גיט צדקה, און אין דעם פאַך האָט מען ביי מיין טאַטען שוין איינמאָל געקענט עפּיס אויסלערנען.

אַ סך מענשען האָבען דאָס האַרץ אויף דעם ריכטיגען אָרט, אָבער זיי פאַרשטעהן ניט ווי אַזוי צו געבען און עס געדויערט לאַנג, איידער דער ווילען פון האַרץ מאַכט דורך דעם וועג ביז צו דער קעשענע; פון דעם באַשליסען ביז צום טאָן פאַרגעהט פאַמע־ליך די צייט ווי ביי אַ שנעק. צווישען דעם האַרץ פון מיין טאַ־טען און זיין קעשענע איז שוין געווען אויסגעלעגט אַן אייזענבאַהן.

אז ער איז פון די אקציעס פון אזא אייזענבאהן ניט רייך געווארען, דאס פארשטעהט זיך אליין. ביי דער גארד־ און ליאן־באהן האט מען פארדיענט א סך מעהר.

די מייסטע קליענטען פון מיין טאטען זענען געווען פרויען און דאס, אלטע, און אויך אין די שפעטערדיגע צייטען, אפילו דע־מאלט ווען זיינע אומשטענדען זענען געווען זעהר ניט קיין גלענ־צענדע, האט ער אויך געהאט א פאר קליענטען פון באיאהרטע ווייבס־פארשוינען, וועמען ער פלעגט געבען קליינע פענסיאנען. זיי פלעגען שטעהען און לויערען אויף איהם, וואו נאר זיין וועג פלעגט איהם מוזען פארבייפיהרען, און אויף אזא אופן פלעגט ער האבען א געהיימע לייבוואך פון אלטע ווייבער, ווי פארצייטענס דער פארשטארבענער ראבעספיער.

אין דער דאזיגער אלט גרויער גווארדיע, האבען זיך אויך געפונען עטליכע בעטלערקעס, וואס זענען איהם נאכגעלאפען, ניט דורכאוים ווייל זיי זענען געווען נויטבאדארפטיג, נאר פשוט ווייל זיין פערזאן איז זיי געפעלען, צוליעב זיין פריינדליכקייט און ליעבליכקייט.

ער איז געווען דער העפליכסטער מענש, ניט נאר געגען יונגע נאר אויך געגען עלטערע פרויען. און די אלטע ווייבער, וואס ווייזען זיך גרויזאם, ווען מען טרעט זיי אפ, זענען די דאנקבארס־טע נאציאן, ווען מען ווייזט זיי ארוים אביסעל אויפמערקזאמ־קייט און אביסעל פריינדליכקייט. און ווער עס וויל באצאהלט ווערען מיט חניפות וועט דאס געפינען ביי זיי, ווייל זיי ווען־לען ניט קארגען. ניט אזוי ווי די יונגע פאריסענע נעזער, וואס פאר אונזער גאנצער העפליכקייט און פריינדליכקייט באצאהלען זיי אונז קוים מיט א שאקעל פון קאפ.

און אזוי ווי פאר שענע מענער, וועמעס ספעציאליטעט בא־שטעהט דעריין, וואס זיי זענען שענע מענער, איז חניפה א גרויסע באדערפעניש, און דערביי זענען זיי גלייכגילטיג צו דער ווייהרויך קומט פון א ראזאווען מויל צי פון א פארוועלקטען, ווען ער לאזט זיך נאר הערען שטארק און רייך, וועט מען שוין באגרייפען, ווי אזוי מיין טייערער טאטע, האט דאך דורך זיין פארקעהר מיט

די אַלטע דאַמען געמאַכט אַ גוט געשעפט, כאָטש ער האָט אויף דעם ניט געשפּעקולירט.

עס איז אונבאַגרייפליך ווי גרויס עס איז געווען די דאַזיגע ווייהרויך מיט וועלכע זיי פלעגען איהם אַרומרויכערן, און ווי גוט ער האָט געקענט פאַרטראָגען די שטאַרקסטע פּאַרציאָנען. דאָס איז געווען זיין גליקליכער טעמפּעראַמענט, און בשום אופן ניט פלאַ־טשיקייט. ער האָט זעהר גוט געוואוסט אַז דאָס חנפה'ט מען איהם, אָבער ער האָט אויך געוואוסט, אַז חניפה, פּונקט ווי צוקער, איז תמיד זיס, און ער איז געווען ווי דאָס קינד, וואָס זאָגט צו זיין מוטער: לאַשטשע מיך אַביסעל, אפילו אַביסעל צו פיעל.

דאָס פאַרהעלטניש פון מיין טאַטען צו אַט די דערמאָנטע פּרויען האָט אָבער אַ חוץ דעם אויך געהאַט אַן ערנסטערן גרונד. ער איז נעמליך געווען זייער בעל יועץ, און עס איז מערקווירדיג, אַז אַט דער מאַן, וואָס האָט זיך אַליין ניט געקענט קיין עצה געבען, איז פון דעסטוועגען געווען די לעבענס קלוגקייט אַליין, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט עמיצען אַנדערש צו געבען אַ גוטע עצה, ווען יענער איז געווען אין אַ פאַרלעגענהייט. ער פלעגט יעמאָלט גלייך דערזעהן די גאַנצע פּאָזיציע, און ווען די באַטריעבטע קליענטין פלעגט איהם דערצעהלען ווי עס געהט איהר אין איהר באַשעפטיגונג וואָס אַמאָל ערגער, פלעגט ער שוין צום סוף האָבען אַ ווערטיל, וואָס איך פלעג אָפט העררען פון זיין מויל, ווען אַלץ איז שוין געגאַנגען שלעכט, און דאָס איז געווען: „אין דעם פאַל מוז מען אָנהויבען אַ נייע פּעסעלע." דערמיט האָט ער געוואָלט זאָגען, אַז אויף אַ פאַרלוירענע זאַך דאַרף מען זיך ניט ווייטער אָפּשטעלען, נאָר מען דאַרף אָנהויבען עפּיס נייעס, זיך פאַרנעמען אויף אַ נייעם וועג. דעם אַלטען פאַס פון וועלכען עס געהט נאָר זויערער וויין, און דאָס נאָר קוים וואָס עס טריפט, זאָל מען בעסער גלייך אַרויס־האַקען דעם דעק און „אָנהויבען אַ ניי פּעסעלע!". אָבער אַנ־שטאָט דעם לעגט מען זיך פויל מיט אַן אָפען מויל אונטער דעם טרוקענעם צאַפּען און מען וואַרט עס זאָל עפּיס אַרויסרינען.

ווען די אַלטע האַנע האָט זיך געקלאָגט פאַר מיין טאַטען, אַז מען האָט ביי איהר צוגענומען אַלע איהרע קונדען און זי האָט מעהר ניט וואָס צו עסען, און וואָס נאָך ערגער איז, זי האָט ניט מעהר וואָס צו טרינקען, האָט ער איהר צוערשט געגעבען א טאַלער און דערנאָך האָט ער זיך פאַרטראַכט. די אַלטע האַנע איז פריהער געוועזן איינע פון די חשוב'סטע העבאַמען, אבער אין די שפּעטערדיגע יאָהרען האָט זי זיך אביסעל גענומען צום טרינקען און צום טאַבאַק שמעקען; און אזוי ווי אין איהר רויטער נאָז איז אַלע מאָל געוועזן רעגען וועטער, און די טראָפּענס פלעגען פאַרברוי־נען די ווייסע בעטגעוואַנד פון די קימפּעטאָרינס, האָט מען זי דער־פאַר פון אומעטום אַפּגעשאַפט. —

נאָכדעם ווי מיין טאַטע האָט וועגען דעם לאַנג נאָכגעטראַכט האָט ער ענדליך געזאָגט: דאָ מוז מען אויפשטעלען א ניי פּעסעלע. און דאָס מאָל מוז עס זיין א בראַנפען פּעסעלע. איך ראַט אייך צו עפענען א שנאַפּס געוועלביל ערגיץ אין א פאַרנעהמער גאַס ביים האַפען, וואו עס פאַרקעהרען מאַטראָזען.

די עקס־העבאַם האָט געפאָלגט די עצה. זי האָט געעפענט א שענק־שטיבעל ביים האַפען און געמאַכט גוטע געשעפטען, און זי וואָלט געווים געוועזן געמאַכט א פאַרמעגען ווען אומגליקליכער־ווייז וואָלט זי נאָר ניט געוועזן איהר בעסטער קונה. זי האָט אויך פאַרקויפט טאַבאַק, און איך פלעג זי אַפט זעהן שטעהן ביי איהר קראָם מיט איהר רויטער פאַרשאַרצטער שמעק טאַבאַק נאָז, א לע־בעדיגע רעקלאַמע, וואָס פלעגט צוציהען מאַנכע געפּיהלפולע מאַט־ראָזען.

צו די שענע איינגעשאַפטען פון מיין טאַטען האָט אויך גע־הערט זיין גרויסע העפליכקייט, וועלכע אלס אמת'דיגער פאַר־נעהמער מענש, פלעגט ער ארויסווייזען צו אָרימע ווי צו רייכע. איך פלעג דאָס באַזונדערס באַמערקען ביי די אויבענדערמאַנטע זיצונ־גען, וואו ער פלעגט תמיד ביים איבערגעבען דאָס פּעקעלע געלד זיי אויך זאָגען א פּאָר העפליכע ווערטער.

איך האָב דאָ געקענט עפּיס לערנען. און ווירקליך, ניט איין באַריהמטער בעל צדקה, וואָס וואַרפט תמיד דאָס פּעקעלע אין קאָפּ אריין, אַזוי אַז צוזאַמען מיט'ן טאַלער קריגט מען אויך אַ לאָך אין קאָפּ, וואָלט דאָ געקענט עפּיס לערנען ביי מיין העפּליכען טאַטען. ער פּלעגט די מייסטע אָרימע ווייבער אויס־פרעגען ווי עס געהט זיי, און ער איז אַזוי געוועהנט געווען מיט דעם ווערטיל: „איך האָבע די עהרע", אַז ער פּלעגט עס אפילו אַנווענדען ווען ער פּלעגט אַנווייזען אַן אונצופרידענעם און חוצפּה־דיגען בעטלער אויף דער טיר.

אַקעגען דער אַלטער פּלאַדער פּלעגט ער זיין צום העפּליכס־טען, און ער פּלעגט איהר אַלע מאָל הייסען זיצען. זי האָט זיך ווירקליך קוים געהאַלטען אויף די פיס און קוים וואָס זי האָט זיך געשלעפּט אויף איהר קוליע.

ווען זי איז צום לעצטען מאָל געקומען צו מיין טאַטען אָפּ־נעהמען איהר חודש־געלד, איז זי געווען אַזוי צוזאַמענגעבראָ־כען, אַז איהר אייניקעל, יופּ, האָט זי געמוזט פיהרען. און אַז דער האָט מיך דערזעהן זיצען ביים טיש לעבען מיין טאַטען, האָט ער מיר צוגעוואָרפען אַ מאָדנעם בליק. די אַלטע האָט אַ חוץ דעם קליינעם פּעקעלע געלד אויך געקראָגען אַ גרויס פּריוואַט פּעקעלע פון מיין טאַטען און זי האָט זיך צוגאָסען אין אַ טייך פון ברכות און טרעהרען.

עס איז מוראדיג, ווען אַן אַלטע באָבע וויינט אַזוי שטאַרק. איך וואָלט אַליין געקענט וויינען, און די אַלטע פרוי האָט עס מסתמא אין מיר דערקענט. זי האָט זיך גאָר ניט געקענט אָפּלויבען וואָס פאַר אַ שען קינד איך בין און זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט בעטען גאָט'ס מאַמע, זי זאָל זיך זאָרגען דערפאַר, איך זאָל קיינ־מאָל אין לעבען ניט ליידען קיין הונגער און ניט מוזען בעטלען.

מיין טאַטע איז איבער די דאָזיגע ווערטער געוואָרען אַבי־סעל אין כעס. אָבער די אַלטע האָט דאָס געמיינט עהרליך; אין איהר בליק איז געלעגען עפּיס אַזאַ גייסטערהאַפטעס, אין דערוועל־ביגער צייט פרומעס און ליעבעס. און צום סוף האָט זי געזאָגט צו איהר אייניקעל: געה, יופּ און קוש דעם ליעבען קינד די האַנד.

יופ האט געמאכט א זויערע האוואיע, אבער ער האט געפאלגט וואס די באבע האט איהם געהייסען: איך האב געפיהלט אויף מיין האנד דעם קוש פון זיינע ברענענדיגע ליפען ווי דעם ביס פון א גיפטיגער שלאנג. איך ווייס אליין ניט פארוואס. נאר איך האב פון מיין קעשענע ארויסגענומען אלע מיינע „פעטמענכען" און זיי אוועקגעגעבען צו יופ'ען, וועלכע האט זיי מיט א רויה טעמפ געזיכט געצעהלט שטיק נאך שטיק און ענדליך זיי באַ־ האלטען אין די טאשען פון זיין מאנטעל.

כדי דער לעזער זאל וויסען וואס דאס איז, באמערק איך דא, אז „פעטמענכען" איז געווען דער נאמען פון א דיקער קופערנער מטבע, וואס האט געהאט דעם ווערט פון אונגעפעהר א סו.

די אלטע פלאדער איז באלד נאכדעם געשטארבען. אבער יופ מוז נאך מתמא לעבען, אויב מען האט איהם נאך ניט זינט דע־ מאלט אויפגעהאנגען. שוין אויפ'ן צווייטען טאג נאך אונזער צו־ זאמענטרעפען ביי מיין טאטען, האב איך איהם באגעגענט אויף דער גאס. ער איז געגאנגען מיט זיין וואוילבאקאנטער לאנגער פישער רוט. ער האט זיך ווידער געשלאגען מיט דעם שטעקען. האט אויף מיר ווידער געווארפען עטליכע פערד עפעל, און האט ווידער אויסגעשריען דעם פאטאלען האאריה! און דאס אזוי הויך און אזוי אקוראט נאכגעמאכט דעם דרעקמיכעלם קול, אז יענעמס עזעל, וואס איז זיך צופעליג גראד געשטאנען אין א זייטיגער גאס לעבען דעם מיסטוואגען, האט זיך אויסגעדאכט, ער הערט דאס דעם קול פון זיין באלעבאס און ער האט זיך געלאזט הערען מיט א פרעהליכען אי—א!

ווי געזאגט, יופס באבע איז באלד נאכדעם געשטארבען, און דאס, מיט א שם פון א מכשפה, וואס איז געווים ניט אמת, הגם אונזער ציפעל האט באהויפטעט פעסט און זיכער דאס פארקעהרטע.

ציפעל איז געווען דער נאמען פון א ניט זעהר אלטער פאר־ שוין, וואס האט אייגענטליך געהייסען סיבילע. אט די סיבילע איז געווען מיין ערשטע ניאנקע און איז אויך שפעטער געבליבען ביי אונז אין הויז. זי האט זיך צופעליג געפונען אין צימער אין

יענעם פריהמאָרגען ביי דער דערמאָהנטער סצענע, וואו די אלטע פלאדער האָט מיר נאָכגעזאָגט אזוי פיעל שבחים און האָט באַוואונדערט די שענקייט פונ׳ם קינד. ווען ציפּעל האָט דערהערט די דאָזיגע ווערטער, האָט זיך אין איהר אויפגעכאפּט דער אַלטער פאָלקס שגעון, אז פאר קינדער קען זיין שעדליך ווען מען לויבט זיי אויף אזא אופן, אז זיי ווערען דורך דעם קראנק, אָדער ווערען באפאלען פון אן איבעל, און כדי אפּצואווענדען דעם איבעל, וואָס זי האָט געגלויבט עס וואַרט אויף מיר, האָט זי זיך געווענדט צום פאָלקס־גלויבען וואָס ווערט באטראכט אלס אן אויסגעפּרואווט זיכער מיטעל, וועלכער באשטעהט אין דעם, וואָס מען מוז דאָס געליעבטע קינד דריי מאָל באשפּייען. זי איז דארום גלייך צו מיר צוגעלאָפען און האָט מיר האסטיג אָנגעשפּיגען דריי מאָל אויפ׳ן קאָפּ.

אבער דאָס איז נאָר געווען א פּראָוויזאָריש באשפּייען. וואָרים ווי עס באהויפּטען די וואוילקענעוודיגע, איז ווען מען ווערט געלויבט פון א מכשפה, קען דער בייזער כשוף געבראכען ווערען נאָר פון אזא פערזאָן, וואָס איז אליין א מכשפה. און דערפאר האָט ציפּעל באשלאָסען נאָך אין דעמזעלביגען טאָג צו געהן צו א פרוי, וועמען זי האָט געקענט אלס א מכשפה, און וועלכע האָט אויך איהר, ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, ארויסגעוויזען עטליכע דיענסטען דורך איהר געהיימניספולער און פארבאָרגענער חכמה. אָט די מכשפה האָט מיר מיט איהר גראָבען פינגער, וועלכען זי האָט נאָס געמאכט מיט שפּייעכץ, באטאפּט דעם שארבען פון קאָפּ, וואו זי האָט מיר אָפּגעשניטען עטליכע האָר; אויך אנדערע שטעלען האָט זי ארומגעטאפּט אויף דעמזעלביגען אופן און דערביי געמורמעלט עפּיס אן אונזיניגען שפּרוך, און אזוי בין איך אפשר שוין אין מיין פריהער יוגענד איינגעוויהט געוואָרען אלס פריעסטער פונ׳ם טייוועל.

אלענפאלס האָט מיך די דאָזיגע פרוי, מיט וועמען איך בין בעקאנט געוואָרען זינט דעמאָלט, שפּעטער צו, ווען איך בין שוין געווען א דערוואקסענער, אריינגעפיהרט אין דער געהיימער חכמה.

איך אליין בין אפילו נים געוואָרען קיין מכשף, אבער איך וויים ווי אזוי מען טוט כשוף, און באזונדערס וויים איך, וואָס עס

איז ניט קיין כשוף.

יענע פרוי האָט מען אַנגערופען די מייסטערין אדער די גאַכגעריז, ווייל זי איז געבוירען געוואָרען אין גאָר, און דאָרט האָט אויך געוואוינט איהר פארשטאָרבענער מאַן, וואָס האָט זיך באַשעפטיגט מיט דער פארשאָלטענער מלאכה פון א תליון, און פלעגט גערופען ווערען פון נאָהענט און ווייט, ווען מען האָט באדאַרפט עמיצען היגריכטען. מען האָט געוואוסט אז ער האָט זיין אלמנה איבערגעלאָזט עטליכע געהיימע סגולות, און זי האָט פארשטאַנען אָט דעם קלאַנג אויסנוצען.

איהרע בעסטע קונדען זענען געוועזען ביער שענקערס, צו וועמען זי פלעגט פארקויפען פינגער פון טויטע, וועלכע זי האָט געזאָלט האָבען גע'ירשה'ט פון איהר מאַן. דאָס זענען פינגער פון א געהאנגענעם גנב, און זיי זענען א סגולה דערצו, אז דאָס ביער אין פאס זאָל זיין געשמאַק און זאָל זיך אויך פארמעהרען. ווען מען נעמט א פינגער פון א געהאנגענעם, אפילו פון אן אומשולדיג געהאנגענעם און מען בינדט איהם אָן א פאָדים און מען לאָזט איהם אריין אין ביער פאס, ווערט ניט נאָר דאָס ביער דורך דעם געשמאַקער, נאָר מען קען נאָך פון דעם דאָזיגען פאס צוויי מאָל, יא אפילו פיער מאָל אזוי פיעל צאַפּען, ווי פון א געוועהנליכען פאַס פון דערזעלביגער גרויס. אויפגעקלעהרטע ביער־שענקערס פלעגען אנווענדען א ראַציאָנאַלער מיטעל, כדי דאָס ביער צו פארמעהרען, אבער דורך דעם פארליערט דאָס ביער אין שטאַרקייט.

די מייסטערין פלעגט אויך האָבען א סך וויזיטען פון יונגע לייט מיט צאַרטע הערצער, וועמען זי פלעגט פארזאָרגען מיט ליעבע געטראַנקען, וועלכע זי פלעגט אָנרופען אויף איהר שאַרלאַטאַנישען בלמר'שטען לאַטייניש, וואָס פלעגט קלינגען ביי איהר נאָך לאַטיינישער ווי לאַטייניש מיט דעם נאָמען פון א Philtrarium דעם מאַן, וואָס האָט דעם געטראַנק איינגעגעבען צו זיין געליעבטער פלעגט זי באַצייכענען Philtrarius און די דאַמע פלעגט הייסען Philtrariata.

עס פלעגט אמאָל טרעפען, אז דער Philtrarium האָט ניט געהאַט קיין פעולה, אדער פלעגט גאָר ארויסברענגען א פארקעהרטע ווירקונג. אזוי האָט למשל א ניט געליעבט בחור'ל איבער־

גערעדט זיין קאלטבלוטיגער געליעבטער, זי זאָל טרינקען מיט איהם א פלאש וויין, און ביים טרינקען האָט ער, זי זאָל ניט זעהן, אריינ־געגאָסען א Philtrarium אין איהר גלאָז, און ער האָט טאקי באמערקט אין דעם באנעהמען פון זיין Philtrariata גלייך ווי זי האָט אויסגעטרונקען, א מאָדנע פארענדערונג. א מין באנויטיקייט, וואָס ער האָט אנגענומען פאר דעם דורכברוך פון א ליעבעס פייער און ער האָט געגלויבט, אז ער איז נאָהענט צו דעם גרויסען מאָמענט. אבער וועה! ווען ער האָט איצטער דער רויט־געוואָרענער פעסט איינגעשלאָסען אין זיינע אָרעמס, האָט איהם א זעץ געטאָן אין נאָז אריין א ריח, וואָס געהערט ניט צו אמורס פארפיומען. ער האָט באמערקט אז דאָס Philtrarium האָט געהאט א בעסערע פעולה אלס Laxarium און זיין ליי־דענשאפט איז דורכדעם געוואָרען דערווידערדיג אפגעקיהלט.

די מייסטעריז האָט געראטעוועט דעם שם פון איהר קונסט, דערמיט וואָס זי האָט באהויפטעט אז זי האָט דעם אונמגליקליכען Philtrarius שלעכט פארשטאַנען, און זי האָט געגלויט, אז ער וויל פון זיין ליעבע געהיילט ווערען.

בעסער ווי איהרע געטראנקען זענען געווען די עצות וואָס די מייסטערין פלעגט געבען צו איהרע פילטראריען; זי פלעגט נעמליך ראטען אז מען זאָל תמיד טראָגען אביסעל געלד אין קעשענע. ווארים גאָלד איז זעהר געזונד און באזונדערס פאר פארליעבטע ברענגט עס גאָר גליק. ווער דערמאָהנט זיך דאָ ניט אָן די ווער־טער פון דעם עהרליכען יאגאָ אין „אָטהעלאָ“, ווען ער זאָגט צו דעם פארליעבטען ראָדריגא : Put money in your purse

מיט אָט דער גרויסער מייסטערין איז דאָס אונזער ציפעל געשטאַנען אין זעהר אינטימער באקאַנטשאפט, און ווען אפילו זי פלעגט איצטער שוין מעהר ניט קויפען קיין ליעבעס געטראנקען, פלעגט זי דאָך אויסנוצען די חכמה פון דער געכנעריין, ווען עס פלעגט זיך האנדלען אין נעמען נקמה פון א באגליקטער קאָנקורענטקע, וואָס האָט חתונה געהאט מיט איהרען אָן אמאָליגען געליעבטען. די נקמה פלעגט באשטעהן אין דעם, וואָס זי האָט יענער געלאָזט אנטאָן א כשוף, זי זאָל בלייבען אן עקרה, אדער

אז דער אומגעטרייער זאָל פּארליערען זיין מענער קראַפט, דאָס מאַכען פּאר אן עקרה איז זעהר לייכט. מען געהט אריין אין דער קירך, וואו עס קומט פאָר די חתונה, און אין דעם אויגענבליק ווען דער גלח איז מסדר קידושין, לאָזט מען שנעל צוקלאַפּען א שלאָס, וואָס מען האלט באהאלטען אונטער דעם פּארטוך; פּונקט אזוי ווי דאָס שלאָס, פארשליסט זיך איצטער אויך דער קאָנקורענטקעס טראַכט.

די צערעמאָניען, וואָס געשעהן ביים צונעמען פון מאַן זיין מענער קראַפט זענען אזוי שמוציג, און אזוי די האָר קאַפּויר שטעה־לענדיג, אז עס איז זיי אונמעגליך איבערצוגעבען. גענוג, דער פּאַציענט ווערט ניט אין געוועהנליכען זין געמאַכט אונפעהיג, נאָר ער ווערט פּשוט אין דעם אמת'ן זין פון וואָרט בארויבט פון זיין געשלעכטליכקייט, און די מכשפה, וועלכע קריגט אָט דעם רויב, באהאלט דאָס דאָזיגע malens moleficarum אָט די זאַך אהן א נאָמען, וועלכע זי רופט אויך פּשוט: „די זאַך"; די געכנערין, וואָס איז תמיד געווען קראַנק, אויף לאַטייניש פּלעגט די זאַך אָנרופען Numan Pompilius וואהרשיינליך אן אָנדייטונג אויף דעם קעניג נומא, אָט יענעם קלוגען געזעצגעבער, דעם תלמיד פון דער נימפע עגעריא, וועמען עס האָט זיך זיכער קיינמאָל ניט גע'חלום'ט אז זיין עהרליכער נאָמען וועט אמאָל אויסגענוצט ווערען אזוי שענדליך.

די מכשפה טוט אזוי: די „זאַך", וואָס זי קריגט, לעגט זי אריין אין א נעסט פון פייגעל, און באַפעסטיגט די נעסט גאָר הויך צווישען די באַבלעטערטע צווייגען פון א בוים. אויף די „זאַכען", וואָס זי קען שפּעטער אָפּנעהמען פון אנדערע, לעגט זי אריין אין דעמזעלביגען נעסט, דאַך אזוי, אז אין נעסט זאָלען קיינמאָל ניט ליגען מעהר ווי א האלב טוץ. לכתחילה זענען די „זאַכען" זעהר קרענקליך און מיזעראבעל, אפשר דורך עמאַציאָן און בענקשאַפט, אבער די פרישע לופט שטארקט זיי, און זיי לאָ־זען פון זיך ארויס קולות, ווי דאָס גרילצען פון היישעריקען. די פייגעל וואָס פליהען ארום דעם בוים, ווערען דורך דעם אָפּגענאַרט און זיי מיינען, אז דאָס זענען נאָך גאָר יונגע פייגעלעך אהן פּע־דערלעך, און אויס רחמנות קומען זיי מיט שפּייז אין זייערע

שנאבלען, כדי צו געבען עסען די מוטערלאָזע יתומים. זיי טוט דאָס הנאה, אזוי אז דורך דעם ווערען זיי שטארק, זעהר פעט און געזונד, און צירפּען שוין ניט שטילערהייד, נאָר פּישטשען הויך אויפ׳ן קול. מיט דעם דערפרעהט זיך די מכשפה, און אין קיהלע זומער נעכט, ווען די לבנה שיינט ארונטער אמת׳דיג דייטש־סענטימענטאל, זעצט זיך די מכשפה אונטער דעם בוים און האָרכט זיך איין אין דעם געזאַנג פון „די זאכען", וואָס זי רופט דעמאָלט איהרע זיסע נאכטיגאלען.

שפּרענגער אין זיין „העקסענהאמער" דערמאָנט אויך אָט די שענדליכע מעשים פון די פאסקודנע ברואים. צוזאמען מיט דעם דערמאָנטען כשוף. און אַז אַלטער מחבר, וועמען שייבלע ציטירט אין זיין „קלויסטער", און וועמענס נאָמען עס איז מיר ארויס פון זכרון, דערצעהלט ווי די מכשפות ווערען אָפט געצוואונגען זייער רויב צוריקצוגעבען צו די, ביי וועמען זיי נעמט צו די מענער־קראפט.

די מכשפה באַגעהט אבער צומייסטענס די מאַנהייטס־גנבה מיט דער כונה פון דעם בארויבטען אויסצופּרעסען געלד, כדי זי איהם צוריק צו געבען. ביי דעם דאָזיגען צוריקגעבען פון דעם אָפּגעשנימענעם אבער, קומען טיילמאָל פאַר אומבייטונגען אין "qui a pro quo" וואָס זענען זעהר קאָמיש. איך ווייס א מעשה פון א גלח, וועמען מען האָט צוריק געגעבען א פאַלשען Numon Pompiluis און ווי די הויז האַלטערין, פון אָט דעם גייסטליכען הער, זיין נימפע עגעריא פלעגט באהויפּטען, האָט ער גיכער געמוזט געהערען צו אַ טערק ווי צו א קריסטליכען מענשען.

ווען עס האָט אמאָל אזא בארויבטער געוואָלט ניט אנדערש נאָר מען זאָל איהם די מענער־קראפט צוריקגעבען, האָט איהם די מכשפה געהייסען נעמען די לייטער און איהר נאכגעהן אין גאָרטען אריין, דאָרט זאָל ער ארויפקלעטערען אויף דעם פערטען בוים און אין דעם פויגעל־נעסט, וואָס איז דאָרט באפעסטיגט, זאָל ער זיך אויסזוכען דאָס פאַרלוירענע פאַרמעגען. דער אָרימער מענש האָט געפאָלגט, וואָס מען האָט איהם געהייסען, האָט ער אבער געהערט ווי

די מכשפה האָט איהם לאַכענדיג צוגערופען: איהר האָט אַ צו גרויסע מיינונג פון זיך. איהר האָט אַ טעות, וואָס איהר האָט דאָ אַרויסגעצויגען, געהערט צו אַ זעהר גרויסען גייסטליכען הער, און מעהר וואָלט מיר ניט געפעהלט, נאָר דאָס זאָל מיר פאַרלוירען געהן. —

עס איז אָבער ניט געווען דער כשוף, וואָס פלעגט מיך טיילמאָל פיהרען אַהין צו דער געכנעריז. איך האָב אָנגעהאַלטען די באַקאַנטשאַפט מיט דער געכנערין און בין שוין אַדואַי געווען אַ יאָהר זעכצעהן, ווען איך פלעג אָפטער ווי פריהער געהן צו איהר אין הויז אַריין. דאָס האָט מיך צוגעצויגען אַ כשוף, וואָס איז געווען שטאַרקער ווי אַלע איהרע לאַטיינישע באַמבאַסטישע Philtraria וואָרים זי האָט נעמליך געהאַט אַ פלימעניצע, וואָס איז אויך אַזוי ווי איך קוים אַלט געווען 16 יאָהר. וועלכע האָט זיך אָבער אַזוי שנעל צעוואַקסען און איז געווען אַזוי שלאַנק, אַז זי האָט אויסגעזעהן פיעל עלטער. דאָס שנעלע וואַקסען איז אויך געווען דערין שולדיג, וואָס זי איז געווען אַזוי מאָגער. זי האָט געהאַט יענע דינע טאַליע, וואָס מיר באַמערקען ביי די קוואַרטאַנען פון וועסט־איג־דיען, און אַזוי ווי זי האָט ניט געטראָגען קיין קאָרסעט און ניט קיין טוץ אונטער קליידער, האָבען די אויף איהר ענג ליגענדיגע קליידער אויסגעזעהן ווי דאָס נאַסע געוואַנד פון אַ סטאַטוע. קיין מאַרמאָרנע סטאַטוע האָט זיך געוויס ניט געקענט פאַרגלייכען מיט איהר שענקייט. וואָרים זי איז געווען דאָס לעבען אַליין און יעדער ריהר האָט אַנטפּלעקט די ריטמען פון איהר לייב, יאָ איך וואָלט אפילו געקענט זאָגען, האָט אַנטפּלעקט די מוזיק פון איהר נשמה. — קיינע פון ניאָבע'ס טעכטער האָט ניט געהאַט קיין עדעלער געשניצט געזיכט; די פאַרב פון געזיכט, ווי איהר הויט בכלל האָט אין זיך געהאַט עפּיס אַזאַ בייטענדיגע ווייסקייט. איהרע גרויסע, טיעפשוואַרצע אויגען האָבען אויסגעזעהן ווי זיי וואָלטען געווען געפרעגט אַ רעטעניש און וואַרט מען זאָל עס טרעפען. אין דער צייט וואָס דאָס מויל, מיט די שמאָלע הויך־אַרויפגעשאַרצטע ליפען און די קרייד־ווייסע, אַביסעל לענגליכע ציין, האָבען אויסגעזעהן ווי

זיי וואָלטען זאָגען: דו ביזט צו נאַריש און אומזיסט וואָס דו מור־טשעסט זיך צו טרעפען.

איהרע האָר זענען געווען רויט, אין גאַנצען בלוט־רויט און האָבען אַראָפּגעהאַנגען אין לאַנגע לאָקען ביז איבער די פּלייצעס. אזוי, אַז זי האָט זיי געקענט צוזאַמענבינדען אונטער דעם קין. דאָס האָט אבער איהר געגעבען אַן אויסזעהן, ווי מען וואָלט איהר גע־האַט אָפּגעשניטען דעם האַלז, און דאָס בלוט גיסט זיך פון איהם אין רויטע שטראָמען.

דאָס קול פון דער יאָזעפּא, אָדער פון דעם רויטען „זעפּכען“. ווי מען האָט גערופען די שענע פּלימעניצע פון דער געכנעריז, איז ניט געווען זעהר קיין שענס און איהר שפּראַך־אָרגאַן איז טיילמאָל געווען פארשלייערט ביז צו קלאַנגלאָזיגקייט; דאָך פלוצלונג ווען עס פלעגט אריינטרעטען די ליידענשאַפט, האָט זיך דערהערט דער־מעטאַלרייכסטער טאָן, וואָס פלעגט מיך באַזונדערס דערפאַר אזוי באַריהרען, ווייל עס האָט געהאַט א נאָר גרויסע עהנ־ליכקייט צו מיין אייגענעם קול.

ווען זי פלעגט רעדען, פלעג איך טיילמאָל זיך דערשרעקען. און מיר פלעגט זיך דאכטען, איך הער דאָס זיך אליין רעדען. און אויך איהר זינגען פלעגט מיך דערמאָנען אָן חלומות, אין וועל־כע איך האָב זיך אליין געהערט זינגען אויף דעם זעלביגען אופן.

זי האָט געקענט א סך אלטע פאָלקסליעדער און זי האָט אפשר ביי מיר דערוועקט דעם חוש פאַר אָט דעם מין, פונקט אזוי ווי זי האָט זיכער געהאַט דעם גרעסטען איינפלוס אויף דעם ער־וואכענדען פּאָעט. אזוי אַז מיינע ערשטע „טרוימבילדער“, וואָס איך האָב געשריעבען באַלד נאָכדעם, האָבען א פינסטערען און גרוי־זאמען קאָליר, פונקט אזוי ווי דאָס פארהעלטעניש, וואָס האָט דע־מאָלט אריינגעווארפען דעם בלוטיגסטען שאָטען אין מיין יונגען לעבען און דענקען.

צווישען די ליעדער וואָס יאָזעפּא פלעגט זינגען, איז געווען איין פאָלקסליעד וואָס זי האָט זיך אויסגעלערנט ביי דער ציפּעל, און וואָס זי פלעגט עס אויך מיר אין מיין קינדהייט זינגען אזוי אָפט, אַז צוויי סטראָפען זענען מיר פארבליבען אין זכרון. און איך

וועל זיי דאָ ליעבער איבערגעבען, ווייל איך האָב דאָס געדיכט ניט געפינען אין קיינעם פון די וואָס זענען דאָ פאָלקסליעדער־זאַמלונגען. זיי גייען אזוי — צוערשט רעדט דער טראַגיק:

„אַטיליע ליעב, אַטיליע מיין,
וועסט זיכער ניט די לעצטע זיין.
זאָג, ווילסטו הענגען אויפ'ן הויכען בוים,
צי ווילסטו שווימען אין בלויען ים?
צי ווילסטו קושען די בלאַנקע שווערד,
וואָס דער ליעבער גאָט באַשערט?"
אויף דעם ענטפערט אַטיליע:
„איך וויל ניט הענגען אויפ'ן הויכען בוים,
איך וויל ניט שווימען אין בלויען ים,
איך וויל קושען די בלאַנקע שווערד,
וואָס דער ליעבער גאָט באַשערט."

ווען דאָס רויטע זעפכען איז איינמאָל זינגענדיג אָט דאָס ליעד צוגעקומען צום סוף פון דעם דאָזיגען סטראָף האָב איך אין איהר באַמערקט א אינערליכע באַוועגונג, האָט דאָס מיך אויך אזוי געריהרט, אז איך האָב פּלוצלונג אויסגעבראָכען אין א געוויין און מיר זענען אונז ביידע געפאַלען איינס דאָס אַנדערע אין די אָרעמס, האָבען ניט גערעדט קיין וואָרט, אודאי א שעה צייט, און די טרעהרען זענען אונז גערונען פון די אויגען און מיר האָבען אונז אָנגעקוקט דורך א שלייער פון טרעהרען.

איך האָב געבעטען זעפכען, זי זאָל פאַר מיר אויפשרייבען יענע סטראָפען, און זי האָט עס געטאָן. זי האָט זיי אבער ניט גע־שריעבען מיט קיין טינט, נאָר מיט איהר בלוט; דאָס רויטע אויטאָגראַף איז ביי מיר שפּעטער פאַרלוירען געוואָרען דאָך די סטראָ־פען זענען ביי מיר געבליבען אין זכרון אויף אייביג.

דער געכנעריגס מאַן איז געווען זעפכענס טאַטענס א ברו־דער, וועלכער איז אויך געווען א תליון. און אזוי ווי ער איז יונג געשטאָרבען, האָט די געכענרין גענומען דאָס קינד צו זיך. אבער

אזוי ווי באלד נאכדעם איז אויך איהר מאן געשטארבען און זי האט זיך אריבערגעקליבען קיין דיסעלדארף, האט זי דאס קינד איבערגעגעבען צום זיידען, וואס איז אויך געווען א תליון און האט געוואוינט אין וועסטפאליען.

דארט אין דעם „פרייהויז", ווי מען פלעגט אנרופען דאס הויז פון א תליון, האט זיך זעכצען אויפגעהאלטען ביז צו איהר פער־צעהנטען יאהר, ווען דער זיידע איז געשטארבען און די געבכנערין האט איצט דאס פאר׳יתומ׳טע קינד ווידער גענומען צו זיך.

זייענדיג ניט קיין כשר קינד, האט זעכפען פון איהר קינדהייט אן ביז צו איהר מיידעלשען עלטער, געפיהרט אן איינזאם לעבען. און אפילו אויף דעם פרייען הויף פון איהר זיידען איז זי אויך געווען אפגעשיידט פון יעדען געזעלשאפטליכען פאר־קעהר. דערפון האט זיך גענומען, וואס זי האט אזוי מורא געהאט פאר מענשען; איהר עמפפינדליך צוזאמענציהען זיך, ביי יעדען באריהר פון א פרעמדען; איהר געהיימניספול פאר׳חלומ׳ט ווערען, וואס איז געווען פארבונדען מיט א הארטנעקיגען טראץ, מיט דעם שטארקסטען עקשנות און ווילדקייט.

מאדנע! אפילו אין איהרע חלומות, איז, ווי זי האט זיך דאס פאר מיר אמאל מודה געווען, האט זי ניט געלעבט מיט קיין מענשען, נאר פלעגט חלומ׳ען פון חיות.

אין דער איינזאמקייט פון דעם הענקערישען הויף, האט זי זיך נאר געקענט באשעפטיגען מיט דעם זיידענס ביכער. אט דער זיידע איהרער, האט זי אויסגעלערנט שרייבען און לעזען, אבער ער פלעגט זיין שרעקליך קארג אויף רייד.

טיילמאל פלעגט ער זיין אוועק פון דער היים מיט זיינע קנעכט אויף עטליכע טעג און דאס קינד פלעגט יעמאלט בלייבען אליין אין פרייהויז, וואס איז געלעגען ניט ווייט פון הויכען גע־ריכט אין זעהר אן איינזאמער וואלדיגער געגענד. אין דער היים פלעגען נאר בלייבען דריי אלטע ווייבער, מיט גרויע קעפ, וואס פלעגען באשטענדיג לאזען זשומען זייערע שפינרעדער, אונטער־הוסטען, זיך קריגען און טרינקען א סך בראנפען.

באזונדערס אין די ווינטער נעכט, ווען דער ווינד פלעגט

דריוסען שאקלען די אלטע דעמבעס, און דער גרויסער פלאקער־דיגער קאמין פלעגט אזוי מאדנע האילען, פלעגט זיך דאס ארימע זעפכען פיהלען זעהר אונהיימליך אין דעם איינזאמען הויז; ווארים דעמאלט פלעגט זי אויך מורא האבען פאר גנבים, ניט פאר לע־בעדיגע, נאר פאר טויטע, פאר געהאנגענע, וואס האבען זיך אפ־געריסען פון דער תליה, און קלאפען איצטער אין די נידעריגע פענסטער שויבען פון הויז און בעטען מען זאל זיי אריינלאזען. זיי מאכען אזעלכענע יאמערליכע פארפרוירענע גרימאסען, מען קען זי נאר מיט דעם פאריאגען, ווען מען נעמט ארו־ס פון דער אייזענ־קאמער א שווערד פון א תליון און מען סטראשעט זיי מיט איהר: אזוי שנעל ווי זיי דערזעהן די שווערד, אנטלויפען זיי פון האנען ווי דער ווירבעל־ווינד.

טיילמאל ציהט זיי צו ניט נאר דאס פייער פון קאמין, נאר אויך די כונה צוריק צו גנב'ענען די פינגער וואס דער תל־ון האט ביי זיי גע'גנב'עט. האט מען די טיר ניט ווי געהעריג פאריגעלט, זענען זיי נאכ'ן טויט נאך אלץ דיזעלביגע גנבים, און זיי גנב'ע־נען צו די ליילעכער פון די שרענק און די בעטען. איינע פון די אלטע פרויען, וואס האט אמאל נאך אין צייט באמערקט אזא גנבה, איז נאכגעלאפען דעם גנב, וועס האט דאס ליילעך געלאזט פלא־טערן אין ווינד, און אנכאפענדיג ביי א ברעג האט זי איהם ארויסגעריסען די גנבה פון האנד, גראד ווען ער האט דערגרייכט די תליה און זיך דארט געוואלט באהאלטען.

נאר אין טעג, ווען דער זיידע האט זיך געקליבען צו א גרוי־סער הינריכטונג, פלעגען קומען זיינע קאלעגען פון שכנות איהם באזוכען, און דאן פלעגט ווערען געזאטען און געקאכט, געגעסען און געטרינקען, ווייניג גערעדט און גאר ניט געזונגען. מען האט געטרונ־קען פון זילבערנע בעכערס, אנשטאט וואס אין די שענקען, וואו די תליונים מיט זייערע קנעכט פלעגען אריינקומען פלעגט מען זיי נאר דערלאנגען קאנען מיט הילצערנע דעקלעך, אין דער צייט, וואס די אנדערע געסט פלעגט מען געבען צו טרינקען פון קאנען מיט ציינערנע דעקלעך; אין אנדערע ערטער ווערט צובראכען דאס גלאז, פון וועלכען דער תליון האט געטרונקען; קיינער רעדט ניט מיט

איהם, יעדער מיידט אוים די מינדסטע באריהרונג. אַט דער שמאַך רוהט אויף דעם גאַנצען הויז־געזונד, און דערפאַר זענען די תליונים זיך משדך נאָר צווישען זיך.

ווען זעכצען איז שוין אַלט געווען אַכט יאָהר, זענען אַמאָל אין אַ שענעם הערבסט־טאָג געקומען, ווי זי האָט מיר דערצעהלט, אין איהר זיידענס הויף אַריין אַן אויסערגעוועהנליכע צאָל געסט, הגם מען האָט ניט געדאַרפט אויספיהרען קיין הינריכטונג אָדער עפּיס אַן אַנדערע פּיינליכע פליכט. זיי זענען אַוודאי געווען אָרום א טוץ, כמעט אַלע זעהר אַלטע מענער מיט גרייז־גרויע, אָדער פּליכעוואַטע קעפּלעך, און אונטער זייערע לאַנגע רויטע מאַנטלען האָבען זיי גע־טראָגען זייערע תליונישע שווערדען און זייערע שענסטע, אָבער זעהר אַלטפרענקישע זונטאָג'דיגע קליידער. זיי זענען געקומען ווי זיי האָבען געזאָגט „טאָגען", און וואָס די קיך און דער קעלער האָבען פאַרמאָגט פון דאָס טייערסטע האָט מען צום מיטאָג געשטעלט אויפ'ן טיש.

דאָס זענען געווען די עלטסטע תליונים פון די ווייטעסטע גע־געגנדען. זיי האָבען זיך שוין ניט געהאַט געזעהן קיין לאַנגע צייט. האָבען ניט אויפגעהערט צו דריקען די הענד איינס דאָס אַנדערע, האָבען וויניג גערעדט און אָפט אויף א געהיימניספולער ריזים־שפּראַך און האָבען זיך אַמוזירט אויף זייער אופן. דאָס הייסט **Moult tristement** ווי פרואסאר דערצעהלט פון די ענג־לענדער, אַז זיי האָבען זיך אונטערהאַלטען נאָך דער שלאַכט ביי פּאָיטיערס.

ווען ס'איז אָנגעקומען די נאַכט, האָט דער באַלעבאָס אַרוים־געשיקט די קנעכט פון הויז, באַפוילען דער אַלטער באַלעבאָסטע, אַז זי זאָל אַרויסטראָגען פון קעלער דריי טוץ פלעשער פון דעם בעסטען וויין, און זיי אוועקשטעלען אויף דעם שטיינערנעם טיש, וואָס איז געשטאַנען אין דרויסען פאַר דעם גרויסען דעמב, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט א האַלבען קרייז; ער האָט באַפוילען אַז מען זאָל דאָרט אוועקשטעלען די אייזערנע לייכטער פאַר די קיהן ליכט, דערנאָך האָט ער עפּים מיט אַן אויסרייד אַרויסגעשיקט פון הויז די אַלטע און די צוויי אַנדערע בעטלערקעס. אפילו די

בודקע פונ׳ם הונד, וואו עס איז געווען אן אפען ברעט, האט ער פארשטאפט מיט א צודעק פון א פערד: דער הונד איז געווארען זארגפעלטיג אנגעבונדען אן דער קייט.

דאס רויטע זעפבען האט דער זיידע געלאזט אין הויז. איהר האט ער געהייסען, אז זי זאל אויסשווענקען דעם גרויסען זיל־בערנעם באקאל, אויף וועלכען עס זענען געווען אפגעמאהלען די ים־געטער מיט זייערע דעלפינען און מושל טראמפייטען, און איהם אוועקשטעלען אויף דעם דערמאנטען שטייענרנעם טיש — דערנאך האט ער שטרענג צוגעגעבען, זאל זי זיך תכף פארנעמען אין איהר שלאף־צימער און זיך לייגען שלאפען.

דעם נעפטונס־באקאל האט דאס רויטע זעפבען אויסגע־שווענקט אזוי ווי מען האט זי געהייסען און איהם אוועקגע־שטעלט אויף דעם שטיינערנעם טיש לעבען די וויין פלעשער, אבער אין בעט אריין איז זי ניט געגאנגען און געטריבען פון נייגעריקייט, האט זי זיך באהאלטען הינטער א קוסט, ניט ווייט פון דעם דעמב, וואו זי האט אפילו ווייניג וואס געקענט הערען, דערפאר האט זי אבער געקענט זעהן אלץ, וואס איז פארגעקומען.

די פרעמדע מענער מיט׳ן זיידען פאראוים זענען פייערליך ארויסגעקומען פארוויז, און האבען זיך אויסגעזעצט אויף הויכע הילצערנע קלעצלעך אין א האלבען קרייז ארום דעם שטיינערנעם טיש, וואו עס זענען געווארען אנגעצונדען די קיענעלעך. וועל־כע האבען אזוי שוידערליך באלויכטען זייערע ערנסטע, שטיינהאר־טע פנים׳ער.

א לאנגע צייט זענען זיי געזעסען שווייגענדיג, אדער בעסער געזאגט אין זיך אריינמורמעלנדיג, אפשר בעטענדיג. דערנאך האט דער זיידע אנגעגאסען דעם כוס פול מיט וויין, וואס יעדער האט אויסגעטרונקען און דערנאך איהם דערלאנגט מיט ניי אנגעגאסע־נעם וויין צו זיין שכן: נאך יעדען טרונק האט מען זיך אויף האר־ציג געשאקעלט די הענד.

ענדליך האט דער זיידע געהאלטען א רעדע, פון וועלכער דאס זעפבען האט ווייניג וואס געקענט הערען און גארניט פארשטא־נען, און וועלכע האט אבער הפנים באהאנדעלט טרויעריגע געגענ־

שטאנדען, ווייל פון דעם אלטען מאנס אויגען האבען ארונטערגע־רונען גרויסע טרעהרען, און אויך די אנדערע אלטע לייט האבען אנגעהויבען ביטער צו וויינען. דאס איז געווען א שרעקליך בילד צו קוקען. ווארים אט די לייט זעהען דאך געוועהנליך אויס אזוי הארט און פון ווינד אויסגעטשוויקט, ווי די גרויע שטיינערנע פיגורען פאר דעם טויער פון א קירך — און איצטער האבען זיך די טרעהרען א לאז געטאן פון אט די שטארע, שטיינערנע אויגען און זיי האבען געוויינט ווי קינדער.

די לבנה האט דערביי צוגעקוקט אזוי מעלאנכאליש פון זיינע געבעל־שלייערען אויף דעם הימעל אהן שטערען. אז דער קליינער צוקוקערין איז דאס הארץ שיער אויסגעגאנגען פאר רחמנות. באזונדערס האט זי געריהרט דער צער פון א קלייניגקען זקן, וואס האט געוויינט שטארקער ווי אלע אנדערע, און ער האט געיאמערט אזוי הויך, אז זי האט גאנץ גוט פארנומען עטליכע פון זיינע ווערטער — ער האט אלץ אין איינעם אויסגערופען: „אוי גאט! אוי גאט! דאס אומגליק דויערט שוין צו לאנג, דאס קען א מענשליכע נשמה שוין מעהר ניט אריבערטראגען, אוי גאט! דו ביזט אומגערעכט, יא, אומגערעכט.“ — ווי עס האט אויסגעזעהן איז זיינע חברים קוים מיט צרות געלונגען איהם איינצושטילען.

ענדליך האבען די פארזאמעלטע זיך אויפגעהויבען פון זייערע ערטער, האבען אויסגעטאן זייערע רויטע מאנטלען, און האלטענדיג יעדער זיין תליונישען שווערד אונטער דעם ארעם, האבען זיי זיך פארוויז געלאזט געהן צו א בוים, וואו עס איז שוין געשטאנען אנגעגרייט אן אייזערנער רידעל, און מיט דעם דאזיגען רידעל האט איינער פון זיי אין א פאר מינוטען אויסגעגראבען א טיעפען קבר. איצטער איז צוגעגאנגען זעפכענס זיידע, וועלכער האט דעם רויטען מאנטעל ניט אויסגעטאן ווי די אנדערע, און פון הינטער דעם מאנטעל האט ער אפיר גענומען א ווייס פעקיל, וואס איז געווען זעהר שמאל, אבער זיכער אריבער א בראבאנטער אייל לאנג און איז געווען ארומגעוויקעלט מיט א ליילעך; דאס פעקיל האט ער ציטערדיג אריינגעלעגט אין אפענעם קבר, וועלכען ער האט מיט גרוים שנעליקייט צוריק פארשאטען.

דאס ארימע זעפכען האט אין איהר באהעלטעניש שוין לענ־גער ניט געקענט אויסהאלטען; ביי דעם אנבליק פון יענעם געהיימ־ניספולען באגרעבעניש האבען זיך איהר די האר געשטעלט קא־פויר. א פחד האט דעם ארימען קינד פארטריבען פון דארטען. איז זי אנטלאפען אין איהר שלאף־צימעריל אריין; זיך דארטען בא־האלטען אונטער דער דעק און איז איינגעשלאפען.

אויך צו מארגענס אין דער פריה איז זעפכען אלץ פארגע־קומען ווי א חלום. נאר אזוי ווי זי האט געזעהן אז אונטער דעם באקאנטען בוים איז די ערד געוועזן פריש אויסגעשאטען, האט זי געוואוסט אז אלץ איז פארגעקומען אויפ'ן וואהר. א לאנגע צייט האט זי געוואלט דערגעהן, וואס דארטען האט געקענט באגראבען ווערן: א קינד? א חיה? צי אן אוצר? — זי האט אבער קיינעם ניט געזאגט א ווארט פון דעם, וואס איז פארגעקומען יענע נאכט און אזוי ווי די יאהרען זיינען פארגאנגען איז איהר דאס ארויס פון זכרון.

ערשט פינף יאהר שפעטער, ווען דער זיידע איז געשטארבען און ס'איז אנגעקומען די געכנערין, כדי צוצונעמען דאס מיידעל קיין דיפעלדארף, האט דאס מיידעל זיך געוואגט צו עפענען איהר הארץ פאר דער מוהמע. די מוהמע אבער איז פון אט דער מאד־נער געשיכטע ניט געוועזן דערשראקען און ניט פארוואונדערט, נאר זעהר דערפרעהט, און זי האט געזאגט, אז אין דעם קבר ליגט ניט פארבארגען ניט קיין קינד, ניט קיין קאץ און אויך ניט קיין אוצר. נאר זיכער דעם אלטענס אלטע תליונ'ישע שווערד, מיט וועל־כער ער האט הונדערטער זינדיגע אפגעהאקט די קעפ. נו איז אבער פאראן א מנהג ביי די תליונים, אז א שווערד מיט וועל־כער מען האט הונדערט מאל אויסגעפיהרט די פיינליכע פליכט, טאר מען לענגער ניט האלטען און ניט באנוצען; ווארים אזא תליונ'ישע שווערד איז ניט ווי אנדערע שווערדען. מיט דער צייט האט זי באקומען א געהיים באוואוסטזיין און צום סוף מוז עס קריגען רוה אין קבר פונקט ווי א מענש.

א סך מיינען אויך, אז אזעלכענע שווערדען ווערען סוף כל סוף דורך דעם וואס זיי פארגיסען א סך בלוט אליי גרויזאם און זיי

לעבצען נאָך בלוט און אָפּטמאָל אין מיטען דער נאַכט קען מען דייט־ליך הערען ווי זיין ווערען ליידענשאפטליך אין שראנק וואו זיי הענגען און רודערן ארום. יא, אנדערע ווערען אזוי ביטרע און אזוי שלעכט אין גאַנצען ווי אַז אונזעריגער, און פיהרען איבער דעם אומגליקליכען, וואָס האַלט זיי אין האנד, אזוי אז ער פארוואונ־דערט דערמיט זיינע בעסטע פריינד. אויף אזא אופן האָט אמאָל אין דער געבנעריגס משפחה איין ברודער דערשטאָכען דעם צווייטען מיט אזא שווערד.

די געבנערין האָט אויך מודה געווען ,אז מיט אזא הונדערט־מאָרד שווערד קען מען ארויסברענגען די טייערסטע כשפים, און נאָך אין דער זעלביגער נאַכט האָט זי זיך געאיילט אויף צו גראָ־בען די באַגראבענע שווערד, און זינט דעמאָלט האלט זי זי לעבען אַנדערע צויבער כלים אין דער קאמער פון אלטווארג.

ווען זי איז אמאָל ניט געווען אין דער היים, האָב איך געבעטען זעפכען, זי זאָל מיר ווייזען יענע קוריאָזיטעט. זי האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטען, איז אריין אין יענער קאמער, און איז באלד צוריק געקומען מיט אַן אומגעהייערער שווערד, מיט וועלכער זי האָט טראָץ איהרע איידעלע אָרעמס, זעהר קרעפטיג געפאָכעט, און דערביי האָט זי שאלקהאפט סטראשענדיג געזונגען די ווערטער:

„ווילסטו קושען די בלאַנקע שווערד,
וואָס דער ליעבער גאָט באַשערט?“

איך האָב אויף דארויף געענטפערט מיט דעמזעלביגען טאָן: „איך וויל ניט קושען די בלאנקע שווערד — איך וויל קושען דאָס רויטע זעפכען!“ און אזוי ווי אוים מורא, זי קען מיך נאָך פאַר־וואונדען מיט דעם פאַטאַלען שטאָהל, האָט זי זיך ניט געקענט ווערען אקעגען מיר, האָט זי עם געמוזט לאָזען געשעהן. און מיט גרויס הארציגקייט האָב איך ארומגענומען די פיינע היפטען און האָב געקושט די טראָציגע ליפּען. יאָ, אויף צו להכעיס דער תליונישער שווערד, מיט וועלכען הונדערט אָרימע חברהלייט זע־נען שוין געקעפּט געוואָרען און אויף צו להכעיס דעם בזיון (אינ־פאמיא) וואָס רוהט אויף יעדען, וועלכער ריהרט זיך נאָר צו צו

דער ניט ערליכער משפחה, האב איך געקושט אט די שענע טאכ־
טער פון א תליון.

איך האב זי געקושט ניט בלויז אויס צערטליכער נייגונג, נאר אויך אויס שפאט אקעגען דער אלטער געזעלשאפט און אלע איהרע פינסטערע פאראורטיילען. און אין דעם אויגענבליק האבען זיך אין מיר אנגעצונדען די ערשטע פלאמען פון יענע צוויי ליי־דענשאפטען, צו וועלכען מיין שפעטערדיג לעבען איז געבליבען געווידמעט; די ליעבע צו שענע פרויען און די ליעבע צו דער פראנ־צויזישער רעוואלוציאן דעם מאדערנעם furor francese פון וועלכער איך בין אויך געוועזן אנגעגריפען אין קאמף מיט די לאנדקנעכט פון מיטעלאלטער.

איך וויל מיין ליעבע צו יאזעפא ניט מעהר באשרייבען. אזוי פיעל וויל איך זיך אבער מגלה זיין, אז זי איז נאר געווען א פרעלודיום, וואס איז געגאנגען פאראויס די גרויסע טראגעדיען פון מיין רייפערען פעריאד. אזוי האט אויך ראמעא פריהער גע־שווערמט פון ראזאלינדע'ן, איידער ער האט דערזעהן זיין יולא.

אין דער ליעבע איז פאראן, פונקט ווי אין די רוימיש־קאטוי־לישע רעליגיאן, א פראוויזאריש רייניגונגס פייער, אין וועלכען מען דארף זיך פריהער צוגעוועהנען צום בראטען זיך, איידער מען קומט אן אין אייביגען גיהנום.

גיהנום? דארף מען די ליעבע דערמאנען אין איינעם מיט דעם גהינום? נו, אויב איהר ווילט וועל איך זי אויך פארגליי־כען מיט'ן הימעל. ליידער קען מען אין דער ליעבע קיינמאל ניט גענוי אויסגעפינען, מיט וואס זי האט מעהר עהנליכקייט מיט'ן גיהנום צי מיט'ן הימעל. פונקט אזוי ווי מען ווייס אויך ניט, צי די מלאכים, וואס מיר באגעגנען אין דער ליעבע, זענען ניט אין דער אמת'ן פארשטעלטע טייוואלים, אדער צו די טייוואלים קענען דארטען ניט זיין אמאל פארשטעלטע מלאכים.

אויפריכטיג געזאגט: וואס פאר א שרעקליכע קראנקהייט איז די ליעבע צו פרויען! דא העלפט ניט קיין געגען גיפט, ווי מיר הא־

בען ליידער געזעהן.*) זעהר קלוגע און ערפאהרענע דאָקטוירים ראטען מען זאָל בייטען דאָס אָרט, און זיי מיינען אז ווען מען דערווייטערט זיך פון דער צויבערין ווערט אויך צוגענומען דער כשוף.

דאָס פּרינציפּ פון האָמאָפּאטיע וואו די פרוי היילט אונז פון דער פרוי איז אפשר דאָס זיכערסטע.

אזוי פיעל וועסטו האָבען באמערקט, טייערער לעזער, אז די אינאָקולאציאָן געגען דער ליעבע, וואָס מיין מאמע האָט גע־פּרואווט אין מיין קינדהייט, האָט ניט געהאט קיין גינסטיגען ער־פאָלג. עס איז געוואָרען אָנגעשריעבען, אז פון דעם גרויסען אי־בעל, דאָס קלאָפּען פון הארץ, זאָל איך פארזוכען מעהר ווי אלע אנדערע שטערבליכע. און מיין הארץ איז רייך מיט איהרע שפּו־רען, אזוי אז עס זעהט אפילו אוים ווי די גיפּס מאסקע פון מיראבאָ, אָדער ווי די פאסאדע פון דעם פאלעי מאזארין נאָך די גלאָר־רייכע יולי־טעג אָדער גאָר ווי די רעפּוטאציאָן פון דער גרעסטער טראגישער קינסטלערין.

איז גאָר ניטאָ קיין רפואה אקעגען דער פאטאלער קראנק־הייט? דאָ ניט לאנג האָט זיך אויסגעדריקט א פּסיכאָלאָג, אז מען קען זי באוועלטיגען, ווען מען ווענדט אָן עטליכע פאסיגע מיטלען גלייך ביים אָנהויב. די דאָזיגע פארשריפט דערמאָנט אין יענעם גע־בעט בוך, וואו עס געפינען זיך תפלות פאר אלע אומגליקס־פאלען, וואָס ליערען אויף דעם מענשען, און צווישען אנדערע ענטהאלט דאָס בוך אויך א תפלה פון מעהערע זייטען, וואָס איז געמאכט געוואָרען פאר א דאך־באשלאָגער, ער זאָל זי זאָגען אזוי שנעל ווי ער דערפיהלט, אז איהם הויבט אָן צו שווינדלען און ער איז אין געפאהר ארונטער צו פאלען פון דאך.

פּונקט אזוי נאָריש איז אויך ווען מען ראָט איינעם, וואָס איז קראנק פון ליעבע, אז ער זאָל אנטלויפען פון זיין געליעבטערס אָנבליק און זוכען זיין רפואה אין דער איינזאמקייט אויף דער

---

*) דאָס באציהט זיך אויף אַ שטעלע, וואָס איז פארניכטעט גע־וואָרען אין די ערשטע בלעטער פון היינע'ס ברודער מאַקסימיליאן.

ברוסט פון דער נאַטור. אַך, אין דער דאָזיגער גרינער ברוסט וועט ער נאָר געפינען לאַנגווייליגקייט. און עס וואָלט געוועזן ראַט־זאַמער, אַז ער, ווען זיין ענערגיע איז נאָך ניט אויסגעלאָשען, זאָל בעסער זוכען אויף גאַנץ אַנדערע, זעהר ווייסע בריסט, ניט רוה, נאָר היילזאַמע אונרוה; וואָרים דאָס ווירקזאַמסטע געגענגיפט אַקעגען די ווייבער זענען די ווייבער; אודאי הייסט עס פאַרטריי־בען דעם שטן דורך זיין שוויגער, און ביי אַזא פאַל איז אַפט די מעדיצין נאָך שעדליכער ווי די קראַנקהייט. אבער עס איז תמיד א שאַנס, און אין די טרייסטלאָזע צושטאַנדען פון דער ליעבע איז דער אומבייט פון דער געליעבטער זיכער דאָס ראַטזאַמסטע. און מיין פאַטער וואָלט געוויס אויך דאַ געזאָגט: איצטער מוז מען אויפשטעלען א ניי פעסעלע.

יא, לאָמיר זיך צוריקקעהרען צו מיין ליעבען פאַטער, פאַר וועמען עפּיס אַן אַלטע גוטע ווייבערשע נשמה האָט דערצעהלט ווע־גען מיינע באַזוכען ביי דער געכנערין און וועגען מיין נייגונג צו דעם רויטען זעפכען. די דאָזיגע מסירות האָבען פון דעסטוועגען נאָר געפיהרט דערצו, אַז זיי האָבען געגעבען מיין טאַטען א געלעגענהייט אַרויס צו ווייזען זיין ליעבענסווירדיגע העפליכ־קייט. וואָרים זעפכען האָט מיר באַלד דערצעהלט, אַז א זעהר פאַרנעהמער געפּוצטער מאַן, וואָס איז געגאַנגען מיט אַן אַנדערן, האָט זי באַגעגענט אויף'ן שפּאַציער, און ווען זיין באַגלייטער האָט איהם שטיל איינגערוימט עטליכע ווערטער, האָט ער זי פריינדליך אָנגעקוקט און ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט ער זי געגריסט און אַרונטער גענומען דעם הוט.

וועדליג איהר גענויער באַשרייבונג, האָב איך אין דעם גריסענדיגען מאַן דערקענט מיין ליעבען, גוטען טאַטען.

ער האָט אבער ניט אַרויסגעוויזען די זעלביגע רוהיקייט ווען מען האָט איהם דערצעהלט פון עטליכע אַפּיקורסישע באַמערקונגען, וואָס האָבען זיך אַרויסגעגליטשט פון מיין מויל. מען האָט מיך פאַר־קלאָגט, אַז איך לייקען אין גאָט און מיין טאַטע האָט פאַר מיר גע־האַלטען א מוסר דרשה, די לענגסטע, וואָס ער האָט ווען געהאַל־טען, און זי איז געגאַנגען אונגעפעהר אַזוי: „ליעבער זוהן! דיין

מאַמע לאַזט דיך ביים רעקטאָר שאַלמאַיער שטודירען פילאָזאָפיע. דאָס איז זיך איהר זאַך. איך פון מיין זייט האָב ניט ליעב די פילאָזאָפיע. וואָרים זי איז פול מיט אבערגלויבען, און איך בין א סוחר און דאַרף מיין קאָפּ האָבען פאַר מיין געשעפט. דו קענסט דיר זיין א פילאָזאָף, אַזוי פיעל וויפיעל דו ווילסט, אבער איך בעט דיך, זאָג ניט עפּענטליך, וואָס דו דענקסט. וואָרים דו ועסט מיר שעדיגען די געשעפטען, ווען מיינע קונים וועלען זיך דערוויסען אַז איך האָב א זוהן, וואָס גלויבט ניט אין גאָט; באַזונדערס וועלען די אידען ניט וועלען מעהר קויפען ביי מיר קיין וועלוועטין, און זיי זענען עהרליכע לייט, צאָהלען אין דער צייט, און האָבען אויך א רעכט צו האַלטען פון רעליגיאָן. איך בין דיין טאַטע און דערפאַר על־טער פאַר דיר און דערפאַר אויך ערפאַהרענדער; דו דאַרפסט מיר דאַ־ריבער גלויבען אויפ׳ן וואָרט, ווען איך ערלויב מיר דיר צו זאָגען, אַז דער אַטהעאיזם איז א גרויסע זינד.“

# באמערקונגען.

## מעמוארען.

זייט 5 מיין טייערע דאמע: מען רעכענט, אַז די דאמע איז די בעקאַנטע „לא מוש" — אַ דייטש־פראנצויזישע פרוי אין וועלכער הייגע האָט זיך לײדענשאפטליך פערליעבט, אַ יאָהר פאר זיין טוידט, ווען ער איז געלעגען אַ קראנקער אויף זיין „מאַטראַצען־קבר". די בעסטע פון זיינע לעצטע שירים זענען איהר געווידמעט. אַנדערע גלויבען, אַז הייגע האָט האָט דאָ געמיינט די פּרינצעסין בעלדזאָיאָזאָ, וועלכע פלעגט בעזוכען דעם טויט־קראנקען דיכטער.

" 7 — — — —: אויף דעם פּלאץ פעהל'ט אַ טייל פון די מעמוארען, וועלכער איז פערניכטעט געוואָרען פון הייגע'ס ברודער מאקסימיליאן.

" 9 ''Art oratoire,, — די רעדנער־קונסט.

" " ''Art poetique,, — די קונסט פון פּאָעזיע.

" " L'art de peindre par les images — די קונסט צו מאָלען אין בילדער.

" " באַשע: דער בעריהמטער אין זיין צייט קונסט־טעאָרעטיקער (עסטעט).

" " קלאָפּשטאָק: דער בעדייטענסטער דייטשער שריפטשטעלער פון דער געטע'אישער פּעריאָדע, זיין גרעסט ווערק איז „משיח" וועגען וועלכען הייגע רעדט דאָ.

" 12 ''Apprenti milionaire,,— אַ לעהרען־אינגעל ביי אַ מיליאָנער.

" 14 מאקעלדעי און וועלקער: בעקאַנטע יוריסטען.

" " קארפּוס יורים: רוימישער געזעץ־בוך.

" 19 De l'allemage — דייטשלאנד.

" 22 טראַכטען: גריכישע פערז־פאָרם.

# אינהאלט: